# אינהאַלט:

זייט

# אַ פּאָר ווערטער פון יובילײ־קאָמיטעט

מיט אַ יאָר צוריק איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיטעט צו פּייערן דעם 60־יאָריקן יובילײ פון נ. כאַנין. דער קאָמיטעט איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן פון פירער פון דער יידישער סאָציאַליסטישער, קולטור־ און טרייד־יוניאָן־באַוועגונג.

פאַר די 45 יאָר אומדערמידלעכער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט און קאַמף פאַר די אידעאַלן פון פרייהייט און סאָציאַליזם, פאַר זיין גרויסן ביישטייער דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג האָט נ. כאַנין פאַרדינט אַ ווירדיקע פייערונג — איז געווען דער באַשלוס פון קאָמיטעט.

דער ערשטער טייל פון דער פייערונג איז דורכגעפירט געוואָרן אין דער פאָרם פון אַ גרויסער פאָלקס־פאַרזאַמלונג אין טאַון־האָל, אין ניו־יאָרק, ווי אויך דורך פאַרזאַמלונגען אין אַ ריי אַנדערע שטעט. הונדערטער באַגריסונגען פון אָרגאַניזאַציעס און יחידים אין אַמעריקע און אַנדערע לענדער האָבן געבראַכט צום אויסדרוק די ליבע און אָנערקענונג פאַרן יובילאַר.

איצט האָבן מיר פאַר זיך דעם צווייטן טייל פון יובילײ־פּראָגראַם — אַ בוך געווידמעט דעם יובילאַר און דער באַוועגונג, אין וועלכער ער ווירקט. דער קאָמיטעט האָט פאַר דעם צוועק אויסגעטיילט אַ רעדאַקציע־קאָמיסיע, אין וועלכער עס זיינען אַריין: ר. אַבראַמאָוויטש, ד. איינהאָרן, מ. אַשעראָוויטש, ב. געבינער, י. ש. הערץ, י. לעווין־שאַצקעס און ש. מענדעלסאָן.

אַחוץ די אַרטיקלען און ליטעראַרישע שאַפונגען געפינט זיך אין בוך אַ גרויסע צאָל באַגריסונגען. די הכנסה פון די באַגריסונגען וועט נ. כאַנין אַוועקגעבן צו פאַרשידענע אינסטיטוציעס און צווייגן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אויף דער און יענער זייט ים, מיט וועלכע ער איז פאַרבונדן.

מיר דריקן דאָ אויס אונזער האַרציקן דאַנק אַלע אָרגאַניזאַציעס און יחידים, וועלכע האָבן זיך אַזוי וואַרעם אָפּגערופן אויף אונזערע ווענדונגען און אונז לייכט געמאַכט דורכפירן אונזער אויפגאַבע.

נ. כאַנין־יובילײ־קאָמיטעט

# ג. כאַנין־יובילײ־קאָמיטעט

---

אב. קאַהאַן, ערן־פּאָרזיצער
א. העלד, פּאָרזיצער
פּ. בלאַק, װיצע־פּאָרזיצער
ר. גוסקין, װיצע־פּאָרזיצער
י. לעװין־שאַצקעס, װיצע־פּאָרזיצער
**ב. געבינער, סעקרעטאַר**
**י. באַסקין, קאַסירער**
ה. מילער, עקזעקוטיװ־סעקרעטאַר

אַבראַמאָװיטש, ר.
אײנהאָרן, דוד
אשעראָװיטש, מ.
אַש, ראָוז
אשפּיז, מ. י.
באַגנאָ, מ.
בלאַק, ראובֿן
ברעסלאװ, דזש.
באָרנשטײן, י.
ביאַלאָסטאָצקי, י. ב.
בערגער, סעם
געלפּאַרט, ל.
גלאַנץ, א.
גאָלדבערג, י. ה.
גאַפּט, מ.
גאָלד, י.
דובינסקי, דײװױד
דינערשטײן, ל.
דאָרפּמאַן, דזשאָן
הילמאַן, י.
האָכמאַן, י.
האָלענדער, לואיס
הערשקאָװיטש, ס.
העלער, י. י.
װאָלפּערט, װ.
װאַנדער, הערי
װײנשטײן, מ.
װײנבערג, י.
װאָלטשאָק, ס.
זימערמאַן, טשאַרלס
זאַריצקי, מאַקס

זענזינאָװ
חײט, נ.
טשערנאָװ, װיקטאָר
טאַבאַטשינסקי, ב.
טיגעל, י.
טואױם, דזשאָן
טרונק, י. י.
יעפּרויקין, ז.
יוד, נחום
ישורין, י.
ליע, אַלדזשערנאָן
לואיס, מאַרקוס
לעװיטאַס, ש.
לאַנג, הערי
לאַנגער, ל.
לעװענטהאָל, דזשאָן
מאַני לײב
מענדעלסאָן, ש.
מילער, אב.
מענעס, א. ד״ר
מינקאָװ, י.
מינקאָװ, נחום
מינקאָװ, נאַטאַניעל
מײער, דוד
מיל, דזשאָן
נאַקס, ע. ד״ר
ניגער, ש.
נאָװאָגרודסקי, ע.
נאָװאַק, ה.
נאַגלער, י.
ניסענאָװיץ, דניאל

סאָלאָװיאָף, אב.
עבעריל, י.
פאָגעלמאַן, ל. ד״ר
פישער, הערי
פראַנק, ד״ר
פאָרטנאָי, דזשאָן
פײנבערג, ישראל
פאַט, י.
פופקאָ, ח.
פאָלעקמאַן, מ.
צוקערמאַן, ראובֿן
צביון, ב.
קרײנדלער, טשאַרלס
קאַהאַן, אַלעקסאַנדער
קלעסענס, א.
קורסקי, פראַנץ
קלאַט, אב.
קאַפּלאַן, ב.
קאַמינסקי, י.
קרישטאָל, ל.
ראָגאָף, ה.
ראַקאָלין, מ. ד״ר
רובינשטײן, י.
ראָבערטס, י.
רײנליב, ס.
רײס, לואיס
שיפמאַן, י.
שוב, דוד
שעפנער, ב.
שװאַרצמאַן, א.
שװעבער, שרה

## י. ש. הערץ

# נחום כאַנין — זיין וועג אין לעבן

### 1. קינדהייט

נחום כאַנין איז געבוירן געוואָרן אין שטעטל כאַלאָפּעניטש, באָריסאָווער אויעזד, מינסקער גובערניע.

די געווייע געבורטס־דאַטע איז איצט שווער פעסטצושטעלן. ווי דער שטייגער איז געווען ביי אָרעמע יידן אין אַמאָליקן רוסלאַנד, האָבן אויך כאַנינס עלטערן פאַרנאַכלעסיקט דאָס מאַכן אַ געבורט־מעטריקע. דער טאַטע האָט געפירט אַן אייגענעם מעטריקע־בוך — אין אַ תהילימל האָט ער פאַרשריבן ווען זיינע קינדער זיינען געקומען אויף דער וועלט. נאָר מיט דעם תהילימל איז געשען אַ מכשול — אויפן וועג קיין אַמעריקע איז עס ווי אין ים אַריין פאַרפאַלן געוואָרן. איז געבליבן בלויז דער זכרון פון דער מאַמען און זי האָט געדענקט, אַז איר צווייט קינד נחום איז געבוירן געוואָרן „צום פינפטן ליכטל חנוכה", אין יאָר 1885. און אויב די מאַמעס זכרון האָט ניט פאַרפירט, איז, הייסט עס, נחום כאַנין געבוירן געוואָרן דעם 8 דעצעמבער 1885.

דאָס געבורט־שטעטל כאַלאָפּעניטש האָט זיך מיט קיין שום זאַך ניט אויסגעצייכנט, סיידן מיט דער גרויסער אָרעמקייט. דער יידישער ישוב איז דאָרט ניט געווען קיין אַלטער. יידן האָבן זיך אָנגעהויבן באַזעצן אין דעם שטעטל ערשט ביים סוף פון 18טן יאָרהונדערט, פאַר דער צעטיילונג פון פוילן, ווען די גאַנצע געגנט איז אַריבער צו רוסלאַנד.

די יידן זיינען כמעט אַלע געווען אביונים און געלעבט אין גרויסער דחקות. די געציילטע פּאָר גבירים האָבן זיך פאַרנומען מיט אויפקויפן פלאַקס אין די אַרומיקע דערפער און עס אַוועקשיקן צו ווייטע אָפּנעמער. דער הונגער איז געווען אַ תושב אין כמעט אַלע שטובן. צוליב דעם איז דאָס שטעטל ניט געוואַקסן. בעת דער ציילונג אין יאָר 1847 זיינען אין כאַלאָפּעניטש געווען 1,224 יידישע נפשות, מיט 50 יאָר

שפּעטער, בעת דער ציילונג פון יאָר 1897 — 1,343. במשך פון אַ האַלבן יאָרהונדערט האָט די פאַרמערונג פון יידישן ישוב באַטראָפן קוים 10 פּראָצענט. אין דער זעלבער צייט איז די יידישע באַפעלקערונג אין גאַנצן באָריסאָווער אויעזד געשטיגן פון 8,428 אויף 26,822 — דאָס הייסט מער ווי אויף דריי מאָל אַזוי פיל. און אין דער גאַנצער מינסקער גובערניע איז פאַר דער צייט די צאָל יידן געשטיגן פון 87,633 אויף איבער 345 טויזנט, וואָס מאַכט אויס אַ פאַרגרעסערונג פון קנאַפּע פיר מאָל אַזוי פיל.

כאָלאָפּעניטש האָט נישט געהאַט קיין קוואַלן פון פּרנסה און דעריבער האָט דער יידישער ישוב ניט געקענט מיטמאַכן דעם ראַ־שיקן וואוקס פון דער יידישער באַפעלקערונג אין די שכנישע מקומות. צווישן די אָרעמע יידישע שטעטלעך פון מינסקער גובערניע האָט כאָלאָפּעניטש פּרעטענדירט אויף דער קרוין. און צווישן די אָרעמסטע פון די אָרעמע אין דעם אביונישן קעניגרייך האָט כאַנינס משפּחה געקענט שטיין אין דער פאָדערשטער ריי.

זיינען דעריבער נחומס קינדער־יאָרן געווען זייער שווערע און פּיינלעכע. קיינמאָל איז דער מאָגן ניט געווען געזעטיקט, קיינמאָל ווינטער־צייט איז דער גוף ניט געווען אָנגעוואָרעמט. די שטוב — אַ ניט־באַהייצטע. און אין גאַס האָט דער קינדערשער גוף, אין קעלט און נאַסקייט, געציטערט, ווייל ער האָט ניט געהאַט קיין וואַרעמען מלבוש אויף זיך. ווען דער קליינער נחום האָט שוין אָנגעהויבן גיין אין חדר, האָט אים ווינטער־צייט דער פאָטער געטראָגן אויף די הענט, איינגעטוליעט אין זיין פּעלצל. פאַרן קינד איז ווינטער־צייט דער חדר געווען אַ פריידּ, ווייל דאָרט איז געווען געהייצט און מ׳האָט געקאָנט דערוואַרעמען די קאַלטע גלידער.

קינדווייז איז נחום געווען אָרומגערינגלט מיט נויט, פרומקייט און אַרבעט. דאָס איז געווען דער לעבנס־אינהאַלט פון זיין משפּחה.

דער זיידע פון טאַטנס צד, שמואל בער, איז געווען אַ בעל־מלאכה, אַ מוליער, אָבער אַ ייד אַ פרומער, אַ מתנגד. ער האָט שווער געהאָ־רעוועט אויף דער אָרעמער חיונה. אַ גאַנצע וואָך האָט דער זיידע געאַרבעט פאַר די פּויערים אין די שכנישע דערפער. אויף שבת איז ער אַהיימגעקומען אין שטעטל. די יידן פון שטעטל האָבן געהאַלטן

פון שמואל בערן, געפילט צו אים אַ דרך־ארץ. דער זיידע איז געווען אַ ייד אַ קלוגער און אַ שווייגער. האָט ער שוין יאָ עפּעס געזאָגט, איז עס געווען שכלדיק. איז אימיצער געווען אין אַ צרה, איז מען געקומען צו אים נאָך אַן עצה און מ׳האָט אים געפאָלגט.

די באָבע, נחמה, איז געווען אַ סך פרומער פאַרן זיידן, הגם זי האָט אַפילו דאַווענען פון סידור ניט געקענט. פון דער נאַטור איז זי געווען זייער אַ גוטע. און כאָטש זי האָט אַליין ווייניק געהאַט, איז זי תמיד געווען גרייט אַוועקצוגעבן דאָס לעצטע אַ צווייטן, ווען יענער האָט זיך אין עפּעס גענויטיקט.

די זיידע־באָבע פון מאַמעס צד זיינען געווען ענלעך מיט זייער גרויסער אָרעמקייט אָבער שוין אַנדערש מיט זייער סאָציאַלן מעמד. דער זיידע איז געווען אַ מלמד. אין דירעקטער באַרירונג מיט זיי איז דאָס אייניקל נישט געקומען, ווייל זיי זיינען נאָך געשטאָרבן פאַר זיין געבורט.

דער פאָטער פון נחום כאַנין, יוסף חיים, איז געווען אַ בעל־מלאכה, אַ מוליער בן מוליער. קיין עם־הארץ איז ער ניט געווען, הגם דאָס שטעטל האָט בכלל ניט געשמט מיט למדנים. ביז 13 יאָר האָט דער פאָטער געלערנט אין חדר און ווען ער איז געוואָרן בר־מצווה, האָט אים דער זיידע צוגענומען צו דער אַרבעט, צו דער זעלבער מלאכה, ביי וועלכער ער אַליין איז געווען באַשעפטיקט כל־ימיו. דעם טאַטן איז אָבער ניט באַשערט געווען צו בלייבן אַ מוליער. און געשען איז עס צוליב אַ צופאַל. געאַרבעט האָט מען נאָך דעמאָלט אויף אַ זייער פרימיטיוון אופן — אַזוי ווי אונזערע אור־זיידעס אין מצרים — מ׳האָט דעם ליים געקנעטן מיט די פיס. טאָפּטשענדיק דעם ליים מיט די נאַקעטע פיס, האָט ער איינמאָל זיך געטאָן אַ שטאָך און איז דערפון געוואָרן זייער קראַנק. אויף דעם פאַרשטאָכענעם פוס האָט ער שוין געליטן דעם גאַנצן לעבן. מחמת דעם האָט ער קיין מוליער ניט געקענט פאַרבלייבן און דאָס האָט געענדערט דעם ווייטערדיקן גאַנג פון זיין לעבן.

דער זיידע האָט זיין פאַראומגליקטן בכור געמאַכט פאַר אַ שוס־טער. אין דער מוליערישער טראַדיציע פון דער משפחה איז די שוס־טעריי געווען, ווי אַ פרעמדער, קינסטלעך צוגעטשעפּעטער אבר. יוסף

חיים האָט זיך ניט געפילט גוט אין נייעם פאַך און ניט פאַרמאָגט קיין ליבע צו דער דאָזיקער אַרבעט. דעריבער איז ער קיין גוטער בעל־מלאכה קיינמאָל ניט געוואָרן און גענוג חיונה פון שוסטעריי ניט געקענט ציען.

ווען ער האָט חתונה געהאַט, האָט ער געמוזט קלערן וועגן נאָך אַ צווייטער פּרנסה. די צוויי פּרנסות זיינען געווען איינגעטיילט לויט די צייטן פון יאָר. ווינטער — שוסטעריי, זומער — אָפּדינגען סעדער. די עפּל פון די געדונגענע סעדער פלעגט דער פּאַטער פאַרקויפן אין שטעטל אָדער שיקן קיין מאָסקווע צו אָפּנעמער. אַזוי איז געווען לאַנגע יאָרן. ווינטער — אויפן שוסטער־בענקל אין ענגן שטיבל אין שטעטל, זומער — מיט ווייב און קינדער ווייט ערגעץ אין אַ דאָרף, אויף דער פרייער לופט אין אַ שמעקעדיקן סאַד.

זומער־צייט האָבן די קינדער זיך געפילט גליקלעך. אין חודש מאַי פלעגט דער טאַטע קויפן אַ פערד און וואָגן און די גאַנצע משפחה אַוועקפירן אין סאַד אַריין. דאָס אייגענע פערד און וועגעלע, די נסיעה דורך פעלדער און וועלדער און דערנאָך די טעג און נעכט אין סאַד — דאָס אַלץ איז געווען אַ ליכטיקער קאָנטראַסט צום מאָנאָטאָנעם לעבן אין פאַרחושכטן שטעטל.

די משפחה איז געשלאָפן אין סאַד, אויף דער ערד, אין אַ ביידל פון שטרוי. עסן איז געווען צו דער זעט — בעיקר קאַרטאָפל און מילכיקס, וואָס מ׳האָט באַקומען ביים פּריץ. באַזונדערס הנאה פון זומערדיקן לעבן האָבן געהאַט די קינדער. גאַנצע טעג זיינען זיי אַרומגעלאָפן אין סאַד גליקלעכע, צעשטראַלטע און זיך געפילט גוט אין דער שמעקעדיקער לופט און זונען־שיין.

גיך פלעגן אָבער אָפּלויפן די פריידיקע זומער־וואָכן און ס׳זיינען אָנגעקומען די ימים־נוראים. פאַר די קינדער האָבן זיי געבראַכט אַ טאָפּלטן פּחד — דעם ציטער, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט אַלע יידן אין די גאָטספאָרכטיקע טעג, און די מורא פאַר דעם הונגער און די קעלט, וואָס עס ברענגט דער לאַנגער ווינטער. אויף יום־כּיפּור איז מען שוין געווען צוריק אין שטעטל — און אויס מיט די ליכטיקע טעג. מיט אַ טיפן וויי האָבן דעריבער די קינדער זיך געזעגנט מיט די ביימער פון סאַד און טרויעריק זיך געשלעפּט אויפן וועג אַהיים.

אַזוי האָבן זיך אין כאַנינס קינדער־יאָרן געביטן טרויער און פרייד, אומעטיקע און זוניקע טעג, שוואַרצע און גאָלדענע פלעקן — צוויי פאַרבן, וואָס האָבן אים שוין ניט אָפּגעלאָזט אין זיין גאַנצן ווייטערדיקן לעבן.

ביז 11 יאָר איז נחום געגאַנגען אין חדר. דאָרט האָט ער געלערנט חומש און גמרא. פון וועלטלעכער בילדונג האָט דאָס קליינע ייִנגל קיין אַנונג ניט געהאַט. איינמאָל אָבער, זומער אין אַ סאָד ביי אַ רייכן פּריץ, האָט ער זיך צונויפגעטראָפן מיט אַ קריסטלעכן לערער פון דער קאַזיאָנער שול אין כאַלאָפּעניטש, וועלכער האָט פאַרברענגט ביים פּריץ אויף וואַקאַציע. דער לערער האָט אַרויסגעוויזן אַ וואַרעמע באַציאונג צום ייִנגל און ער האָט צוגערעדט טאַטע־מאַמע אָוועקצוגעבן זייער קינד אין דער קאַזיאָנער שול. דאָס האָט ער ניט געפּועלט, דאַקעגן האָט נחום ביי אים זיך געלערנט אַ גאַנצן ווינטער, זיך געלערנט לייענען און שרייבן און אַנדערע עלעמענטאַרע לימודים.

דער שוסטער יוסף חיים האָט געוואָלט פון זיין קינד „מאַכן אַ לייט". און דאָס האָט קודם־כל געמיינט, אַז דאָס ייִנגל זאָל ניט זיין קיין עם־הארץ. שוסטעריי איז ביי יידן ניט געווען פון די געהויבענע פּראָפעסיעס. און אַ שוסטער האָט גלייכצייטיק געמיינט אַן עם־הארץ. כאַנינס פאָטער איז אָבער געווען אַן אַנדערער. נאָך אַ טאָג אַרבעט, אין די לאַנגע ווינטערדיקע אָוונטן, פלעגט יוסף חיים דער שוסטער זיצן און לערנען. פרייטאָג צו נאַכטס נאָך דער אָרעמער סעודה פלעגט ער אַוועקגיין אין שול און דאָרט אינאיינעם מיט נאָך אַ גרופּע יידן געלערנט. יוסף חיים איז געווען אַ בריה צו אָרגאַניזירן גרופּעס צו לערנען אַ שיעור. דער רב פון שטעטל האָט דערפאַר פון אים שטאַרק געהאַלטן און ער פלעגט שטענדיק קומען אין שול אַריין לערנען מיט דער כתה פון יוסף חיים דעם שוסטער. און אַזוי האָט נחומס פאָטער, דער בעל־מלאכה געטרוימט און געבענקט נאָך אַ גייסטיק לעבן פון געטלעכקייט און יידישקייט, וואָס זאָל אים זיין אַ דערלייכטערונג און פאַרזיסונג פון זיין שווער, ביטער לעבן.

און געוואָלט האָט ער אויך, אַז זיין קינד נחום זאָל קאָנען געניסן וואָס מער פון דעם טייל לעבן, וואָס איז כולו יום־טוב. מחמת דעם האָט ער געטראַכט, אַז זיין קינד דאַרף ווערן אַ לערנער. ווען נחום

איז אַלט געוואָרן 11 יאָר, האָט מען אים אָפּגענומען פון חדר אין שטעטל און אים אַוועקגעשיקט אין אַ תלמוד־תורה אין אַ גרעסערער שטאָט — אין באָריסאָוו. דאָרט האָבן געוואוינט קרובים און מיט זייער הילף האָט מען מעגלעך געמאַכט, אַז דאָס ייִנגל זאָל לעבן אין דער פרעמד, אָפּגעריסן פון טאַטע־מאַמע, און לערנען תורה. 2 יאָר צייט האָט נחום זיך געלערנט אין באָריסאָווער תלמוד־תורה, זיך געמאַטערט און ביס־לעכווייז זיך איינגעלעבט מיטן געדאַנק, אַז מען דאַרף זיך שטעלן אויף אייגענע פיס און קלערן וועגן אַ תכלית.

נחום האָט זיך אָפּגעגעבן אַ דין וחשבון וועגן דער נויט און אָרעמקייט פון זיין טאַטע־מאַמעס היים, וועגן די ליידן און הונגער פון די יינגערע קינדער. עס האָט זיך ביי אים צעשפּילט די קינדערשע פאַנטאַזיע און ער האָט זיך דערזען ווי אַ גוטער פאַרדינער, וועלכער ברענגט אַהיים געלט פאַר טאַטע־מאַמע און מאַכט אַלעמען לייכטער דאָס לעבן. זיין טרוים איז געווען צו ווערן אַ בעל־מלאכה. בפרט, אַז ער איז שוין געוואָרן בר־מצווה. אויב ער דאַרף שוין אַליין טראָגן אחריות פאַר גאָט, איז אויך די העכסטע צייט צו זאָרגן פאַר זיך אויף דער זינדיקער וועלט. אויס קינד — נחום ווערט אַ בעל־מלאכה.

## 2. ייִנגלשע יאָרן

געווען איז דאָס אין יאָר 1898. אין אַ שיינעם פרילינג־טאָג האָבן פון כאַלאָפּעניטש זיך אַרויסגעלאָזט צו פוס אין וויטן וועג אַריין נחום, זיין מאַמע חיהקע און אויף איר האַנט — אַ זויג־קינד ביי דער ברוסט. אין דעם ייִנגלס האַנט איז געווען אַ קליין פּעקעלע מיט זיינע פּערזענ־לעכע זאַכן. דאָס איז געווען אַ פּאָר חדשים נאָך נחומס בר־מצווה ווערן. ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין גאָטס וועלט צו פאַרווירקלעכן זיין פאַנטאַזיע וועגן ווערן אַ זעלבסטשטענדיקער מענטש, אַ בעל־מלאכה, אַ פאַרדינער. די מאַמע איז מיט אים מיטגעגאַנגען אויפן וויטן וועג, כדי אים איינצואָרדענען אין נייעם מעמד.

דער ציל פון זייער וואַנדערונג איז געווען דאָס שטעטעלע קרופּקע, 26 וויאָרסט פון כאַלאָפּעניטש. קרופּקע האָט שוין געהערט צו אַן אַנדער גובערניע — מאָהילעווער. פאַרוואָס האָט מען אויסגעקליבן

גראַד דאָס דאָזיקע שטעטל פאַרן אַנהויב פון ייִנגלס קאַריערע? דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס די מאַמע האָט געשטאַמט פון דעם זעלבן שטעטל און געהאַט דאָרט קרובים און באַקאַנטע. און צו איינעם פון זיי, אַ פעטער, אַ דאַמען־שניידער פון פאַך, האָט חיהקע געפירט איר בר־מצווה־בחור זיך לערנען אַ מלאכה. דער פּלאַן איז געווען נחומס אַליין און טאַטע־מאַמע האָבן דערויף געגעבן זייער הסכם.

נחומס נײַ לעבן אין דער פרעמד האָט געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג אויפן ווייטערדיקן גורל פון דער גאַנצער משפּחה. די מאַמע, וועלכע האָט איר אייגן קינד אַוועקגעפירט פון איר היים און אַוועקגעגעבן אונטער דער השגחה פון אַנדערע, איז נאָכן צוריקקומען קיין כאַלאַ־פעניטש אויסגעגאַנגען פון בענקשאַפט. און אַזוי איז ביי איר געבוירן געוואָרן דער געדאַנק פון איבערפאָרן מיט דער גאַנצער משפּחה און זיך באַזעצן אין איר געבורט־שטעטל. בפרט, אַז אין כאַלאַפעניטש איז פּרנסה געווען בדוחק. אין פאַרגלייך מיט דעם אביונישן כאַלאַ־פעניטש זיינען אין קרופּקע געווען מער אויסזיכטן אויף צו ציען חיונה.

דאָס שטעטל קרופּקע, ביים טייך באָבר, האָט זיך געפונען ניט ווייט פון אַ באַן־ליניע. אַרום זיינען געווען גרויסע גיטער, וואָס האָבן אין אַמאָליקע יאָרן געהערט צו פירשט סאַנגושקאָ, ווי אויך וועלדער, און אין שטעטל גופא — גרויסע מילן. די איבער טויזנט יידישע נפשות האָבן במילא געהאַט מער חיונה־קוואַלן.

אַן אַנדער לעבן האָט זיך אָנגעהויבן פאַר נחומען אין שטעטל קרופּקע. ער האָט זיך גענומען איינשפּאַנען אין עול פון אַרבעט. דער ערשטער פּרואוו איז גראַד ניט געווען קיין מזלדיקער. אַלץ האָט פריער אויסגעזען צו זיין גוט. דער בעל־מלאכה, דער באַלעבאָס, איז געווען אַן אייגענער, אַ פעטער. ער וועט אים, האָט מען געמיינט, ניט שטאַרק אויסנוצן און לערנען די מלאכה. האָט אָבער דער פעטער געהאַט אַ חסרון, וואָס האָט צונישט געמאַכט אַלע חשבונות. ער איז געווען זייער אַ שטרענגער און בייזער ייד. ס'איז געווען שווער מיט אים אויסצוקומען. האָט דאָס לערנייִנגל קוים אויסגעהאַלטן אַ חודש צייט און איז פון אים אַנטלאָפן.

דערוויסנדיק זיך וועגן דעם, איז יוסף חיים אַוועק צו פוס פון

כאַלאָפּעניטש און אויסגעזוכט פאַר זיין ייִנגל אַן אַנדערן בעל־מלאכה. בנימין דער קירזשנער פון קרופּקע האָט אָפּגעמאַכט מיט יוסף חיים דעם שוסטער פון כאַלאָפּעניטש צו נעמען דאָס ייִנגל אויף דער לער, וואָס וועט דאַרפן דויערן דריי יאָר צייט. אָפּגעמאַכט איז געוואָרן, אַז בנימין דער קירזשנער דאַרף אויסהאַלטן מיט קעסט דאָס לערנייִנגל און פאַרן דריטן יאָר אויך צאָלן 5 רובל. אַזוי איז בנימין דעם קירזשנערס הויז געוואָרן נחומס נייַע היים. דער באַלעבאָס איז געווען אַ ייִד אַן אָרעמאַן. מאַן און ווייב זייַנען געווען פאַרביטערט און פלעגן אָפּט זיך קריגן. ניט זעלטן איז דאָס ייִנגל געווען דער בליץ־אָפּלייטער פון דער באַלעבאָסטעס כעס. זי פלעגט אים מכבד זיין מיט קללות און צו־נעמענישן. מיט אַ באַזונדערער תנועה פלעגט זי אים רופן „דער אומ־זיסטער פרעסער“. און הגם זי האָט דאָס געזאָגט מיט פאַרביטערטקייט, האָט עס אויסגעזען, ווי די ווערטער וואָלטן איר פאַרשאַפט הנאה.

נחומס מאַמע האָט געפּועלט ביים טאַטן זיך צו באַזעצן אין קרופּקע. נחום האָט זיך זייער דערפרייט, וואָס ער האָט די משפּחה צוריק לעבן זיך. דאָס האָט אָבער קיין גרויסע ענדערונג ניט אַריינ־געבראַכט אין לעבן פון לערנייִנגל. אַזוי ווי פריער, איז ער ווייטער געווען אויף קעסט ביי דער פאַרביטערטער באַלעבאָסטע און דער קירזש־נער־ווערקשטאַט איז ווייטער געווען זיין היים. בלויז אין די שבתים האָט ער זיך געקענט אָפּרייסן און קומען צו טאַטע־מאַמע און פרייען זיך מיט די קלענערע קינדער.

מיט ביטערניש פלעגט נחום זיך פאַרקלאָגן פאַר דער מאַמע ווי שלעכט אים איז, ווי ניט גערעכט ער ווערט באַהאַנדלט דורך בנימין דעם קירזשנער און זיין ווייב. די מאַמע האָט געקרעכצט נאָך די רייד פון איר קינד און דער טאַטע האָט אים באַרואיקט און געפּרואווט טרייסטן: „פאַרפאַלן, וואָס קען מען זיך העלפן“; „ווערסט זיך דאַרפן אָפּמאַטערן די דריי יאָר“. „איך האָב דאָך געגעבן אַ וואָרט, אַז דו וועסט אויסהאַלטן די גאַנצע דריי יאָר צייט“. „אַ וואָרט מוז זיין הייליק“.

דעם טאַטנס ווערטער האָבן תחילת באַרואיקט דאָס אויפגע־רעגטע געמיט פון באַליידיקטן און געפּייניקטן ייִנגל, אָבער וואָס ווייטער איז ביים ייִנגל געוואָרן אַלץ שטאַרקער דער ווילן אַ סוף צו מאַכן דערמיט. אין די פרייע שבתים, נאָכדעם ווי נחום האָט זיך שוין אָפּ־

געפּרייט מיט זיינע נאָנטסטע אין דער היים, איז ער מיט אַנדערע יינגלעך פון שטעטל געגאַנגען שפּאַצירן. דער וועג האָט געפירט צו דער באַן־סטאַנציע. ס׳איז געווען אַזוי גוט צו זען ווי באַנען קומען און גייען אַוועק. און מיטן רויך פון לאָקאָמאָטיוו פלעגט נאָכלויפן אַ בענקעניש און אַ באַגער נאָך דער ברייטער וועלט, וואָס נחום האָט ניט געוואוסט ווי אַזוי זי זעט אויס, אָבער צו וועלכער ער האָט פאַרט געשטרעבט מיט זיין יינגער נשמה.

ס׳איז געקומען אַ מאָמענט, ווען זיין באַגער נאָך דער אומבאַ־קאַנטער וועלט, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טאַט. געשען איז עס אין דראַמאַטישע אומשטענדן. צופיל פאַרביטערונג האָט זיך אָנגעזאַמלט אין די באַציאונגען צווישן לערניינגל און דער באַלעבאָסטע, ביז ס׳איז געקומען אַ קראַך. ווי דער מנהג איז געווען, האָט דאָס לערניינגל, חוץ דער אַרבעט ביים וואַרשטאַט, אויך געמוזט צוהעלפן אין דער שטוּ־ביקער באַלעבאַטישקייט. איינמאָל האָט אים די באַלעבאָסטע געגעבן צו פּאַשען אַ גענדזעלע. דאָס יינגל האָט זיך פאַרשפּילט און ערגעץ פאַרקוקט, און דאָס גענדזעלע איז דערווייל נעלם געוואָרן. אַזאַ הפקרות האָט שוין די באַלעבאָסטע באַין אופן נישט געקענט מוחל זיין און זי האָט דעם „אומזיסטן פּרעסער״ מכבד געווען מיט צוויי פייערדיקע פּעטש.

דאָס איז געווען עפּעס אַזוינס, וואָס דעם יינגלס שטאָלץ האָט ניט געקענט אַריבערטראָגן און פאַרגעבן. ער האָט צו זיך געזאָגט: מער וועט מיין פוס די שוועל פון איר שטוב ניט אַריבערטרעטן. אַן אויפגערעגטער, אָבער אַ פעסט אַנטשלאָסענער, האָט ער זיך אָפּגעגעבן אַ דין וחשבון, אַז דער טאַטע וועט דערצו ניט דערלאָזן, ווייל „אַ וואָרט איז הייליק״, ווייל „אַ פּאַטש פאַרגייט און אַ וואָרט באַשטייט״. בסוד סודות פאַר אייגענע טאַטע־מאַמע איז נחום אַוועק פון בנימין דעם קירזשנער און עוקר געווען פון שטעטל קרופּקע.

נחום כאַנין איז דעמאָלט אַלט געווען 15 יאָר.

## 3. „בונד״

דאָס אַנטלויפן „וואוהין די אויגן וועלן טראָגן״, איז געווען אַן איי־בערברוך אין יינגלס לעבן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ גאַנץ בייער

פעריאָד, אין וועלכן נחום איז ניט בלויז אָפּגעריסן געוואָרן פון דער היים פיזיש, נאָר אויך גייסטיק. דער טאַטע איז כל ימיו געבליבן אינטים־נאָענט מיט דער רעליגיעזער יידישקייט. אויף דער עלטער, שוין אין אַמעריקע, ווען ער איז געוואָרן אויס בעל־מלאכה, האָט ער זיינע יאָרן פאַרענדיקט אַלס שמש אין אַ בית־תפילה. אַוועקגייענדיק פון טאַטנס הויז, איז נחום אויך אַוועק אין אַן אַנדערער גייסטיקער וועלט.

פון קרופּקע איז דאָס באַליידיקטע לערבייִנגל אַנטלאָפן אין דער שטאָט אָרשע, מאָהילעווער גובערניע. די ערשטע זאָרג זיינע איז געווען צו געפינען אַרבעט. אַזוי ווי אויף דער לער אין קרופּקע האָט ער זיך שוין געהאַט דערוואָרבן געוויסע אַרבעט־קענטעניש, איז אים שוין לייכטער געווען אויסצוזוכן אַן אַרבעטס־שטעלע. דאָס אַנטלאָפענע יינגל האָט זיך פאַרדונגען צו משה דעם קירזשנער, וועלכער האָט אויסגעאַרבעט היטלען און אין אַ צאָל וואָכן אין סעזאָן — אויך אויס־געאַרבעט מלבושים פון פוטערוואַרג.

דער נייער באַלעבאָס איז געווען אַ ייד אַ שלעכטער און אַ בייזער. ער האָט געשריגן אויפן יינגן אַרבעטער און אים אויך געשטויסן מיט די קולאַקעס. דערפאַר אָבער איז די באַלעבאָסטע געווען דער היפּך פון באַלעבאָס. אַ פּראָסטע יידענע, אָבער אַ גוטע, אַ האַרציקע נשמה. ווען איר מאַן פלעגט אַרויס פון די האַלאַבליעס, האָט זי שפּעטער שטי־לערהייט געטרייסט דעם יינגל. „הער ניט דעם משוגענעם" — פלעגט זי זאָגן. אירע גוטע רייד האָבן פאַרטריבן די פאַרביטערונג און כעס, וואָס האָבן געברויזט אין יינגלס האַרץ צוליב די ווילדע שטיק פון משה דעם קירזשנער.

דאָ, ביי משה דעם קירזשנער אין ווערקשטאָט, איז נחום אַרויף אויף אַ נייעם וועג. ער האָט זיך באַגעגנט מיט דער רעוואָלוציאָנערער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, איז צו איר צוגעשטאַנען און זיך אי־בערגעגעבן מיט לייב און נשמה.

אין פאַרגלייך מיט כאַלאָפּעניטש און קרופּקע, איז אָרשע געווען אַ גרויסע שטאָט. די יידן, וועלכע האָבן אויסגעמאַכט די מערהייט פון דער באַפעלקערונג, האָבן געציילט צווישן 7 און 8 טויזנט נפשות. דאָס איז געווען אַן אַלטע, פעסט־איינגעפונדעוועטע יידישע קהילה,

וואָס האָט עקזיסטירט נאָך פון 16טן יאָרהונדערט און איז שפּעטער אַריבער פון פּוילן צו רוסלאַנד.

אין יענער צייט, ווען נחום איז אָנגעקומען קיין אָרשע, האָבן שוין אין מאָהילעווער גובערניע עקזיסטירט בונדישע אָרגאַניזאַציעס, און די יידישע אַרבעטער, אַלנפאַלס דער מער באַוואוסטזיניקער טייל, זיינען שוין געווען דורכגעדרונגען מיט רעוואָלוציאָנערע שטימונגען און סאָציאַליסטישע געדאַנקען. מיט 4 יאָר שפּעטער, אין יאָר 1904, ווען די דעלעגאַציע פון „בונד" איז געקומען אויפן אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין אַמסטערדאַם, האָט זי געקאָנט אָנגעבן 1800 מיטגלידער אין מאָהילעווער ראַיאָן, פון דעם אין דער שטאָט אָרשע — 200. אין דער צייט, ווען דאָס צעבונטעוועטע לערניינגל פון קרופּקע איז געקומען צו לויפן קיין אָרשע, איז די בונדישע אָרגאַ־ניזאַציע נאָך ניט געווען אַזוי גרויס, אָבער עקזיסטירט האָט זי שוין און ס'זיינען איר פאָרגעשטאַנען שטורמישע און שווערע יאָרן — די שווערסטע צייט איז אָן ספק געווען דער פּאָגראָם פון 21 — 24טן אָקטאָבער 1905, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט דריי צענטליק טויטע, פיל פאַרוואונדעטע און באַרויבטע.

הגם די באַוועגונג האָט נאָך ניט געהאָט דעם ברייטן פאַרנעם וואָס אין די שפּעטערע יאָרן, האָט זי אָבער פאַרמאָגט דעם חן פון אַ יינגער, אויפשטייענדיקער, קרעפטיקער פאָלקס־באַוועגונג. אָפּקלאַנ־גען פון דער נייער באַוועגונג, וועגן וועלכע מ'האָט זיך געסודעט און געשושקעט, האָבן זיך אויך דערשלאָגן צו די אויערן פון פרעמדן עלנטן לערניינגל. אַזוי, למשל, האָט משה דעם קירזשנערס לערניינגל געהערט, אַז לייזער דעם בעקערס זון, דער סטאָליער ישראל משה, איז געוואָרן אַרעסטירט און זיצט אין אָרשער טורמע. די גאַנצע שטאָט האָט וועגן דעם גערעדט שטילערהייט. און כאָטש די גאַנצע שטאָט האָט וועגן דעם געוואוסט און ס'איז ניט געווען וואָס צו באַהאַלטן אָדער, חלילה, זיך צו שעמען, האָט מען פונדעסטוועגן הויך וועגן דעם ניט גערעדט — אַזוי גרויס איז געווען דער פּחד און מורא. און וואָס שטי־לער מען האָט וועגן דעם זיך דערציילט, אַלץ גרעסער זיינען געוואָרן די מעשיות און די לעגענדעס וועגן לייזער דעם בעקערס זון, ישראל

משה דעם סטאָליער. אין זייער פאַרביטערטקייט האָבן מאַמעס געשראָקן די קינדער מיט ישראל משהס גורל.

די מעשיות און לעגענדעס וועגן ישראל משה דעם סטאָליער האָבן אויף נחומען געהאַט גאָר אַן אַנדערע ווירקונג. ער פלעגט ליב האָבן צו הערן אָט די מעשיות. ער האָט באַוואונדערט ישראל משהס דרייסטקייט און מיטגעפילט זיינע ליידן. עפּעס ווי אַ געפיל פון קנאה איז אַנטשטאַנען אין האַרצן פון יינגל און ס׳האָט אָנגעהויבן וואַקסן ביי אים אַ ווילן צו זיין אַזוי ווי ישראל משה. אָפט פלעגט נחום צו־גיין צו דער טורמע, וואָס האָט זיך געפונען נאָנט פון שיינעם שטאָ־טישן גאָרטן, דאָרט זיך אַרומדרייען אַ לאַנגע צייט און טראַכטן וועגן ישראל משהן — וועגן זיין מוט, העלדישקייט און יסורים. דאָס קרופּ־קער יינגל האָט זיך געדרייט אַרום די הויכע ווענט און פון דער טורמע ניט געקענט אַוועקגיין. ניט גערן פלעגט ער אַוועקשפּאַנען פון די טורמע־מויערן, וואו ס׳איז געזעסן פאַרשפּאַרט זיין געפאַנגענער העלד. אַ שטאַרקע שטרעבונג איז אויפגעקומען אין אים זיך צו באַהעפטן מיט די ישראלס משהס. גאָר אינגיכן איז איינער אים אַנטקעגנגעקומען, אים אָנגענומען פאַר דער האַנט און אַריינגעפירט אין דער מחנה יינגע רעוואָלוציאָנערן.

צו משה דעם קירזשנער, ביי וועמען נחום האָט זיך פאַרדינגען אויף אַ יאָר צייט, איז אָנגעקומען אַרבעטן אַן אַרבעטער — שעיה פון ליאַדי. אַ הויכער, אַ שיינער, מיט אַ גרויסן קאָפּ האָר, האָט ער שוין מיט דעם אָליין געשאַפן אַ ליבע באַציאונג צו אים. ער האָט געטראָגן אַ העמדל אַריבער די הויזן מיט אַ פיינעם שנור פאַרבונדן. ביי דער אַרבעט פלעגט ער זיצן און שטילערהייט זינגען אַ לידל. אָט דער בחור האָט געפאַנגען דעם יינגלס נשמה. נחום איז געווען גרייט אַלץ אים צו פאָלגן.

ביסלעכווייז האָט דער אַרבעטער שעיה פון ליאַדי אָנגעהויבן נוצן נחומען צו געהיימניספולע שליחותן. היינט האָט ער אים געגעבן אַ קליין פּעקעלע אַוועקצוטראָגן צו אַ שוסטער, מאָרגן צו אַ סטאָליער. און די פּעקעלעך זיינען געווען עפּעס אַזעלכע מאָדנע און ס׳האָט זיך געדוכט, אַז אין זיי געפינען זיך וויכטיקע סודות און דאָס טראָגן זיי איז שוין אַ גרויסער אויפטו. נחום איז געווען שטאָלץ מיט זיינע שליחותן און

צופרידן פון צוטרוי, וואָס מ׳ווייזט אים אַרויס. דאָס איינזאַמע יינגל האָט מיטאַמאָל זיך דערפילט ווי אַ טיילעכל פון עפּעס אַ מיסטעריעזער פּאַסירונג.

שעיה פון ליאַדי איז געווען אַ בונדיסט. און ס׳איז געקומען דער טאָג, ווען שעיה האָט געזאָגט צו נחומען: „דו ביסט אַ וואוילער יינגל, ביסט שוין ראוי צו זיין אַ מיטגליד פון אַ קרייזל״.

אַ שטראָם פון פרייד און גליק האָט באַגאָסן נחומען. און גלייכ־צייטיק האָט אים באַהערשט אַן אומגעדולדיקייט און נייגיר. דער 16־יעריקער יינגל איז אַריין אין אַ קרייזל און דערמיט געשטעלט דעם ערשטן טריט אין דער בונדישער באַוועגונג.

אין קרייזל האָט מען געלייענט אַ קליין ביכל וועגן שכירות, ביכלעך וועגן טויט פון רוסישן צאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, וועמען רעוואָלוציאָנערן האָבן דערהרגעט, ווי אויך וועגן אַ ריי אַנדערע ענינים. אַ יינגע סטודענטקע — שוואַרצקאָפּ האָט זי געהייסן — איז געווען די גייסטיקע פירערין פון קרייזל. זי האָט געהאַלטן רעפעראַטן און רעדעס. די רעפעראַטן האָט זי געהאַלטן אין רוסיש. די יינגלעך האָבן דעריבער ווייניק פאַרשטאַנען פון אירע רייד. ניט געקוקט אויף דעם, האָבן זיי מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם זי אויסגעהערט און געשלונגען אי־רע ווערטער. אין די אויגן פון די יינגלעך האָט זי אויסגעזען ווי אַ הייליקע און מען וואָלט באַטראַכט פאַר אַ לעסטערונג, ווען מ׳וואָלט זיך ניט גוט צוגעהערט צו אירע רייד. די יינגע סטודענטקע, אַן איבערגעגעבענע חברטע, איז געווען אַ טאָכטער פון רייכע עלטערן אין אָרשע. צוליב קאָנספּיראַציע האָט מען אין שטאָט ניט געטאָרט וויסן, אַז זי האָט אַ מגע־ומשא מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. מחמת דעם האָט מען די יינגלעך אָנגעזאָגט, אַז ווען זיי וועלן דאָס רייכע מיידל באַגעגענען אין גאַס, זאָלן זיי איר ניט זאָגן קיין „גוט מאָרגן״ און זיך מאַכן אַזוי, ווי זיי קענען זי גאָרניט. די יינגלעך האָבן דאָס שטרענג אָפּגעהיטן. נחום איז אין דער היגזיכט געווען אַזוי פרום, אַז ווען ער פלעגט זי דערזען פון דער ווייטן אין גאַס, האָט ער זיך אויסגעדרייט און איז אַוועק אין אַן אַנדערער זייט, כדי זי ניט צו באַגעגענען און, חלילה, ניט נכשול ווערן מיט אַ פריינדלעכן בליק.

אין אָט דעם בונדישן קרייזל, געפירט פון דער יינגער סטודענט־

קע שוואַרצקאָפּ, האָט כאַנין געלערנט דעם אלף־בית פון סאָציאַליזם. דאָרט האָט ער צום ערשטן מאָל געהערט יענע ווערטער און באַגריפן, וואָס זיינען, ווי קערנער אין דער שוואַרצער ערד, אין זיין מוח און האַרץ פאַרזייט געוואָרן, כדי שפּעטער שפּעדיק זיך פאַנאַנדערצובליען און בילדן דעם יסוד פאַר זיין ווייטערדיקן רייכן לעבן. און ניט בלויז די ווערטער אַליין. גאָר גיך איז אויך געקומען די טאַט. אַ סטרייק. אַ שטאַר־קע איבערלעבונג פאַר אַ יינגל מיט 45 יאָר צוריק אין אַ שטעטל פון דער צאַרישער אימפּעריע. בפרט, ווען דאָס האָט פאַר נחומען פּער־זענלעך געהאַט ערנסטע פאָלגן. אין 1901 איז צום ערשטן מאָל ביי די קירזשנער פון אָרשע דורכגעפירט געוואָרן אַ סטרייק. דעם סטרייק האָבן די אַרבעטער געוואונען, אָבער כאַנין האָט גאָרניט געקענט מאַכן מיטן זיג. ס'האָט זיך גראָד געענדיקט זיין איין־יאָריקער טערמין ביי משה דעם קירזשנער און דער באַלעבאָס האָט אים ווייטער שוין ניט געוואָלט באַשעפטיקן. האָט נחום געפּרואווט מזל ביי אַנדערע, אָבער קיין שום קירזשנער פון שטאָט האָט אים ניט געוואָלט צונעמען. אַ ביטערע לאַגע — אָן אַ היים און אָן אויסהאַלטונג. באין ברירה האָט דער 16־יעריקער יינגל גענומען דעם וואַנדערשטעקן און פאַרלאָזט אָרשע, די שטאָט, וואו במשך פון אַ יאָר צייט איז כאַנינס בליק גע־קירעוועט געוואָרן צו דעם וועג, אויף וועלכן ער איז געגאַנגען אין זיין ווייטערדיקן לעבן.

## 4. מינסק

פון אָרשע איז נחום כאַנין אַוועק קיין מינסק. קיין געלט אויף הוצאות האָט דאָס אַרבעטסלאָזע יינגל ניט געהאַט. זאָגן אימיצן, אַז ער דאַרף אויף הוצאות, האָט ער זיך געשעמט. האָט ער זיך געלאָזט אין וועג אַריין אויף קאַזיאָנעם חשבון. די נסיעה מיט דער באַן האָט גע־וויינלעך געדויערט 6 שעה, ביי אים האָט עס גענומען דריי טעג. געפאָרן איז ער אָן אַ באַן־בילעט. אויפן באַוואוסטן שטייגער האָט דאָס יינגל זיך באַהאַלטן אונטער דער באַנק; אָבער אין מיטן פאָרן האָט דער קאָנדוקטאָר אַנטדעקט דעם גאָפּע־פּאַסאַזשיר, אים מכבד געווען מיט אַ שטויס און ביי דער נאָנטסטער סטאַנציע אַרויסגעוואָרפן פון וואַגאָן.

דאָס האָט זיך איבערגעחזרט זייער אָפט. דער אַרויסגעוואָרפענער פּאַסאַזשיר האָט געוואַרט ביזן אָנקומען פון אַ צווייטן צוג און די שפּיל האָט זיך אָנגעהויבן פונדאַסניי.

איז דאָס אַליין ניט געווען קיין גרויסער תענוג. ערגער באָך דערפון איז געווען דער הונגער. קיין געלט צו קויפן עפּעס עסן האָט דאָס יינגל ניט געהאַט און די נסיעה האָט זיך פאַרצויגן אויף גאַנצע דריי מעת־לעת. הגם כאַנין איז געווען געוואוינט צו הונגערן, אָבער אַזאַ לאַנגן תענית איז אַפילו פאַר אים שוין געווען צופיל.

די נסיעה פון אָרשע קיין מינסק, וואָס האָט אין די אויגן פון הונגעריקן און באַליידיקטן יינגל אויסגעזען, אַז זי וועט זיך קיינמאָל ניט ענדיקן, האָט דאָך דערגרייכט איר סוף. דאָס 16־יעריקע יינגל איז אָנגעקומען אין דער גרויסער פרעמדער שטאָט מיט אַן אומרואיקייט און אומזיכערקייט. קיין שום נאָנטע מענטשן אָדער באַקאַנטע האָט ער ניט געהאַט. קיין שום אַדרעס, וואוהין אַריינצוגיין. וואו לייגט מען אַוועק דעם מידן קאָפּ אָנצושפּאַרן, פונוואַנען נעמט מען מיטלען דעם הונגער צו שטילן?

דאָס אומרואיקע יינגל האָט גענומען טראַכטן ווי אַזוי אַרויס־צוקריכן פון דער פאַרצווייפלטער לאַגע און איז געקומען צום אויס־פיר, אַז דער איינציקער וועג איז ניט צו פאַרלירן קיין צייט און גלייך זוכן אַרבעט. ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן איבער די מינסקער גאַסן. דאָס אויג האָט געזוכט אַ שילד פון אַ קירזשנער. דאָס מידע פאַרהונ־גערטע יינגל האָט אָפּגעזוכט אַ בעל־מלאכה, וועלכער האָט אים צו־גענומען צו דער אַרבעט. ווידער אַ פעסטער באָדן אונטער די פיס, ס׳איז ווידער גוט.

אָבער ניט מיט ברויט אַליין לעבט אַ מענטש. כאַנין האָט שוין געהאַט גייסטיקע פאַראינטערעסירונגען. דאָס יאָר אין אָרשע, די פאַרבינדונג מיט דער אָרטיקער בונדישער באַוועגונג, האָט אויפגע־וועקט אין יינגן בחור געזעלשאַפטלעכע פאַראינטערעסירונגען. ווי אַזוי שליסט מען זיך צוריק אַריין אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע?

אין מינסק איז דעמאָלט געווען אַ גרויסע און שוין לאַנג־יעריקע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג. מינסק געהערט צו די שטעט, וואו דער סאָציאַליסטישער געדאַנק האָט אַמפריסטן אָנגעהויבן שפּראָצן צווישן

יידישע אַרבעטער. ווי באַוואוסט, האָט ווילנע אויסגעכאַפּט די בכורה. מינסק פילט זיך אָבער באַליידיקט. די דאָזיקע שטאָט האַלט, אַז איר קומט די בכורה, וואָרים שוין אין די זיבעציקער יאָרן פון 19טן יאָר־הונדערט זיינען דאָרט געווען יידישע סאָציאַליסטן, וועלכע האָבן גע־פירט אַ פּראָפּאַגאַנדע און אין די אַכציקער יאָרן איז שוין געווען אַ באַ־וועגונג מיט גרעסערע קרייזלעך, וואָס האָבן געציילט ביז 250 מאַן, מיט אַקציעס און סטרייקן. דאָס אַלץ איז אָבער געווען פאַר־געשיכטע. אָפיציעל האָט מען פעסטגעשטעלט די געבורט־דאַטע פון דער באַוועגונג, וואָס איז געווען די דירעקטע פאָרגייערין פון „בונד", אויף 1893. אין אַ באַריכט פון מינסקער קאָמיטעט פון „בונד" צום אינ־טערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין פּאַריז (אין יאָר 1900) ווערט געזאָגט:

„ווי אַן אָנהויב פון דער מינסקער אַרבעטער־באַוועגונג, קאָן מען רעכענען דאָס יאָר 1893, בעת אינטעליגענטן האָבן געשלאָסן קענט־שאַפט מיט עטלעכע געציילטע אַרבעטער, כדי אויסצופאָרמירן פון זיי באַוואוסטזיניקע טוער, אַגיטאַטאָרן".

מינסק קאָן אויך זיך יחוסן מיט אַ ריי באַדייטנדיקע סאָציאַליס־טישע פּערזענלעכקייטן וואָס זי האָט אַרויסגעגעבן אָדער וועלכע האָבן דאָרט געווירקט. גענוג צו דערמאָנען אַזעלכע נעמען, ווי א. ליעסין, וולאַדימיר מעדעם, די הורוויטשעס, גערשוני און נאָך אַנדערע.

מינסק קען זיך אויך באַרימען דערמיט, וואָס זי האָט בייגעטראָגן איר חלק צום אויסקריסטאַליזירן דאָס אידעאישע פּנים פון דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אין דער שטאָט האָט מען בכלל אַ סך טעאָרעטיזירט. אין פריערדיקן פּעריאָד איז דאָס געווען בעתן איבערגאַנג פון נאַראָדאָוואָלטשעסטוואָ צום מאַרקסיזם. שפּורן פון די נאַראָדאָוואָלצעס האָבן זיך געהאַלטן לאַנג אין דער פאָרם פון די טעראָ־ריסטישע שטימונגען, וואָס האָבן געהערשט אַפילו ביי שיכטן, וועל־כע זיינען מיט ביידע פיס געשטאַנען אויפן באָדן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. שפּעטער זיינען געקומען די טעאָרעטישע חלוקי־דעות וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע; ווי אַזוי צו פאָרמולירן די נאַציאָ־נאַלע פראַגע ביי יידן, אויף וואָס צו לייגן דעם טראָפּ.

מינסק האָט אויך זיך געקענט גרויסן מיט אַן אייגענער אומ־

לעגאַלער פּרעסע. אַנגעהויבן מיטן מינסקער „אַרבעטער־בלעטל״, וואָס איז דערשינען פון מערץ 1897 (די רעדאַקטאָרן און אַרויסגעבער זיינען געווען פּאַוועל בערמאַן און באָריס פרומקין), זיינען שפּעטער אַרויס אויך אַנדערע געהיימע צייטונגען, פון וועלכע די וויכטיקסטע איז געווען דער „מינסקער אַרבעטער״.

און, להבדיל, די „זובאַטאָווּשטשינע״. אפשר דערפאַר וואָס די מינסקער יידישע אַרבעטער האָבן געהאַט אַ נייגונג צו טעאָרעטיזירן, זיינען ניט געווען געשלאָסן אין זייערע אַנשויאונגען און האָבן געהאַט אַ ברייטן פעכער פון אָפּנייגן — פון טעראָריסטישע שטימונגען ביז אַ באַזונדערן „טאָלק״ אין פּועלי־ציוניזם — אפשר דערפאַר האָט גראָד אין מינסק דער צאַרישער אָכראַניק זובאַטאָוו געקאָנט פאַרפלאַנצן מיט מער דערפאָלג ווי אַנדערשוואו די גיפטיקע שוואָמען פון פּאָלי־צייאישן „סאָציאַליזם״.

טראָץ דעם אַלעם, איז אויך דאָ דער רוב מנין ובנין פון די יידישע אַרבעטער געגאַנגען אונטער דער פאָן פון „בונד״. שוין האָבנדיק אַן אַרבעטספּלאַץ און אָרט וואו צו וואוינען, האָט כאַנין אַנגעהויבן זוכן זיין גייסטיקע היים — די בונדישע אָרגאַניזאַציע. דעם שליסל צו איר האָט אים געגעבן אַן אַרבעטער, וועלכן ער האָט צופעליק באַגעגנט. אין זיין קוואַרטיר האָט כאַנין געטראָפן איינעם, וועלכן מ׳האָט גערופן — פסח דער סטאָליער. אַ בונדיסט. דער דאָזיקער פסח דער סטאָליער איז געווען אומצופרידן מיט די פירער פון דער אָרגאַניזאַציע. ער האָט געטענהט, אַז מען לערנט ניט גענוג די אַרבעטער בעסער צו פאַרשטיין די וועלט. אין מינסק איז נאָך ניט געווען אינגאַנצן אויסגעלעבט דער שטרייט, וואָס עס האָבן געפירט די אָנהענגער און קעגנער פון אַגיטאַציע צווישן די ברייטע מאַסן. דאָס איז געווען דער היסטאָרישער סכסוך צווישן די פירער פון דער באַוועגונג און דער אָפּאָזיציע אין די ניינציקער יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט אין ווילנע, ווען אַ טייל מיטגלידער פון די קרייזלעך האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט דער נייער טאַקטיק פון איבערגיין צו ברייטער מאַסן־אַרבעט. בעת אין ווילנע איז דאָס שוין געווען אַ פאַרגעסענער שטרייט, וואָס האָט זיך געענדיקט מיטן זיג לטובת דעם פּרינציפּ פון ברייטער מאַסן־

אַרבעט, זיינען נאָך אין מינסק אין אָנהויב 20טן יאָרהונדערט געווען עקשנים און ווייטער געפּראַוועט אָפּאָזיציע.

פּסח דער סטאָליער איז געווען אַן אינטעליגענטער אַרבעטער. ער האָט אַ סך געלייענט. אָט דער פּסח דער סטאָליער האָט זיך פאַר־אינטערעסירט מיטן פרעמדן יינגל. אין די שבתים פלעגט ער פאַר־לייענען אַמאָל „יאָסעלע״ פון יעקב דינעזאָן, אַמאָל „פישקע דער קרו־מער״ פון מענדעלי מוכר ספרים אָדער אַנדערע ביכער. כאַנין און צוזאַמען מיט אים אויך די אַנדערע צוהערער פלעגן זיך באַגיסן מיט טרערן, ווען פּסח דער סטאָליער האָט מיט האַרץ פאַרגעלייענט וועגן די ליידן פון די געשילדערטע פּערסאָנאַזשן. שפּעטער האָט דער נייער באַקאַנטער געגעבן כאַנינען אַליין צו לייענען ביכער פון דער יידישער ליטעראַטור.

דאָס לייענען ביכער האָט אויסגעפילט אַ ביסל פון דער פרייער צייט, אָבער האָט ניט געקענט פאַרבייטן דעם דראַנג ווידער זיך צו פאַרבינדן מיט דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און ווערן אין איר אַקטיוו. פּסח דער סטאָליער האָט געוויזן ווי אַזוי צו באַקומען די פאַר־בינדונג. אין יענער צייט פלעגן די בונדיסטן זיך טרעפן אין סלעפּיאַנס טיי־הויז. כאַנין האָט אָנגעהויבן אָפט קומען אין טיי־הויז און זיך דאָרט באַקענט מיט אַ ריי מענטשן פון דער באַוועגונג. אויף אַזאַ אופן איז ער צוריק אַריין אין אַ בונדישן קרייז און געוואָרן טעטיק.

צו יענער צייט איז אין מינסק געווען אַ שטאַרקע בונדישע באַ־וועגונג. בראש פון איר זיינען געשטאַנען גוטע טוער פון דער אַרבע־טער־מאַסע גופא, ווי אויך אינטעליגענטן, פון וועלכע אייניקע האָבן שפּעטער געשפּילט אַ גרויסע ראָל. צום מינסקער קאָמיטעט האָט אויך געהערט וולאַדימיר מעדעם, וועלכער איז מיט אַ קורצער צייט פאַר כאַנינס קומען געוואָרן אַרעסטירט. דער גרויסער פאַרנעם פון דער באַוועגונג האָט אימפּאָנירט דעם יינגן כאַנין. זי איז געוואָרן זיין יום־טוב אין דעם גרויען לעבן פון אַ יוגנטלעכן אַרבעטער. ער איז געווען אין איר פאַרליבט און איר געווידמעט זיינע שענסטע געפילן און חלומות. חברישע צוזאַמענקונפטן, פּאַרטיי־פאַרזאַמלונגען מיט באַריכטן און דיסקוסיעס און אויך סטרייקן — דאָס אַלץ האָט פאַרכאַפּט און איינ־

טריגירט. בפרט, אַז דאָס איז דעמאָלט געווען פאַרבונדן מיט וואַגע־ניש און איינשטעלעניש.

אין עובדא פון בונדיסטן האָט אַרויסגערופן אַ באַזונדערע עק־זאַלטירטקייט. אין מינסק האָט זיך דעמאָלט געהאַט געגרינדעט זובאַ־טאָווס „יידישע אומאָפּהענגיקע אַרבעטער־פּאַרטיי". די „זובאַטאָוו־שטשינע" — אַ פּרואוו דורך פּאָליצייאישן „סאָציאַליזם" איינשפּאַנען די אויפוואַכנדיקע יידישע אַרבעטער אין רייטוואַגן פון בלוטיקן צאַ־רישן רעזשים — האָט אָנגעטראָפן אויף אַ העפטיקן ווידערשטאַנד מצד דעם „בונד". מינסק איז געווען די שטאַרקסטע פעסטונג פון די „זור־באַטאָווצעס". זיי פלעגן אָפּהאַלטן פאַרזאַמלונגען אין זאַל פּאַסאַזש שבת צו נאַכטס. פון 5 ביז 6 הונדערט מענטשן פלעגן געוויינלעך קומען צו די פאַרזאַמלונגען. צווישן די געקומענע זיינען אויך געווען אַ סך בונדיסטן. דער ציל פון זייער קומען איז געווען דורך פראַגן צו קאָמפּראָמיטירן די „זובאַטאָווצעס" אָדער סתם ניט לאָזן די פאַר־זאַמלונגען אַראָפּגיין גלאַטיק. די בונדיסטן זיינען געקומען אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן. די פירער פון די קרייזלעך האָבן פריער אָרומגערעדט מיט דעם עולם וואָסערע פראַגן מ'זאָל שטעלן די רעדנער. די פירער פון די „זובאַטאָווצעס" אין מינסק און די הויפּט־רעדנער זיינען געווען מאַניאַ ווילבושעוויטש, סאַשאַ טשעמערינסקי און וואָלין. זיי פלעגט צוהעלפן דער ציוניסט בערגער. די בונדיסטן האָבן אויף די פאַר־זאַמלונגען געשאָטן מיט פראַגן און מחמת דעם פלעגט יעדע פאַר־זאַמלונג זיך פאַרענדיקן מיט טומל. כאַנין איז געווען איינער פון די, וועלכער האָט יעדן שבת צו נאַכטס, פּינקטלעך ווי אַ פרומער ייד מאַכט הבדלה, אָפּגעהיט דאָס קומען אויף די פאַרזאַמלונגען פון די „זובאַ־טאָווצעס" און געהאָלפן טומלען. אַ גאַנצע וואָך האָט ער דערויף גע־וואַרט, ווי אויף אַ מצווה.

און הגם אין מינסק איז דער יינגער בחורל אַריין „אין די פעדערן", איז ער דאָרט דאָך ניט פאַרבליבן. עס האָט אים געצויגן צום ווייַ־טערדיקן וואַנדערן, און דער נאָנטסטער עטאַפּ איז געווען באָריסאָוו.

## 5. דאָס ערשטע מאָל אין טורמע

ניט קיין נייע שטאָט איז באָריסאָוו געווען פאַר דעם יינגן וואַנ־דערער. קינדוויז האָט ער דאָרט אין תלמוד־תורה געלערנט. צוויי יאָר צייט, ווען די מאַמע זיינע, אַליין אַ טאָכטער פון אַ מלמד, האָט געחלומט צו מאַכן פון איר נחומען אַ רב, לכל הפחות אַ מלמד, ווי איר טאַטע. אַחוץ דעם האָבן דאָרט געלעבט אַ סך זיינע קרובים און באַקאַנטע. ס'האָט אים עפּעס געצויגן אין יענער שטאָט אַריין. וואָס אַזוינס האָט אים אַהין געצויגן, צו וואָס האָט ער אַהין געבענקט? פאַרן יינגן בחורל איז דאָס אַליין ניט קלאָר געווען. זיכער איז בלויז, אַז אַן אינערלעכע אומרואיקייט האָט אים געטריבן זיך אויפצוהויבן פון זיין מינסקער ווינקל, וואָס איז נאָך אַפילו רעכט ניט געווען אָנגעוואַרעמט. ער איז אַוועק קיין באָריסאָוו, און דאָרט צום ערשטן מאָל, אָבער ניט צום לעצטן מאָל אין זיין לעבן אַריינגעפאַלן און פאַרשוואַרצט געוואָרן אין אַ צאַרישער טורמע.

אויך אין באָריסאָוו איז געווען אַ בונדישע באַוועגונג. און כאָטש בלויז אַ סאָלדאַט, איז כאַנין דאָך שוין ניט געווען קיין גרינער. מינסק איז געווען אַ גוטע שול. גראָד איז כאַנין געקומען אין אַ צייט, ווען ער האָט געקענט צונוץ קומען. ער איז געקומען אין באָריסאָוו נאָך דעם גרויסן סטרייק אין סאָלאָמאָנאָווס שוועבעלעך־פאַבריק. אין איר זיינען געווען באַשעפטיקט אַרום טויזנט אַרבעטער, פון זיי אַ גרויסע צאָל יוגנט און קינדער. די אַרבעטער האָבן דעם סטרייק פאַרלוירן און דערביי האָט מען אַרעסטירט בערך 25 אַרבעטער. די קרבנות זיינען געווען ניט די, וועלכע האָבן געפירט דעם סטרייק, נאָר סתם אַרבעטער, על־טערע מענטשן, טאַטעס פון קינדער. אין שטאָט איז געוואָרן אַ מהומה. דער דורכגעפאַלענער סטרייק איז געווען אַ טויט־קלאַפּ פאַר דער בונדישער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז נאָך ניט געווען שטאַרק באַפעסטיקט אין באָריסאָוו.

אייניקע אַרבעטער, צווישן זיי אויך דער פריש־געקומענער כאַנין, האָבן זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צוריק אויפצולעבן די באַוועגונג. מ'האָט דערצו צוגעצויגן אויך אַ פאַר אינטעליגענטן און ס'איז

אַוועק אַ גוטע באַנייטע אַרבעט. אַ יאָר צייט איז אַזוי אַנגעגאַנגען אַן אינטענסיווע טעטיקייט. דער עולם איז ביסלעכוויין צו זיך געקומען נאָך דער געליטענער מפּלה. מ׳איז געוואָרן דרייסטער. מ׳האָט שוין געקאָנט אָרגאַניזירן גרויסע פאַרזאַמלונגען אין וואַלד און דורכפירן געהיימע טעאַטער־פאָרשטעלונגען, צו וועלכע מ׳האָט שטילערהייט געבראַנגט הונדערטער אַרבעטער. מיט התלהבות האָט דער ייִנגער כאַנין געטאָן זיין חלק אין דער אומלעגאַלער אַרבעט. ער האָט אָנגעהויבן שטעלן זיינע ערשטע טריט ווי אַ טוער. די טעטיקייט האָט אים באַפליגלט און פאַרשאַפט פריידיקע גליקלעכע טעג.

אין די באַרבאַרישע באַדינגונגען פון צאַרישן רעזשים האָט אַזאַ גליק לאַנג ביט געקענט אָנהאַלטן. אין באָריסאָוו האָט כאַנין זיך באַפריינדעט מיט אַ מינסקער בחור, משהקע דעם טאָקער. ביידע האָבן זיי געאַרבעט אין דער באַוועגונג און געווען קוואַרטיראַנטן אין איין דירה. די ייִנגע ענטוזיאַסטישע בונדיסטן זיינען דרייסט און אומפאָרזיכטיק געלאָפן אויפן אייז פון דער אומלעגאַלער אַרבעט אויף דער פּראַסטיקער רוסישער ערד, ביז זיי האָבן זיך אויסגעגליטשט און אומגעפאַלן. איינמאָל אינמיטן נאַכט האָבן זשאַנדאַרמען זיי אָפּגעשטאַט אַ וויזיט. אַדורכגעפירט אַ רעוויזיע און געפונען אומלעגאַלע ליטעראַטור. די זשאַנדאַרמען האָבן ניט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות און מיטגענומען די צוויי חברים. נחום דער קירזשנער און משהקע דער טאָקער זיינען געוואָרן פאַרשפּאַרט הינטער די קראַטעס פון באָריסאָווער טורמע.

פריער נאָך האָט כאַנין שוין אַ סך זיך אָנגעהערט און אָנגעלייענט וועגן דער פּיין פון טורמע־לעבן. מיט מיטגעפיל און רעספּעקט האָבן אַלע רעוואָלוציאָנערן זיך באַצויגן צו די קרבנות פון צאַרישן רעזשים. ביים ייִנגן רעוואָלוציאָנער, דעם אָפּשטאַמיקן פון יוסף חיים דעם שוסטער פון כאַלאָפּעניטש, ווי ביי פיל אַנדערע פון זיינס גלייכן, האָט זיך אויפגעהאָדעוועט אַ הייליק געפיל צו די אַלע קרובים פון דער רעוואָלוציאָנערער משפּחה, וועלכע האָבן געשמאַכט אין די צאַרישע טורמעס און סיביר. עס האָט געווייעט מיט הייליקייט פון מאַרטיראָלאָגיע. און איצט איז נחום איינער פון זיי. אויך אַ קרבן, אויך אַ ליידנדיקער.

נחום דער קירזשנער און משהקע דער טאָקער זיינען דעמאָלט געווען די איינציקע צוויי פּאָליטישע אַרעסטירטע אין באַריסאָווער טורמע. די צוויי יינגע בונדיסטן האָט מען אַריינגעזעצט אין באַזונדערע קאַמערן און ביי זיי אָוועקגעשטעלט אַ וואַך אַכטונג צו געבן, אַז ביידע זאָלן זיך ניט קענען צוזאַמענריידן. אַזוי האָט עס געדויערט חדשים לאַנג. מאָנאָטאָן איז געווען דאָס לעבן אין טורמע. די צוויי יינגע בונדיסטן זיינען געווען פולשטענדיק איזאָלירט פון דער דרויסנדיקער וועלט.

זייער לאַגע האָט זיך ראַדיקאַל געביטן, ווען מ'האָט געברענגט אַ גרופּע פּאָליטישע אַרעסטירטע פון מאָזיר. דער רעזשים איז שוין ניט געווען אַזאַ שטרענגער און דאָס לעבן איז געוואָרן אינטערעסאַנטער. די יינגע אַרעסטירטע האָבן זיך געלערנט די רוסישע שפּראַך און אַ סך געלייענט רוסישע ביכער — קיין יידישע ביכער האָט מען אין טורמע ניט אַריינגעלאָזט. נאָכמער: איין מאָל אַ טאָג זיינען די פּאָליטישע אַרעסטירטע זיך צוזאַמענגעקומען אין אַ גרויסער קאַמער. מ'פלעגט שמועסן, אָפּהאַלטן באַראַטונגען און זיך לערנען. די אינטעליגענטן האָבן מיט דער הילף פון אַ בוך אָדער פון זכרון געלערנט מיט די אַרבעטער פּאָליטישע עקאָנאָמיע. די יינגע אַרעסטירטע האָבן זיך אָנגעהויבן פילן גוט אין טורמע — די בענקשאַפט נאָך דער פריי איז פאַרשוואונדן. קיין צרות מיט דער טורמע־אַדמיניסטראַציע איז ניט געווען. דער טורמע־נאַטשאַלניק, אַ פּראָסטער מענטש און ניט קיין שלעכטער, האָט נאָכגעגעבן אַלץ די פּאָליטישע אַרעסטירטע, אַבי זיי זאָלן קיין בונטן ניט מאַכן.

אַזוי איז כּמעט אַוועק אַ יאָר צייט אין באַריסאָווער טורמע. אַזוי ווי ער איז נאָך ניט געווען פולייעריק, האָט מען אים באַפרייט און געשטעלט אונטער דער השגחה פון זיינע עלטערן. מיטן עטאַפּ האָט מען דעם יינגן רעוואָלוציאָנער אָפּגעפירט אין שטעטעלע קרופּקע און איבערגעגעבן אין רשות פון טאַטע־מאַמע. גלייכצייטיק האָט מען אים געשטעלט אונטער דער אויפזיכט פון אוראַדניק.

דאָס קומען פון יוסף חיים דעם שוסטערס בחור איז געוואָרן אַ גרויס געשעעניש אין קרופּקע. אין שטעטל זיינען אַרומגעגאַנגען

שרעקלעכע מעשיות וועגן יוסף חיימס ייִנגל, וואָס איז נעלם געוואָרן פון דער היים, איז געוואָרן איינער פון „יענע לייט", וועלכע ווילן ניט דעם קייסער און איז דערפאַר פאַרשפאַרט געוואָרן אין טורמע. אין שטעטל איז מען געווען זיכער, אַז ער וועט שוין „פאַרפוילט" ווערן אין סיביר. און מיטאַמאָל איז די „צרה" צוריק דאָ אין שטעטל. דאָס ערשטע, וואָס די קליינשטעטלדיקע ייִדן איז איינגעפאַלן, איז אָנזאָגן די קינדער, אַז קיינער זאָל זיך מיט אים ניט חברן, ווייל ווער ווייס וואָס פאַר אַן אומגליק דערפון וועט אַרויסקומען. מ'האָט מורא געהאַט, אַז דער אוראַדניק, וועלכער דאַרף האַלטן אַן אויג אויף דעם „קריי-מינאַלניק", וועט זיך טשעפּען.

אין אָנהויב האָט כאַנין צוליב דעם זיך געפילט איינזאַם אין שטעטל. הגם זיין משפחה האָט אים זייער וואַרעם אויפגענומען, האָבן אָבער די ייִדן פון שטעטל זיך באַמיט אים אויסצומיידן. דאַקעגן האָט צו אים אָנגעהויבן שטאַרק ציען דאָס ייִנגוואַרג — טאַקע צוליב די וואָרנונגען פון די עלטערן. אין די אויגן פון די קינדער און יוגנט האָט נחום, דער צוריקגעקומענער פון דער „גרויסער וועלט", אויס-געזען אַ מענטש מיט סודות, וועלכער האָט אָפּגעטאָן גרויסע געפער-לעכע זאַכן. ווען אַ פאָטער האָט געזען זיינס אַ קינד מיט נחומען, איז ער פאַרציטערט געוואָרן און צוליב דעם פלעגן אויסברעכן קריי-גערייען צווישן עלטערן און קינדער.

בייטאָג האָט כאַנין געאַרבעט ביי אַ קירזשנער און פאַרנאַכט האָט ער זיך געמוזט מעלדן צום פּאָליציאַנט פון שטעטל. אַזוי האָט זיך עס געצויגן אַ לענגערע צייט. איינמאָל איז מיט אַ געקלינגעריי פון גלעק-לעך אַריינגעפאָרן אַ ברישקע מיט אַ פּאָר ווייסע פערד. אויף איר איז געזעסן אַ זשאַנדאַרם-פּאָלקאָווניק, אַרומגערינגלט מיט עטלעכע זשאַנדאַרמען. אין דער ערשטער רגע איז אַ גרויסער פחד באַפאַלן די ייִדן. ווער ווייס וואָסער אומגליק עס קומט. אין שטעטל איז געוואָרן אַ בהלה. אין גאַלאָפּ האָבן די פערד צוגעפירט די ברישקע צו אַ הויז אין מאַרק. דאָרט האָט געוואוינט דער גביר פון שטעטל. די זשאַנדאַר-מען זיינען אַוועק צום קירזשנער און געברענגט כאַנינען צום גביר אין הויז, וואו ס'האָט געוואַרט דער זשאַנדאַרם-פּאָלקאָווניק. דאָס גאַנצע

שטעטל איז געווען אין גאַס און צוגעקוקט, ווי די זשאַנדאַרמען פירן נחומען צום פּולקאָווניק. דער עולם האָט פאַרשטאַנען צוליב וואָס די זשאַנדאַרמען זיינען געקומען, און זיך באַרואיקט. מיט רחמנות־בליקן האָבן די יידן געקוקט אויף נחומען. זיי זיינען געווען זיכער, אַז מען וועט אים קאָווען אין קייטן און אָוועקפירן אין סיביר.

די יידן האָבן אָבער באַלד געהאַט אַן איבעראַשונג. ווען כאַנין איז אַריין אין גרויסן צימער פון גבירס דירה, איז דאָרט געזעסן דער פּולקאָווניק ביי אַ זודיקן סאַמאָוואַר און געטרונקען טיי. דער פּולקאָווניק האָט דעם יינגן רעוואָלוציאָנער מכבד געווען מיט טיי און פּאַפּיראָסן און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ געמיטלעכער שמועס. דורך די פענצטער האָבן די יידן געזען די געמיטלעכע סצענע, זיך געוואונדערט און באַ־רואיקט. צוויי שעה צייט האָט געדויערט דער שמועס. דער ענין האָט געזאָלט איבערגעשיקט ווערן צום אינערן־מיניסטעריום אין פּעטער־בורג און דער פּולקאָווניק האָט געדאַרפט פאַרענדיקן די אויספאָר־שונג. דער יינגער בונדיסט איז שוין געווען אַ ביסל געניט אין דער אויספאָרשונג־פּראָצעדור מיט אירע קונצן און טריקן, און געגעבן גאַנץ פאַרזיכטיקע תשובות.

ווען כאַנין איז אַרויס פון גבירס הויז, זיינען די יידן געשטאַנען פון ווייטן און ניט געוואַגט צו אים צוצוגיין. מ׳האָט מורא געהאַט אים צו פרעגן וועגן זיין שמועס מיטן פּולקאָווניק. פון עולם אין גאַס האָט זיך געפילט אַ דרך־ארץ צו יוסף חיימס בחור — מ׳האָט געקוקט אויף אים ווי אויף אַ גיבור און וויכטיקן מענטש. דעם פּולקאָווניקס וויזיט האָט שטאַרק געהויבן כאַנינס חשיבות אין די אויגן פון די קרופּקער יידן. עס האָט זיך ביי זיי אַפילו אָנגעהויבן וועבן אַ געוויסע סימפּאַטיע צו נחומען, אָבער די שרעק און פאַרזיכטיקייט לגבי אים איז פאָרט ניט פאַרשוואונדן. טאַטע־מאַמע האָבן זיך באַמיט, אַז זייער זון, וועלכער האָט זיך אָוועקגעלאָזט אויף אַזאַ אויסטערלישן וועג, זאָל זיך פילן גוט אין דער היים. זיי האָבן אים ניט געמוסרט און אים געלאָזט לעבן מיט זיינע מחשבות. דעם יינגן רעוואָלוציאָנער איז אָבער געוואָרן ענג אין שטעטל. איינמאָל פאַרזוכט דעם טעם פון דער היי־



די באָבע נחמה כאַנין



דער זיידע שמואל בער כאַנין

ליקער קאָנספּיראַטיווער אַרבעט, האָט עס אים געלאָקט און ניט געלאָזט רואיק איינזיצן אין שטעטל.

ווידער האָט דער ייִנגער כאַנין גענומען דעם וואַנדערשטעקן און זיך געלאָזט אין וועג אַריין — דאָס מאָל קיין דרום.

## 6. אויף אַרבעט אין אוקראַינע

דער ערשטער עטאַפּ פון דער נייער וואַנדערונג איז געווען באָריסאָוו, און פון דאָרט קיין קיעוו. געלט אויף הוצאות איז ניט געווען, האָט כאַנין זיך אָן עצה געגעבן. איבער די טייכן בערעזינאַ און דניעפּר האָבן קורסירט שיפן. איין שיף האָט געהערט צו פאַריטשער יידן, וועמענס קינדער זיינען געווען פאַרבונדן מיט דער בונדישער באַוועגונג. געהערט, אַז אַ בונדיסט דאַרף פאָרן קיין קיעוו און האָט ניט אויף הוצאות, האָבן זיי אים געגעבן אַ פרייען בילעט.

ס'איז ניט געווען קיין צופאַל פאַרוואָס כאַנין האָט פאַרקירעוועט קיין אוקראַינע. אין יענער צייט — 1904 — האָט אָפט געטראָפן, אַז ייִנגעלייט פון ווייס־רוסלאַנד זאָלן פאָרן קיין דרום־רוסלאַנד זוכן אַרבעט. בונדיסטן האָבן דערביי נאָך געהאַט אַן אַנדערע כוונה. די בונדישע באַוועגונג אין אוקראַינע איז אויפגעשטאַנען שפּעטער, ווי אין ליטע און ווייס־רוסלאַנד. האָבן בונדיסטן, וועמען ס'איז געוואָרן „ענג" אין זייערע היים־שטעט און געמוזט עוקר זיין, זיך געלאָזט טאָן פּיאָנערן־אַרבעט אין די שטעט פון דרום־רוסלאַנד. און אַזוי האָט אויך געטאָן נחום קירזשנער, וועלכער האָט שוין מער ניט געקענט איינזיצן אין קרופּקע אונטער פּאָליציייִשער השגחה.

די שטאָט קיעוו האָט דעם ייִנגן קירזשנער־אַרבעטער ממש באַצויבערט. זי האָט פאַרן קרופּקער אָרעמאַן בחור געפינקלט מיט זיבן חנען.

אויסער געוויסע אויסנאַמען, האָבן יידן ניט געטאָרט וואוינען אין קיעוו, וואָס איז געווען מחוץ דעם תחום המושב. פאַרשטייט זיך, אַז יידישע אַרבעטער זיינען געווען ווייניק. די בונדישע אָרגאַניזאַציע איז דעריבער בעיקר באַשטאַנען פון אינטעליגענטן.

צו בלייבן אין קיעוו אָן „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ" (וואוין־רעכט) איז ניט געווען פון די גרינגע זאַכן. כאָטש כאַנין איז געווען באַצוי־בערט פון דער שטאָט און דאָס האַרץ האָט אים געצויגן צו בלייבן, האָט ער דאָך געהאַט ערנסטע ספקות. ער האָט זיך גלייך פאַרבונדן מיט דער בונדישער אָרגאַניזאַציע און צום ערשטן מאָל זיך געטראָפן מיט דעם פירער פון „בונד" איסאַי אייזנשטאַט־יודין. אייזנשטאַט, אַ פּיאָנער פון „בונד", וועלכער האָט אָנגעהויבן זיין סאָציאַליסטיש־רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט נאָך אין די קרייזלעך פון דער „נאַראָד־נאַיאַ וואָליאַ", האָט שוין דעמאָלט געהאַט אַ גרויסן פּאַרטיי־סטאַזש און זיך גערעכנט פאַר איינעם פון די אַממערסטן וויכטיקע און אויטאָ־ריטעטע פירער. און אייזנשטאַט האָט געזאָגט צום יינגן בונדיסט: פאַר קיין יעקאַטערינאָסלאַוו. פאַרוואָס דווקא יעקאַטערינאָסלאַוו? אייזנ־שטאַט האָט איבערגעגעבן, אַז דאָרט איז נאָר־וואָס פאָרגעקומען אַן אַרעסט. די בונדישע אָרגאַניזאַציע איז צוליב דעם צעפאַלן און ס'איז נויטיק אַ נייער מענטש, וועלכער זאָל צונויפנעמען די פעדים און באַנייען די טעטיקייט.

די בונדישע אָרגאַניזאַציע אין יעקאַטערינאָסלאַוו איז געווען אַ יינגע און אַ קליינע. מיט איר האָבן אָנגעפירט 2 דווינסקער אַרבעטער — לייבעטשקע בערמאַן און מיכל דער סטאָליער (גליקמאַן), ווי אויך אַ פּאָר אָרטיקע. די זשאַנדאַרמעריע איז געפאַלן אויף אירע שפּורן און אָנגעהויבן צו אַרעסטירן אירע מיטגלידער און טוער. ס'איז נוי־טיק געווען, אַז עמיצער זאָל צוריק אויפשטעלן די אָרגאַניזאַציע נאָך די שווערע קלעפּ, וואָס זי האָט געליטן. די דאָזיקע אויפגאַבע האָט דער בונדישער פירער איבערגעגעבן דעם יינגן כאַנין.

מער ווי די איינציקע אָנווייזונג האָט אים אייזנשטאַט ניט געגעבן. קיין פאַרבינדונגען מיט יעקאַטערינאָסלאַוו זיינען דעמאָלט ניט געווען. אין קיעוו האָט מען בלויז געוואוסט, אַז אין יעקאַטערינאָסלאַוו געפינט זיך אַ האָמליער שניידערקע, אַ בונדיסטקע, דאַקעגן האָט מען ניט געוואוסט ווי זי הייסט און אויף וועלכן אַדרעס זי וואוינט. דאָס פעלן פון פאַרבינדונגען האָט אָבער ניט געטאָרט זיין קיין מניעה צום פאָרן. מ'וועט שוין אויפן אָרט זיך דאַרפן אַליין אַן עצה געבן און אויפזוכן די פאַרבליבענע בונדיסטן.

אָן אַ בילעט האָט כאַנין זיך אויפגעזעצט אויף דער שיף און זיך געלאָזט אין וועג אַריין. ער איז ווידער געווען אָן געלט אויף הוצאות. וואָרים קיינער האָט ביי אים ניט געפרעגט צי ער האָט מיט וואָס צו פאָרן און אַליין בעטן האָט ער זיך געשעמט. ער איז געווען גרייט אָפּצופאָרן אָן אַ קאָפּיקע אין קעשענע, אָבער אַ באַקאַנטע חברטע, אַ שניידערקע פון מינסק, האָט אים אַריינגעשטופּט אין האַנט אַריין אַ פּאָר רובל. דעם קליינעם פאַרמעגן האָט כאַנין ניט געוואָלט אויסגעבן אויף אַ בילעט, נאָר באַהאַלטן, צו האָבן מיט וואָס איבערצולעבן די ערשטע טעג אין דער פרעמדער שטאָט.

אַ שווערע צייט איז געווען אין יעקאַטערינאָסלאַוו — סיי אין פּערזענלעכן לעבן, סיי אין דער פּאַרטיי־אַרבעט. כאַנין האָט אויפגעזוכט אַ באַקאַנטע חברטע פון מינסק, מאַניע זאַמקאָווא, און דורך איר האָט ער זיך פאַרבונדן מיט די בונדיסטן. נאָך דעם געצוואונגענעם איבעררייס אין באַריסאָווער טורמע און אין היים־שטעטל קרופּקע, האָט דער יינגער רעוואָלוציאָנער ווידער באַקומען אַ מעגלעכקייט צו ווערן אַקטיוו אין דער אונטערערדישער אַרבעט. די צאָל בונדיסטן איז געווען אַ קליינע, אָבער עפּעס טאָן האָט מען געקענט.

גלייכצייטיק איז געשטאַנען מיט דער פולער שאַרפקייט די פראַגע פון פערזענלעך זיך איינאָרדענען. דער יינגער קירזשנער האָט געקריגן אַרבעט ביי זיין פאַך, אָבער לאַנג האַלטן זיך אויף זיין אַרבעטס־פּלאַץ איז אים ניט געלונגען. קיין גוטער בעל־מלאכה האָט ער ניט געהאַט די מעגלעכקייט צו ווערן, זיינען די פאַרדינסטן געווען קליינע, און לסוף איז ער געבליבן אָן אַרבעט. צוזאַמען דערמיט זיינען געקומען וואָכן און חדשים פון הונגער. אין יענער צייט איז אויסגעקומען צו לעבן מיט 2 קאָפּיקעס אַ טאָג — אַ שטיקל ברויט, קאַוועגע און אַ טשייניק טיי. שלעכט איז אויך געווען מיט אַ דירה. דער אַרבעטסלאָזער קירזשנער האָט ניט געהאַט צו צאָלן דירה־געלט. איז ניט געבליבן קיין אַנדערע ברירה, ווי נעכטיקן אין גאַס. נאָך אַ טאָג אַרומשלעפּן זיך אויף די גאַסן פוסט און פּאַס, האָט דער יינגער נע־ונדניק אין די נעכט אַוועקגעלייגט די מידע ביינער אויסצורוען אויף די האַרטע קלעצער, וואָס זיינען געלעגן ביים דניעפּער, אויף צו מאַכן פון זיי

פליטן אויפֿן טייך. אַמאָל פלעגט דער געלעגער זיין אַ ווייכערער — אויף דער שוואַרצער ערד אונטער אַ קוסט אין די שטאָטישע גערטנער.

אַזוי האָבן זיך געצויגן מאַטערנדיקע וואָכן און חדשים. אויך די פּאַרטיי־אַרבעט איז ניט צוגעגאַנגען ווי עס באַדאַרף צו זיין. האָט כאַנין געזאָגט צו זיך: גענוג, כ׳פאָר אַוועק. וואוהין? נאָך אַ ישוב־הדעת האָט ער באַשלאָסן פאָרן צוריק אין ווייס־רוסלאַנד — מינסק. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ ניי שטורמיש און גלייכצייטיק רייפער קאַפּיטל אין לעבן פון יינגן רעוואָלוציאָנער.

## 7. אויפשטייג אין מינסק

ווען דער יינגער בונדישער מאַסן־טוער איז געקומען פון יעקאַטערינאָסלאַוו, האָט ער שוין געטראָפן אַן אַנדער מינסק. די כוואַליעס פון דער אָנקומענדער רעוואָלוציע האָבן געפּלייצט ווייט און ברייט און פאַרגאָסן ערטער, וואָס זיינען פריער געווען טריקעניש און וויסטעניש.

די בונדישע באַוועגונג איז פאַר די פּאָר יאָר, צווישן ערשטן און צווייטן מאָל קומען קיין מינסק, שטאַרק אויסגעוואַקסן. אין 1904 האָט דער „בונד״ אין מינסק געהאַט אונטער זיין פּאָליטישער פירונג 1200 יידישע אַרבעטער. כאַנין איז געוואָרן אַקטיוו אין דער מינסקער בונדישער אָרגאַניזאַציע און גאָר גיך זיך אַרויסגערוקט אַלס מאַסן־טוער.

געאַרבעט האָט ער דעמאָלט ניט ביי זיין פאַך — קירזשנעריי, נאָר אויף אַ טאַבאַק־פאַבריק. בלויז מיט די הענט איז כאַנין געווען ביי דער מאַכאָרקע אין צוקערמאַנס פאַבריק, מיט אַלע חושים איז ער גאָר געווען אויף די „סכאָדקעס״, אויף פאַרזאַמלונגען און אין די סטרייקן, וואָס די אַרבעטער פון פאַרשידענע פאַכן האָבן געפירט.

אין יענער צייט איז כאַנינען אויסגעקומען נעענטער זיך צו באַקענען מיט וואָלאָדעקן. דאָס ערשטע מאָל האָט כאַנין געזען וואָלאָדעקן אין קאמאראיקער וואַלד אויף אַ הייסער דיסקוסיע מיט קאָליאַ טעפער. ב. וואָלאָדעק האָט פאַרטיידיקט דעם ציוניזם, טעפער — דעם בונדיזם.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מעןביידע דיסקוטאַנטן אַרעסטירט. אין טורמע איז די דעבאַטע צווישן זיי ווייטער אָנגעגאַנגען. נאָך אַ האַלב יאָר זיצן (אין יאָר 1904), איז וולאַדעק, וועלכער איז דעמאָלט געווען באַוואוסט אונטער זייןווירקלעכן נאָמען ברוך טשאַרני, אַרויס פון טורמע נאָכדעם, ווי דער „בונד" האָט פאַר אים באַזאָרגט 200 רובל ערבות־געלט. זיין אַרויסקומען פון טורמע איז געווען באַגלייט מיט אַ סענסאַציע. פון טורמע איז וולאַדעק אַרויסגעקומען אַן איבערצייגטער בונדיסט. אַ גרויסע ווירקונג אויף זיין אידעאישער מעטאַמאָרפאָזע האָט געהאַט שמואל בערנשטיין, אַ לערער, איינער פון די עלטסטע בונדיסטן, וועלכער איז אויך דעמאָלט געזעסן אין מינסקער תפיסה.

פאַרן מינסקער קאָמיטעט פון „בונד" איז געשטאַנען די פראַגע פון אַריינגעמען וולאַדעקן אין דער אָרגאַניזאַציע און אים פאַרבינדן מיט דער פאַרטיי־אַרבעט. דאָס צו טאָן, איז איבערגעגעבן געוואָרן צוויי מענטשן — דער אינטעליגענטקע יהודית ציפּקין, אַ ווילנערין, וועמען „חברה" פלעגט רופן „דעם בעזימס שוועסטער", און כאַנינען. דער יינגער מאַסן־טוער האָט זיך געפילט שטאָלץ מיט דער אָנפאַר־טרויטער מיסיע. ערשטנס, איז אין דעם געווען אַ סימן, אַז דער גע־היימער בונדישער קאָמיטעט, צו וועלכן אַלע האָבן געפילט אַ שטאַרקן דרך־ארץ, האָט צו אים, צום יינגן בונדיסט פון דער מאַסע, צוטרוי. ס'איז אים געווען אַ חידוש, וואָס דער געהיימניספולער, פאַרקאָנספּי־ריטער קאָמיטעט ווייס בכלל וועגן אים. משמעות, אַז זיין טעטיקייט איז דערגאַנגען צום קאָמיטעט, און מ'איז פון איר צופרידן, אויב מ'פאַרטרויט אים אַזאַ וויכטיקע אויפגאַבע. צווייטנס, איז ברוך טשאַרני שוין דעמאָלט געווען אַ שם־דבר. און ער, דער יינגער מאַכאָרקע־אַרבעטער, דאַרף דאָס צוזאַמען מיט יהודית דער אינטעליגענטקע זיין דער אונטערפירער פון גרויסן רעדנער און געבן אים די ערשטע לעקציעס פון פראַקטישער אַרבעט אין „בונד".

ב. וולאַדעק האָט דעמאָלט געוואוינט אויף דער „בלאָטע", אין אַ קליין פינצטער צימערל. יהודית און כאַנין זיינען אַוועק אין זיין דירה און מיט אים איבערגערעדט וועגן אַריינגיין אין דער פאַרטיי־אַרבעט.

כאַנין איז געווען טעטיק אין דער גרעסטער „סכאָדקע", וואָס איז

באַשטאַנען פון אַרבעטער אין פאַרשידענע קליינע פאַכן. מ׳האָט דערפאַר זי געררופן די „סמעס״־סכאַדקע. וולאַדעק איז אַריין אין „סמעס״ און דאָרט איז געווען זיין ערשטע שול פון פּראַקטישער בונדישער אַרבעט.

אין מערץ 1905 איז אין מינסק אויסגעבראָכן אַן אַלגעמיינער סטרייק פון פריקאַזטשיקעס (האַנדלס־אַנגעשטעלטע). הגם כאָנין איז דעמאָלט געווען גאָר אַ מאַכאָרקע־אַרבעטער, פונדעסטוועגן האָט דער דאָזיקער סטרייק געשפילט אַ וויכטיקע ראָל אין זיין לעבן, ווייל אין גאַנג פון סטרייק איז נחום דער קירזשנער פון צוקערמאַנס טאַבאַק־פאַבריק מפורסם געוואָרן — ווי אַ רעדנער.

1800 אַנגעשטעלטע זיינען אַרויס אין סטרייק, וואָס האָט אָנגע־האַלטן 10 טעג. זיי האָבן געפאָדערט צו פאַרקלענערן דעם אַרבעטס־טאָג און אַרבעטן בלויז פון 9 פרי ביז 9 אָוונט מיט אַן איבערייס פון 2 שעה — אויף מיטאָג און פרישטיק. עס זיינען אויך געווען פאָדע־רונגען וועגן בעסערע באַהאַנדלונג, באַשעפטיקן יינגלעך נאָר ביי קראָם־אַרבעט אד״ג. דאָס איז שוין געווען דער צווייטער גרויסער סטרייק פון די מינסקער פריקאַזטשיקעס, פונדעסטוועגן זיינען נאָך געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן מורא געהאַט פאַר די באַלעבאַטים צו סטרייקן. האָבן זיי אָפּגעמאַכט מיטן סטרייק־קאָמיטעט, וואָס איז אָנ־געפירט געוואָרן דורכן „בונד״, אַז מען זאָל זיי קומען אַראָפּנעמען פון דער אַרבעט. מאַנכע האָבן געבעטן, אַז מען זאָל זיי טאָן אַ טובה און — שלאָגן, כדי די באַלעבאַטים זאָלן זען, ווי מ׳האָט מיט גוואַלט ניט געלאָזט אַרבעטן זייערע טרייע משרתים. אַלע, אַחוץ איינציקע אויס־נאַמען, האָבן געסטרייקט. די נעמען פון די פּאָר סטרייק־ברעכער האָט מען געלייענט אויף די גרויסע פאַרזאַמלונגען אין שול. צו זיין אַ סטרייק־ברעכער איז געווען אַ גרויסע חרפה. איינמאָל האָט זיך אויפגעשטעלט אַ פרומער ייד און געשוואוירן ביי גאָט און ביי דער הייליקער תורה, אַז ער איז ניט קיין סטרייק־ברעכער. די גרויסע פאַרזאַמלטע מאַסע האָט געשריגן, אַז זי גלויבט אים און געהייסן אַראָפּנעמען זיין נאָמען פון צעטל סטרייק־ברעכער.

בעתן סטרייק זיינען פאָרגעקומען 9 גרויסע פאַרזאַמלונגען — אויף דער ערשטער זיינען געווען 1200 מאַן, אויף דער לעצטער 4 טויזנט. ס׳איז אויך געווען איין מיטינג, צו וועלכן עס זיינען געקומען 8 טויזנט

מענטשן — אָנגעשטעלטע, אַרבעטער און סתם יידן. די פאַרזאַמלונגען האָבן זיך געצויגן שעהן לאַנג. מ׳האָט גערעדט ניט בלויז וועגן די ענינים פון סטרייק, נאָר בכלל וועגן דער לאַגע אין לאַנד. דער הויפּט־רעדנער איז געווען ב. וולאַדעק. זיינע שיינע רעדעס האָבן באַגייסטערט דעם עולם. כמעט יעדן טאָג האָט ער גערעדט אויף די פאַרזאַמלונגען אין דער גרויסער שול. האָט זיך אַמאָל געמאַכט, אַז וולאַדעק איז ניט געקומען. עס זיינען געווען פאַרזאַמלט אַ טויזנט מענטשן. אומגעדולדיק האָבן זיי געפּאָדערט, אַז מ׳זאָל ריידן. קיין אַנדערע פּאַטענטירטע רעדנער זיינען ניט געווען, ווייל מ׳איז געווען זיכער, אַז וולאַדעק וועט זיין. באין ברירה איז מען צוגעשטאַנען צו כאַנינען און אים גע־שטופּט אַרויפצוגיין אויף דער בימה. ער האָט אָבער ניט געוואָלט, ער האָט פּשוט מורא געהאַט צו ריידן פאַר אַזאַ גרויסן עולם. קעגן זיין ווילן האָט מען אים אַוועקגעשטעלט און ער האָט אָנגעהויבן ריידן. הענט און פיס האָבן זיך אים געטרייסלט, אָבער ער האָט גערעדט. ס׳איז ניט געווען קיין דורכגעטראַכטע רעדע. ווערטער האָבן אָפט זיך ניט געבונדן, אָבער זיי זיינען געזאָגט געוואָרן מיט האַרציקייט און גלויבן. און די טויזנט־קעפּיקע מאַסע האָט געהערט און געקוואָלן פון דער רעדע פון נחום דעם קירזשנער. דער עולם האָט געפילט, ווי ער אַליין וואָלט גערעדט. נאָך דער רעדע האָבן אין שול געהילכט אַפּלאָדיסמענטן און בראַוואָס. און פון דעמאָלט אָן איז כאַנין, אַ דאַנק דעם שאַנס וואָס וולאַדעק האָט אים געגעבן, געוואָרן אַ רעדנער.

די מאַסע פלעגט אים גערן הערן. שבת בייטאָג, ווען אויפן מינס־קער בית־מדרש־הויף פלעגט זיין אַ גרעסערער עולם, האָט כאַנין זיך אַוועקגעשטעלט אינמיטן און געהאַלטן אַ רעדע וועגן די דעמאָלטיקע אַנגעווייטיקטע ענינים. זיין פּאָפּולאַריטעט אין שטאָט איז דעריבער צוליב דעם געוואַקסן.

כאַנין האָט אינגאַנצן געפיבערט מיט דער באַוועגונג, ער האָט אויפגעהערט צו אַרבעטן און אָפט געהונגערט. טאָג און נאַכט האָט ער געלעבט מיט דער פּאַרטיי און מיט די געשעענישן, וואָס זיינען זיך פאַרלאָפן אין שטאָט. ער איז געווען פון די סאַמע אַקטיווסטע. אומעטום האָט מען אים געטראָפן, ביי יעדער געפאַר איז ער מיטגעווען. און יעדער האָט אים גערן געהאַט. ווייל כאַנין האָט פאַרמאָגט די מעלה

מיט יעדן צו קענען זיין אַ גוטער ברודער און גיך זיך איינלעבן מיט מענטשן. ער איז געווען נאָנט מיט דער אינטעליגענץ אַזוי ווי מיט דער רויער מאַסע. ער האָט זיך געפילט היימיש אויף די געוועקסטע דילן פון די רייכע אינטעליגענטע הייזער, ווי אויף דער שוואַרצער ערד פון די איינגעבויגענע כאַטקעס פון די שוסטער, בערשטער און קאַוואַלעס. און ס׳איז געווען אַן אַנערקענונג פאַר זיין טיכטיקייט און איבערגעגעבנקייט, ווען מ׳האָט אים דערהויבן אין דער פּאַרטיי־היעראַרכיע דורך אַריינגעמען אים אַלס מיטגליד אין צ. אָ. (צענטראַלע אָרגאַניזאַציע), אַ קערפּערשאַפט צווישן קאָמיטעט און „סכאָדקע״. ער איז געווען אַ טוער, וועלכער קומט פון דער טיפּעניש פון דער מאַסע, בלייבט פאַרוואָרצלט אין איר און הויבט זיך אַרויף אַ קאָפּ העכער פון איר. אַזאַ טיפּ טוער איז אַ מזל־ברכה פאַר אַ געזעל־שאַפטלעכער באַוועגונג.

ווען מ׳האָט געדאַרפט אָפּטאָן אַ שווער אָדער געפערלעך שטיקל אַרבעט, איז כאַנין מיטגעווען. אַזוי ווי דער מינסקער ב. אָ. (באָיעוואָי אָטריאַד — קאַמף־אָפּטיילונג) האָט אויסגעפירט אַ ריי אַטענטאַטן אויף פאַרשטייער פון דער צאַרישער מאַכט, איז כאַנין אויך געווען מיט־באַטייליקט. איינמאָל איז דאָס געווען אַן אָנפאַל אויף אַ פּריסטאַוו. אסתר פרומקין איז אַמאָל געקומען צו די מיטגלידער פון ב. אָ. און דערציילט, אַז ביינאַכט האָט מען איר דירה באַגנבעט. און אַזוי ווי ס׳האָט דאָרט געגעכטיקט אַ פאָרשטייער פון צ. ק., האָט מען אויך צוגעגנבעט פּאַרטיי־מאַטעריאַלן. חברה האָט זיך אַרויסגעלאָזט אין שטאָט אַריין און זיך דערוואוסט וואו די גנבה איז אָפּגעשטעקט געוואָרן. 7 מענטשן מיט רעוואָלווערן, צווישן זיי אויך כאַנין, האָבן זיך אַוועק־געלאָזט צום באַשטימטן אָרט. אַזוי ווי די דירה איז געווען פאַרשלאָסן, האָט מען אויפגעבראָכן די טיר און אינעווייניק דורכגעפירט אַ שטרענ־גע רעוויזיע. צוריקוועגס איז פאַרבייגעפאָרן אַ פּאָליציי־פּריסטאַוו. ער האָט דערזען אַ גרופּע אין שוואַרצע און רויטע העמדלעך און זי איז זיין געניט פּאָליצייאיש אויג ניט געפעלן געוואָרן. דער פּריסטאַוו האָט זיך דערנעענטערט. חברה האָט זיך אַ לאָז געטאָן אין אַ זייטיק געסל און דער פּריסטאַוו איז נאָכגעפאָרן. געווען איז דאָס אויפן טור־

רעצקער באַרג. די מיטגלידער פון ב. אָ. האָבן זיך אויסגעדרייט, אויס־געשאָסן צום פריסטאַוו און אים שווער פאַרוואונדעט.

פון אַ מער ערנסטן כאַראַקטער איז געווען אַ צווייטער אַטענטאַט. געווען איז דאָס זומער 1905. נאָך די לאָדזשער באַריקאַדן־קאַמפן האָט דער „בונד" אין אַ גרויסער צאָל שטעט דורכגעפירט מאַסן־דעמאָנסטראַציעס. אַזוי איז אויך געווען אין מינסק.

די דעמאָנסטראַציע איז פאָרגעקומען דעם 28טן יוני (לויטן אַלטן סטיל). אַ פּאָר טעג פאַר דעם זיינען פאָרגעקומען מאַסנהאַפטע פאַלקס־מיטינגען. אויפן טאָג פון 28טן יוני האָט דער קאָמיטעט פון „בונד" פּראָקלאַמירט אַן אַלגעמיינעם סטרייק. די אַרבעט און דער האַנדל זיי־נען אינגאַנצן אָפּגעשטעלט געוואָרן. אין דער פרי איז פאָרגעקומען אַ מיטינג פון 3 טויזנט מענטשן און אין אָוונט פון 6 טויזנט. ס'האָט זיך פאָרמירט אַ גרויסע מאַסן־דעמאָנסטראַציע, וועלכע האָט מאַרשירט מיט רויטע פאָנען און געמאַכט אויסרופן קעגן דער צאַרישער זעלבסט־הערשונג. ווי תמיד, האָט בראש פון דער דעמאָנסטראַציע מאַרשירט אַ באַוואָפנטע אָפּטיילונג פון ב. אָ.

אויף באַגאָדעלניע גאַס זיינען קאָזאַקן באַפאַלן די דעמאָנסטראַנטן און אָנגעהויבן שיסן. עס זיינען געפאַלן 2 קרבנות. די 2 טויטע זיינען געווען פייוול דער גאַרבער און אברהם הימעלשטיין פון „קליינעם בונד". עס זיינען אויך געווען פאַרוואונדעטע. פיל מענטשן האָט מען אין יענעם טאָג אַרעסטירט.

דער ב. אָ. באַשליסט ניט צו לאָזן אָן אַן ענטפער די רציחה פון די קאָזאַקן. ער האַנדלט בליץ־שנעל. ביינאַכט האָט אַ גרופּע פון ב. אָ., מיט כאַנינען בתוכם, געוואָרפן אַ באָמבע אויפן הויז פון מערדערישן מינסקער גובערנאַטאָר קריליאָוו. עס זיינען געפאַלן טויט עטלעכע פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן דאָס הויז געהיט. פון אַ האַרץ־שלאַג איז געשטאָרבן דער בירגערמייסטער פון שטאָט, וועלכער איז געווען אין גובערנאַטאָרס הויז. בכלל זיינען יענעם טאָג אין די צוזאַמענשטויסן צווישן די יידישע אַרבעטער פון איין זייט, און מיליטער און פּאָליציי פון דער צווייטער זייט געפאַלן אַ צענטליק טויטע און אַ צאָל פאַר־וואונדעטע.

אין שטאָט איז ניט געבליבן קיין סוד, אַז כאַנין איז געווען צווישן

די באַמבע־וואַרפער. דער קאָמיטעט פון „בונד" האָט דעריבער באַ־שלאָסן אים משלח צו זיין פון מינסק. כדי אָבער זיין טעטיקייט פאַר דער פּאַרטיי זאָל ניט פאַרלוירן גיין, האָט דער קאָמיטעט באַשלאָסן אים אויסצונוצן אַלס טוער אין ראַיאָן. זיין אַרבעט אַלס אָרגאַניזאַטאָר און רעדנער איז שוין דעמאָלט געהעריק אָפּגעשאַצט געוואָרן. צום ערשטן מאָל אין לעבן באַקומט כאַנין געלט פון דער פּאַרטיי, כדי ער זאָל זיך קענען לייטיש אויסקליידן. ער האָט זיך אַרויסגעלאָזט אין מינסקער ראַיאָן. שטאַרק פאַרזיכטיק איז דאָס ניט געווען. אויב די זשאַנדאַרמעריע פון מינסק וואָלט אים געזוכט, וואָלט זי אויך געקענט אויף אים אַרויפלייגן איר האַנט אין די שכנותדיקע שטעטלעך. אין דער צייט פון רעוואָלוציאָנערן אויפברויז האָט מען אָבער ניט אַזוי שטאַרק מקפּיד געווען אויף קאָנספּיראַציע. אַבי ער וועט זיך ניט אַרומדרייען אויף די גאַסן פון מינסק.

ווי אַ טוער פון „בונד", האָט כאַנין דעמאָלט באַזוכט די שטעט־לעך סמילעוויטש, פּוכאָוויטש, סמאָלעוויטש, איהומען און בערעזין. אין איהומען האָט כאַנין צום ערשטן מאָל באַגעגנט דעם שפּעטער באַ־רימט געוואָרענעם דיכטער ה. לייוויק, וועלכער איז דעמאָלט געווען טעטיק אין „בונד". אומעטום האָט כאַנין דורכגעפירט פאַרזאַמלונגען און געהאַלטן טעמפּעראַמענטפולע רעדעס. ער אַליין איז געווען אונ־טערן שטאַרקן איינדרוק פון די איבערגעלעבטע שטורמישע טעג אין מינסק, פון די רעוואָלוציאָנערע אַקטן, און מיט זיין פייער געצונדן די הערצער און מיט זיין טיפן גלויבן געוועקט די פאַנטאַזיע און האָפענונגען פון די מאַסן אין די שטעטלעך. די פאַרזאַמלונגען פלעגן פאָרקומען אין וואַלד, אין בית־מדרש און אַפילו אין באָד.

וועגן דעם באַזוך אין מינסקער ראַיאָן זיינען געווען אָפּגעדרוקט אייניקע קאָרעספּאָנדענציעס אין אָרגאַן פון אויסלענדישן קאָמיטעט פון „בונד", „פּאָסליעדניא איזוועסטיאַ". אַזוי, למשל, ווערט דערציילט, אַז אין סמאָלעוויטש איז פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג פון 55 פּאַרטיי־מיטגלידער און דער רעדנער, וועלכער איז געקומען צופאָרן, האָט גערעדט „וועגן דער ראָל פון יידישן פּראָלעטאַריאַט אין דער רעוואָ־לוציאָנערער באַוועגונג". אויפן צווייטן טאָג איז פאָרגעקומען אַ בריי־

טערע פאַרזאַמלונג מיט דער באַטייליקונג פון 200 מענטשן. נאָכדעם ווי דער זעלבער שליח פון ראַיאָן־קאָמיטעט האָט געהאַלטן אַ רעדע וועגן דער פּאָליטישער לאַגע האָט די פאַרזאַמלונג אָנגענומען אַ רעזאָ־לוציע. 30 אָנוועזנדיקע ציוניסטן האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו שטימען פאַר איר. אויף אַ דריטער פאַרזאַמלונג האָט מען גערעדט וועגן פּאַרטיי־דיסציפּלין און רעוואָלוציאָנערער מאָראַל.

אין איהומען זיינען פאָרגעקומען 2 פאַרזאַמלונגען. אויף איינער זיינען געקומען אַרום 700 מענטשן.

אין פוכאָוויטש זיינען שבת דעם 9טן יולי פאָרגעקומען 2 פאַר־זאַמלונגען, איינע פון זיי אין שול, אויף וועלכע עס האָט גערעדט דער שליח פון ראַיאָן־קאָמיטעט. די פאַרזאַמלונגען — ווערט באַריכטעט — האָבן אין שטעטל געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן דורכצופירן מיטוואָך דעם 13טן יולי אַן אַלגעמיינעם סטרייק, אַלס פּראָטעסט קעגן די בלוטיקע געשעענישן אין מינסק (פון 28טן יוני) און אַנדערע שטעט. דער סטרייק איז זייער גוט אַדורך — דאָס לעבן פון גאַנצן שטעטל האָט אין יענעם טאָג ווי אינגאַנצן זיך אָפּגעשטעלט.

אין אַ געוויסן טאָג איז אָנגעקומען פון ראַיאָן־קאָמיטעט אַ בריוו, אַז כאַנין זאָל פאָרן קיין באָריסאָוו, וואו ער איז דרינגענד נויטיק. וואָרים דאָרט איז געשען עפּעס שרעקלעכעס. פאָרגעקומען איז עס תשעה באב. אויפן בית־עולם איז פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג פון טויזנט מענטשן — בערך אַ העלפט פון אַלע יידישע אַרבעטער אין שטאָט. אַלץ איז אַדורך בשלום. אין אָוונט איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ פאַר־זאַמלונג פון 200 פאַרטיי־מיטגלידער. אין מיטן פון אַ רעדע זיינען אָנגעקומען צולויפן פּאָליציי און מיליטער. מיט נאַהייקעס און הוילע שווערדן האָבן זיי געהאַקט רעכטס און לינקס. 11 מענטשן זיינען דער־ביי געוואָרן אַרעסטירט, צווישן זיי דריי שווער־פאַרוואונדעטע: חיים דער דרוקער, ראַשקע דעם מגידס און „וולאַדימיר" פון דווינסק, דער גאַסט־רעדנער.

מיט דעם האָט זיך עס נאָך ניט געענדיקט. אָפּטיילונגען דראַגונער זיינען אין די נאָנטסטע טעג אַרומגעריטן אין די גאַסן פון שטאָט און אַלעמען טעראָריזירט. מ'האָט געשלאָגן און גערמיתט. די צאַרישע

מאַכט האָט געוואָלט ווייזן, אַז זי הערשט אין שטאָט און ניט דער „בונד“. די מענטשן זיינען טאַקע געוואָרן טעראָריזירט. דער ראַיאָן־קאָמיטעט פון „בונד“ האָט דעריבער געשריבן, אַז ס׳איז נויטיק צו פאָרן קיין באָריסאָוו, כדי צו העלפן די אָרטיקע חברים זיך אַן עצה געבן אין דער שווערער לאַגע.

כאַנין איז געקומען קיין באָריסאָוו — אין דער שטאָט, וואָס איז אים געווען גוט באַקאַנט פון די פריערדיקע יאָרן. דאָרט איז ער אין תלמוד־תורה געגאַנגען, דאָרט האָט ער אויך צום ערשטן מאָל פאַר־זוכט דעם טעם פון צאַרישער טורמע. אַהין איז איצט ווידער געקומען נחום דער קירזשנער, אָבער שוין אַן אויסגעוואַקסענער, אַ פּאַרטיי־טוער. ער איז געקומען מיט אַ וויכטיקער מיסיע: העלפן דער שטאָט זיך אַן עצה געבן מיט די צעיושעטע דראַגונער, געשיקט דורך דעם גענעראַל רענענקאַמף, אַראָפּצודרייען דעם קאָפּ פון דער רעוואָלוציאָנע־רער „הידרע“.

דער שליח פון ראַיאָן־קאָמיטעט האָט זיך תיכף גענומען עפּעס טאָן. ער האָט צונויפגענומען דעם אַקטיוון עלעמענט פון דער בונדי־שער אָרגאַניזאַציע. די אָרטיקע בונדישע טוער האָבן זיך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט די אַרבעטער פון די שוועבעלעך־פאַבריקן. די לעצטע זיינען אָבער געווען אַזוי אָנגעשראָקן פון די רציחות, אַז זיי האָבן פּשוט מורא געהאַט זיך צו טרעפן מיט דער מוטיקער בונדישער גרופּע. גענעראַל רענענקאַמף, וועלכער האָט שפּעטער טרויעריק זיך באַרימט געמאַכט מיט זיינע שטראָף־עקספּעדיציעס אונטערצודריקן די רעוואָלוציאָנערע אויפברויזן אין סיביר, האָט געוועלטיקט אין שטאָט ביד חזקה. די הויט האָט אויף אַלעמען געציטערט.

וואָס טוט מען? אַ גרופּע בונדיסטן האָט דעמאָלט באַשלאָסן דעם טעראָר צו צעברעכן מיט אַ קעגן־טעראָר. דאָס וואָרט — נקמה האָט געשוועבט אויף די ליפּן פון די פּאַרטיי־מיטגלידער. מ׳האָט זיך גע־שטעלט אין פאַרבינדונג מיטן מינסקער קאָמיטעט פון „בונד“ און פון אים באַקומען 2 באָמבעס. די באָמבעס האָט געבראַכט די יינגע חברטע, ציליע ריפּס, אַ שניידערקע. צוזאַמען מיט איר איז געקומען אַן עלטערער חבר, באָריס, אַן אינזשינער, וועלכער האָט די באָמבעס אויסגעפּאַרטיקט.

עס ווערט צונויפגעשטעלט אַ גרופּע, מיט כאַנינען בתוכם, וואָס דאַרף זיך אָפּרעכענען און נקמה נעמען פאַרן פאַרגאָסענעם בלוט און פאַר די אומצאָליקע רציחות. די גרופּע טשאַטעוועט אָפּ ביינאַכט די דראַגונער. איינמאָל — דאָס איז געווען דעם 2טן אויגוסט 1905 — ווען אַן אָפּטיילונג דראַגונער איז אַראָפּ פון די גאַסן און איז צוריק־געריטן אין קאַזאַרמע, איז איין באָמבע געוואָרפן געוואָרן. די באָמבע האָט אויפגעריסן מיט אַ גרויסער קראַפט. זי איז געווען גוט געצילט און אויפן אָרט פון די רייטנדיקע דראַגונער איז געוואָרן אַ מיאַזגע פלייש און בלוט. 2 סאָלדאַטן זיינען געפאַלן טויט און 3 פאַרוואונדעט. עס זיינען אויך דערהרגעט געוואָרן עטלעכע פערד. די קראַפט פון אויפרייס איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז 2 שכנותדיקע הייזלעך זיינען טיילווייז חרוב געוואָרן.

די גרופּע האָט געהאַט גרייט ביי זיך אויך די צווייטע באָמבע, אָבער ס׳איז שוין ניט געווען נויטיק זי צו וואַרפן. מיט דער צווייטער באָמבע איז די גרופּע באַלד נעלם געוואָרן. זי איז אַוועק צום גלחס גאָרטן און דאָרט די באָמבע באַגראָבן.

נאָך דעם דאָזיקן נקמה־אַקט, האָט שוין כאַנין אין באָריסאָוו אויך ניט געקענט בלייבן און ער איז צוריקגעקומען קיין מינסק. ווי גאָר ניט געווען, איז ער ווידער אַריין אין דער אָרטיקער פּאַרטיי־אַרבעט. טעג און וואָכן זיינען געפלויגן, ווי אין אַ רוישיקן פאַרשי־כורנדיקן טאַנץ. ביז עס זיינען געקומען די אָקטאָבער־טעג פון 1905 און דער היסטאָרישער מאַניפעסט פון רוסישן צאַר, וואָס האָט צוגע־זאָגט רוסלאַנד אַ קאָנסטיטוציע און פרייהייט. נאָכן מאַניפעסט זיינען צענטליקער טויזנטער מענטשן אַרויס אויף די מינסקער גאַסן. אַן אַלגעמיינע פרייד האָט געהערשט, ס׳האָט זיך געדוכט, אַז רוסלאַנד איז געוואָרן פריי. די מאַסע האָט געשטראָמט צום ווילנער וואָקזאַל. דאָרט האָט די צעיובלטע מאַסע געטראָפן אָפּטיילונגען זעלנער, וועל־כע האָבן אָנגעהויבן אַ מערדערלעכע שיסעריי. עס זיינען געפאַלן צענט־ליקער טויטע און פאַרוואונדעטע. בלוט האָט זיך געגאָסן — דער צאַרישער פירוש אויף דער קאָנסטיטוציע.

אין אַ גרויסן ברידער־קבר האָט מען מקבר געווען פיל חברים און

פריינד, נאָנטע גוטע מענטשן. אַלע זיינען ווי פּריטשמעליעט געוואָרן פון שרעקלעכן קלאַפּ. אַ טרויער כאַפּט אַרום. אין יענע טעג באַשליסט כאַנין צו פאַרלאָזן מינסק. ער וויל זיין אין אַ גרויסער שטאָט, כדי אין ברען פון דער פּאַרטיי־אַרבעט, אין קאָך פון די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן אויסלעבן די שרעקנס־בילדער פון דער מינסקער שחיטה און צוריקגעווינען די זעלישע גלייכגעוויכט.

## 8. אין פּוילן

דריי שטעט זיינען געשטאַנען פאַר די אויגן פון באַטריבטן רע־וואָלוציאָנער: אָדעס, וואַרשע, ווילנע. דער צ. ק. פון „בונד" האָט אָבער אַנדערש געפּסקנט. דער באַפעל איז געווען צו פאָרן קיין מאָהי־לעוו. דער פּאַרטיי־זעלנער האָט זיך צעבונטעוועט און ניט געוואָלט פאָלגן דעם גענעראַל־שטאַב. אויף אייגענער האַנט איז ער גאָר אַוועק־געפאָרן קיין וואַרשע. דיסציפּלין־ברוך. דערפאַר האָט מען אים דאָרט ניט געוואָלט צולאָזן צו דער פּאַרטיי־אַרבעט.

כאַנין האָט זיך ניט געוואָלט אונטערגעבן דעם שטרענגן אורטייל. אין וואַרשע זיינען דעמאָלט געווען טעטיק זיינע אַלטע באַקאַנטע, חשובע פּאַרטיי־טוער, מיט וועמען ער איז געווען היימיש פון מינסק — בייניש מיכאַלעוויטש, עזרא, וולאַדימיר שטשופּאַק. ביי זיי האָט ער געבעטן הילף אין זיין פיינלעכער לאַגע. זיי האָבן זיך פאַר אים איינ־געשטעלט און אויסגעפּועלט פון צ. ק. אַ מחילה. דעם אַמנעסטירטן האָט דער פּוילישער ראַיאָן־קאָמיטעט פון „בונד" געשיקט אויף פּאַר־טיי־אַרבעט קיין לובלין. נחום דער קירזשנער איז געוואָרן אַ „פּראָ־פעסיאָנאַל" — אַ פּראָפעסיאָנעלער רעוואָלוציאָנער. דער פאָרשטייער פון ראַיאָן־קאָמיטעט, יידל מאָטאָלסקי (מילער), האָט אים איבערגעגעבן די נויטיקע אָנווייזונגען און כאַנין איז אַוועק קיין לובלין.

אַ נייע אַטמאָספער. אַ טיף־אָרטאָדאָקסישע שטאָט, פּוילישע יידן. אין דער בונדישער טעריטאָריע האָט לובלין פאַרנומען אַ חשוב אָרט. מיט רעכט האָט מען אין אומאָפּהענגיקן פּוילן געזאָגט — „דאָס בונ־דישע לובלין". איז דאָך דער „בונד" דאָרט לאַנגע יאָרן געווען די

שטאַרקסטע יידישע פּאַרטיי און ווייט איבערגעשטיגן אַנדערע. דעמאָלט אָבער, אין 1905, איז די אָרטיקע בונדישע אָרגאַניזאַציע געווען נאָך אַ ייִנגע, ווארעם די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין לובלין האָט זיך אָנגעהויבן שפּעט. נישט געקוקט דערויף האָט זי באַלד אַרויסגעוויזן אַ חסידיש־רעוואָלוציאָנערן ברען און זיך אויסגעצייכנט מיט אַ ריי געוואַגטע טאַטן.

כאַנין האָט אויפן אָרט שוין געטראָפן צוויי שלוחים פון צ. ק., אַחוץ די אָרטיקע טוער. די צוגעשיקטע זיינען געווען פּעסע קאַטעלאַנסקי, אַ שניידערין פון בריסק (אין אומאָפּהענגיקן פּוילן איז זי געווען אַן אָנגעזעענע טוערין פון „בונד" און טרייד־יוניאָן־באַוועגונג, באַקאַנט אַלס שרה שוועבער) און עליאַש פּרייז פון לאָדזש. באַלד נאָכן קומען איז פון נחום דעם קירזשנער געוואָרן סאַמואיל, וועלכער איז געווען איינער פון די פירער פון דער ייִנגער ברויזנדער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון די יידישע אַרבעטער אין לובלין.

סאַמואיל איז קודם־כל אויסגעצייכנט געוואָרן ווי אַ רעדנער. דער קאָמיטעט האָט אים פּאַראָרדנט אַרויסצוטרעטן אויף די פאַרזאַמלונגען אין די שולן און בתי־מדרשים. אין יענער צייט פלעגן אַזעלכע פאַרזאַמלונגען פאָרקומען כמעט טאָג נאָך טאָג. אין דער גרויסער שול אויף דער יידישער גאַס האָט דער ייִנגער רעדנער אויפגעשטורעמט אַן עדה פון 3 טויזנט מענטשן.

מיט אימפּעט און פרייד האָט סאַמואיל געטאָן זיין אַרבעט. וועגן זיינע שטימונגען אין לובלין דערציילט נ. כאַנין (אין דער אויסגאַבע „לובלינער יאָנג מענ׳ס ברענטש אַרבעטער רינג 392", ניו־יאָרק 1934):

„די ערשטע פאַרזאַמלונג מיינע איז געווען אין איינער פון די אַלטע שולן. דאָס איז געווען אַכט אַזייגער ביינאַכט. אין שול איז געווען פינצטער, זי איז אָבער געווען אָנגעפּאַקט מיט מענטשן. די געפּאַקטקייט פון די מענטשן האָט מען געקאָנט זען דורך דער ליכט, וואָס די לבנה האָט אַריינגעשיינט דורך די פענצטער. קיין מענטשלעכע פּנימער האָט מען ניט געקאָנט זען. מ׳האָט מיך צוגעפירט צום אָרון־קודש און דאָרט האָב איך געדאַרפט האַלטן די רעדע. דאָס לאַנד איז געווען אָנגעפילט מיט רעוואָלט. מיין האַרץ איז געווען אָנגעפילט

מיט פרייד און שטאָלץ, וואָס איך דאַרף דעם רעוואָלט נאָך מער פאַנאַנדערוואַרעמען און דערפירן צום העכסטן עקסטאַז".

די רייד פון נייעם חבר סאַמואיל האָבן שטאַרק אויסגענומען ביי די אויפגעברויזטע יידישע מאַסן פון לובלין. ער איז גאָר גיך געוואָרן באַליבט און באַרימט. די האַלטונג פון „ליטוואַק סאַמואיל" צווישן די עכטע פוילישע יידן פון לובלין איז געווען אַ פריינדלעכע און צוגעלאָזענע. מיט יעדן איז ער גלייך געוואָרן היימיש. אים האָט דער קאָמיטעט אָנפאַרטרויט אָנצופירן מיט די בעקער און שוסטער, צווישן וועלכע עס זיינען באַלד דורכגעפירט געוואָרן סטרייקן. סאַמואיל האָט זיך ניט באַגנוגנט בלויז מיט די צוויי אָנפאַרטרויטע פאַכן, נאָר ער איז פאַקטיש געווען, ווי זיין טבע איז, אומעטום. „די גאַנצע שטאָט איז געווען אויף זיין קאָפּ".

צו יענער צייט האָט די לובלינער אָרגאַניזאַציע זייער אָפט אַרויסגעלאָזט אויפרופן וועגן די פאַרשידענע אָרטיקע און אַלגעמיינע פּאָליטישע געשעענישן. קיין אייגענע דרוקעריי איז ניט געווען. האָט מען די אויפרופן העקטאָגראַפירט אָדער אָפּגעדרוקט אין פאַרכאַפּטע דרוקערייען. אויך סאַמואיל בראש פון אַ גרופּע האָט פאַרכאַפּט אַ דרו־קעריי. די גרופּע איז באַשטאַנען פון דוד שלישער (באָום), מאיר שלי־שער, אברהם שלישער, כייקע די פריזירקע און אַנדערע (כייקען האָט מען שפּעטער גערופן „די מאַמע פון טורמע", ווייל זי פלעגט באַזאָרגן הילף פאַר די פּאָליטישע אַרעסטירטע. זי איז געווען זייער באַליבט. צוזאַמען מיט איר מאַן — דעם אָנגעזעענעם בונדישן טוער פון לובלין, פישל ווייס — איז זי בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה נאָכן פאַרלאָזן פּאַריז דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשן). די פאַר־כאַפּטע דרוקעריי — פון משה שניידמעסער און אַלמנה נחמה הערשנהאָרן — איז געווען די גרעסטע אין שטאָט. מיט רעוואָלווערן אין די הענט איז די גרופּע אַריין און אַרעסטירט דעם באַלעבאָס און די אַרבעטער. דער באַלעבאָס שניידמעסער, אַ 70־יעריקער זקן, האָט זיך ניט דערשראָקן. ער איז געווען גרייט זיך צו לאָזן „אַרעסטירן" און ניט שטערן אָפּדרוקן די פּראָקלאַמאַציע, ער האָט אָבער דערביי געהאַט אַן אייגנאַרטיקע בקשה:

„איך בין גרייט צו טאָן אַלץ, וואָס איר וועט מיר הייסן — האָט געזאָגט דער אַלטער שניידמעסער — אָבער היינט איז פרייטאָג, ערב דעם הייליקן שבת. ביי מיר אין דרוקעריי האָט מען נאָך קיינמאָל ניט מחלל שבת געווען. איך בעט אייך, גייט היינט אַוועק און קומט שבת צונאַכטס. דעמאָלט וועלן מיר זיך לאָזן אַרעסטירן און איר וועט אָפּ־דרוקן אייער פּראָקלאַמאַציע".

די רייד פון זקן האָבן ניט אָפּעלירט צו די היציקע רעוואָלוציאָנערן און זיי האָבן זיך געשטעלט צו דער אַרבעט. ס׳איז דעמאָלט געווען קריגס־צושטאַנד, און אויך דאָס האָט די יינגע ענטוזיאַסטן, צווישן וועלכע ס׳איז אויך געווען אַ זון פון דער דרוקעריי־אייגנטימעריך, דער שפּעטער באַקאַנטער בונדישער טוער ד״ר שלמה הערשנהאָרן, ניט גע־קאָנט אָפּהאַלטן פון דרוקן די פּראָקלאַמאַציע, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט די גרעסטע געפאַרן. אַזוי האָט מען געאַרבעט אַ גאַנצן פרייטאָג צונאַכטס. פאַרטאָג איז אַלעמען באַפאַלן אַ הונגער. דוד באַום האָט לאַנג ניט געטראַכט, איז אַריין אין שכנות, אויפגעריסן אַן איווון און אַרויסגעצויגן פון דאָרט די פעטע טשאָלענטער און אַלעמען איינגע־טיילט. די טאָכטער פון באַלעבאָס האָט דערביי געזאָגט:

„איר זענט דאָך אַוודאי הונגעריק, טאָ עסט געזונטערהייט. זאָל אייך גאָט מוחל זיין, מן הסתם ווייסט ער וואָס ער טוט".

אַחוץ דעם האָט מען זיך פאַרנומען מיט נאָך מער געפערלעכער אַרבעט. מ׳האָט אויך אָרגאַניזירט גנבות אין מיליטערישע געווער־סקלאַדן. די שטאָט איז געוואָרן אויפגערודערט ביז די טיפסטע טיפע־נישן. דער ב. אָ. (באָיעוואָי אָטריאַד) האָט געאַרבעט מעשים און אויך דאָ איז סאַמואיל געווען דער פירער.

אין יענער צייט פלעגן אַרויסגערוקטע טוער לאַנג זיך ניט קאָנען האַלטן אויף דער פריי. נאָך שטורמישע געשעענישן איז געקומען אַן אַרעסט. דעריבער האָט מען צוליב פאַרזיכטיקייט־וועגן זיך בוהג געווען אָפט צו טוישן די טוער. ווען מ׳האָט געזען, אַז די געפאַר קלאַפּט אין טיר, האָט מען די באַדראָטע טוער איבערגעפירט אין אַ צווייטער שטאָט. אַזוי האָט מען אויך געהאַנדלט מיט די באַדראָטע טוער פון לובלין. עס זיינען געווען זיכערע ידיעות, אַז מען האָט די

פירער פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע געמסרט און אַ ליאַדע טאָג וועט מען זיי אַרעסטירן. מ׳האָט געמוזט עוקר זיין. און סאַמואיל איז צוריקגעקומען קיין וואַרשע.

די פּאַרטיי האָט אים גלייך איינגעשפּאַנט אין דער אַרבעט. מ׳האָט אים איבערגעגעבן אָנצופירן מיט די געגריוועטע שוסטער. קיין גרויס חשק האָט כאַנין צו דער דאָזיקער אויפגאַבע ניט געהאַט.

די געגריוועטע שוסטער האָבן פאַרנומען אַ באַזונדער אָרט אין דער באַוועגונג. דאָס זיינען געווען על־פּי רוב יינגע מענטשן, פיזיש שטאַרקע, מיט אַ צומיש פון וואוילע יינגען. שנעלע אַרבעטער און גוטע פאַרדינער. זיי האָבן געאַרבעט ביליקע שיך פאַרן רוסישן מאַרק. גייסטיק פאַרגרעבט. מיט מי האָבן זיי געקענט דורכקריכן דעם סידור. לייענען און שרייבן האָבן זיי ניט געקענט. די וויניקע קענערס פלעגן לייענען שמר״ס ראָמאַנען אָדער די קליינטשינקע מעשה־ביכלעך. די פרייע צייט האָט מען פאַרברענגט אין שענק. דאָרט פלעגט יעדע וואָך פרייטאָג קומען דער באַלעבאָס און אויסצאָלן יעדן דעם פאַרדינטן לוין. נאָכדעם האָבן אַלע זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ גרויסן טיש, געמאַכט אַ לחיים, געגעסן געבראָטענע גענדזנס און פאַרטרונקען מיט גלעזער ביר. פון שענק האָט מען גרופּעסווייז זיך אַרויפגעזעצט אויף דראָזש־קעס און אַוועקגעפאָרן ברייטלעך אין שוויץ־באָד אַריין. שבת האָט מען זיך אָנגעטאָן אַ נייעם אָנצוג, מיט אַ ווייס פאַרהעמדל אָן אַ קאָלנער, און שפּאַצירט איבער די גאַסן. בייטאָג איז מען אַוועק אין יידישן טעאַטער אויפן מוראַנאָוו און שבת צונאַכטס — אין צירק. פון צייט צו צייט האָבן זיי זיך פאַרוויקלט אין געשלעגן מיט באַנדעס קאָמבי־נאַטאָרן, וואוילע יונגען, נעמער פון „פרעטעגזיע־געלט״. זיי האָבן געקאָנט געבן אַ קלאַפּ און אויך נעמען אַ קלאַפּ.

זייערע קאַמפן מיט די באַלעבאַטים זיינען געווען פאַרביטערטע. די פירער פון די פאַבריקאַנטן זיינען אָפט געווען געוועזענע אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך אַרויפגעאַרבעט און רייך געוואָרן. אייניקע פון זיי האָבן זיך טרויעריק באַרימט געמאַכט מיט זייערע ברוטאַלע קאַמף־מיטלען, באַנוצן זיך מיט פּאָליציי, מסירות און פּראָוואָקאַציעס. מאַנכע פלעגן איינאָרדענען זייערע ווערקשטאַטן אין שכנות פון די

פּאָליציי־צירקלען, כדי שטענדיק צו האָבן די פּאָליציי אונטער דער האַנט. די אַרבעטער האָבן זיך ניט געלאָזט און געענטפערט מיט סטרייקן און באָיקאָטן. די באַלעבאָטים פלעגן איבערפירן די פאַבריקן אין פּראָווינץ, אָבער אויך דאָרט האָט מען זיי ניט געלאָזט צורו און אַזויערנאָך געצוואונגען די ערגסטע עקשנים זיך צו בויגן פאַרן ווילן פון די אַרבעטער. אַזעלכע שוסטער־פאַבריקאַנטן, ווי בערקע ברענער אָדער דוד גאָסטמאַן, אַליין געוועזענע אַרבעטער, זיינען געוואָרן אַ שם־דבר. וועגן בערקע ברענער האָט מען יאָרן לאַנג געזונגען אַ פּאָפּולער לידל:

„אוי, הערטס אויס, מענטשן,
וואָס האָט זיך אין וואַרשע פאַרלאָפן:
ביי בערקע אין פאַבריק
האָט זיך אַן אומגליק געטראָפן"
אאַז"וו.

„קלאַפּערס און פּוצערס,
זיי האָבן געמאַכט איין האַנט,
זיי האָבן גענומען קוויטל'עך,
געקלעבט אויף דער וואַנט".
אאַז"וו.

די געגריוועטע שוסטער זיינען געווען אַ קולטורעל אָפּגעשטאַנענער, אָבער אַ בונטאַרישער עלעמענט. זייער שפּראַך איז געווען רוי און גראָב. זיי האָבן זיך גרופּירט אויף די ראָגעס פון די גאַסן ביזקע, סטאַווקע און דזשיקע. זייער קלוב איז געווען די שענק. כאַנין האָט דעריבער קיין חשק ניט געהאַט איבערצונעמען די אָנפירונג פון דעם שיכט אַרבעטער. ער האָט עס סוף־כל־סוף געטאָן, ווי אַ זאַך, וואָס דער פּאַרטיי־קאָמיטעט האָט אויף אים אַרויפגעצוואונגען. מ'האָט געמוזט צו זיי ריידן אויף דעם סאַמע פּראָסטן לשון און אַמאָל באַנוצן אַ גראָבן וויץ. און טרינקען אַ שנאַפּס מיט זיי האָט מען אויך געמוזט, ווייל אַנדערש וואָלטן זיי עס באַטראַכט, ווי אַ באַליידיקונג. אַ פּאָר מאָל האָט כאַנין געבעטן, אַז מען זאָל אים איבערגעבן אַן אַנדער פאַך, דער

ווארשעווער קאָמיטעט פון „בונד" האָט אָבער ניט געוואָלט הערן דער־פון: נחום מוז זיין דער פירער פון די געגריוועטע שוסטער.

און אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן ביז אין אַ געוויסן טאָג האָט מען אַרעסטירט אַ געהיימע זיצונג פון 11 בונדיסטן, און כאַנין איז געווען איינער פון זיי.

אויס מיט דער פריי. אַדיע, אַדיע — גוטע, ליבע חברים און חברטעס, האַרציקע פריינד. דער יינגער רעוואָלוציאָנער ווערט אָפּ־געריסן פון דער צעכוואַליעוועטער יידישער אַרבעטער־מאַסע, וואָס קעמפט פאַר פרייהייט און רעכט, פאַר אַ בעסער לעבן און פאַר אַ נייער וועלט. צום צווייטן מאָל פאַרמאַכן זיך הינטער נחום כאַנין די תפיסה־מויערן. דאָס מאָל — שוין אויף לאַנגע, שווערע יאָרן.

## 9. קאַטאָרגע און סיביר

ווי דער שטייגער איז דעמאָלט געווען, האָט מען די אַרעסטירטע גרופּע בונדיסטן קודם אַוועקגעשיקט אין אַרעסט, וואָס האָט זיך גע־פונען אין ראַטהויז. ביים אָנקומען האָט מען מערדערלעך געשלאָגן. נאָך 2 טעג זיצן אין ראַטהויז האָט מען די גרופּע אָפּגעשיקט אין אַלעקסייעווסקן פאָרט פון ווארשעווער ציטאַדעל, וואו עס זיינען דע־מאָלט געזעסן מאַסן פּאָליטישע אַרעסטירטע. אַ טאָג נאָך אַ טאָג איז געלאָפן ביז ס'איז געקומען דער 6טער מאַי 1906. אַ פריידיקער טאָג איז דאָס געווען. ס'איז אַרויס אַן אַמנעסטיע און די פּאָליטישע אַרעס־טירטע, וועלכע זיינען געזעסן פאַר לייכטע ענינים, האָט מען אַרויס־געלאָזט אויף דער פריי.

פאַר כאַנינען האָבן די טויערן פון תפיסה זיך ניט געעפנט. די לובלינער פּאָליציי האָט אים אַרומגעזוכט פאַר זיינע חטאים אין לובלין און געפונען אין ווארשע. פון אַלעקסייעווסקן פאָרט האָט דער וועג געפירט אין לובלינער טורמע.

געקומען איז כאַנין צום צווייטן מאָל קיין לובלין אַ טאָג נאָך דער אַמנעסטיע צו צאָלן אַ שווערן פרייז פאַר זיין רעוואָלוציאָנערער אַרבעט אין דער אַלטער יידישער שטאָט. די טורמע איז געשטאַנען

אין צענטער פון אַלטן שטאָט־קוואַרטאַל. אויף אַ הויכן באַרג איז זי געשטאַנען. די בוימער אויפן טורמע־הויף האָבן געבליט און ס׳איז געווען אַ זוניקער פרילינג־טאָג. ליידיק איז געווען דער טייל פון טורמע, וואוהין מ׳האָט אַריינגעפירט דעם נייעם אַרעסטאַנט. וואָרים צוליב דער אַמנעסטיע האָט מען די פּאָליטישע אַרעסטירטע געהאַט באַפרייט. אין קאָרידאָר זיינען געווען 15 ליידיקע קאַמערן. דער טורמע־וועכטער זשדאַנאָוו האָט דעם „בן־יחיד" געהייסן זיך אויסקלייבן די בעסטע קאַמער, כל־זמן די צעלן זיינען נאָך ניט פאַרנומען.

איידער די צעלן זיינען ווידער פאַרפולט געוואָרן מיט נייע פּאָליטישע אַרעסטירטע, האָט דער טורמע־וועכטער געטאָן אַלץ, כדי זיין איינציקער קליענט זאָל זיך פילן גוט. ער האָט אים געבראַכט צייטונגען און איז געזעסן מיט אים גאַנצע טעג, פאַרטיפט אין שמועסן. דער וועכטער האָט דערציילט די געשיכטע פון דער לובלינער טורמע און ווער ס׳איז דאָ פריער געזעסן. טעג און וואָכן האָבן זיך אַזוי געצויגן. סוף־כל־סוף האָבן די טעמעס פון טורמע־וועכטער זיך אויסגעשעפּט און די אַליינקייט האָט אָנגעהויבן שטאַרק דערקוטשען.

מחמת דעם האָט דער איינזאַמער פּאָליטישער אַרעסטאַנט אָנגעהויבן זוכן באַקאַנטשאַפט מיט די קרימינעלע פאַרברעכער פון די אַנדערע קאָרידאָרן. מיט פריינדשאַפט און רחמנות האָט ער זיך צו זיי באַצויגן און אויך זיי האָבן זיך באַצויגן צו אים מיט סימפּאַטיע. אַ צוויי חדשים צייט האָט אַזוי אָנגעהאַלטן די איינזאַמקייט, ביז די קאַמערן האָבן אָנגעהויבן צוריק פאַרפולט צו ווערן מיט נייע פּאָליטישע אַרעסטירטע. רוישיק, און אויך פריילעך, איז געוואָרן אין קאָרידאָר. מ׳האָט געשמועסט און געשטיפט. אין די אָוונטן האָט מען געזונגען פאָלקס־לידער און רעוואָלוציאָנערע געזאַנגען. אין דריי שפּראַכן האָבן די לידער געקלונגען — אין יידיש, פויליש און רוסיש. די טירן פון אַלע קאַמערן זיינען געווען אָפן. מ׳האָט געטאָן וואָס מ׳האָט געוואָלט. עס זיינען געווען רעפעראַטן, עס זיינען געפירט געוואָרן קורסן פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע, קולטור־געשיכטע און טעאָריע פון סאָציאַליזם. אָפט האָט מען פאַרגעסן, אַז מען זיצט הינטער קראַטעס, אַזויפיל פרייהייט האָבן די פּאָליטישע אַרעסטירטע געהאַט.

אָבער וואָס מער פרייהייט די אַרעסטירטע האָבן געהאַט, אַלץ מער האָבן זיי געפּאָדערט.

די אַרעסטאַנטן האָבן אויסגעוויילט כאַנינען אַלס זייער סטאַ־ראָסטאַ. יעדן טאָג פלעגט ער גיין צום טורמע־נאַטשאַלניק און אַרויס־רוקן נייע פאַרלאַנגען און פאָדערונגען. די ערשטע צייט האָט דער נאַטשאַלניק נאָכגעגעבן. ער האָט אָבער זיך אַרומגעזען, אַז ס׳איז אַ מעשה אָן אַ סוף, האָט ער זיך שוין אָנגעהויבן איינעקשנען. די אַרעסטירטע האָבן ניט געשוויגן. האָבן זיך אָנגעהויבן רעפּרעסיעס אין דער פאָרם פון צונעמען געוויסע פרייהייטן. האָבן די אַרעסטירטע געענטפערט מיט בונטן, מיט האַקן שויבן. אַזוי איז אַוועק אַ „חד־גדיא״ — איך — דיר, דו — מיר. אין אַ געוויסן טאָג האָט מען גע־ברענגט אין טורמע אַריין זעלנער צו היטן די „צעלאָזענע״ אַרעס־טאַנטן. מ׳האָט איינגעשטעלט אַ שטרענגן רעזשים, די טורמע־אַדמיני־סטראַציע האָט געוויזן אַ שטאַרקע האַנט.

דעמאָלט איז אונטערגעקומען אַ הונגער־סטרייק. די פּאָליטישע אַרעסטירטע האָבן אַרויסגעשטעלט אַ ריי פאָדערונגען פון וועלכע די וויכטיקסטע זיינען געווען: באַפרייען אויף קויציע אָדער צואיילן די פּראָצעסן, און ניט האַלטן אַ לאַנגע צייט אין טורמע די פאַראורטיילטע אויף פאַרשיקונג אין סיביר. די טורמע־אַדמיניסטראַציע האָט געוואָלט ברעכן דעם סטרייק און אַריינגעפירט אין טורמע מיליטער. די פּאָ־ליטישע אַרעסטירטע האָבן אָנגעהויבן וואַרפן דורך די פענצטער דאָס ברויט, שיסלעך זופּ און אויך שטיינער. צום בונט זיינען אויך צוגעשטאַנען די קרימינעלע פאַרברעכער. צוזאַמען איז דאָס געווען אַ צעבונטעוועטע מחנה פון 600 מאַן. מ׳האָט געשריגן, געפּילדערט און געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער. די זעלנער אויפן טורמע־הויף האָבן אויפגעהויבן די ביקסן און געצילט צו די פענצטער. ס׳האָט זיך דער־הערט די וואָרנונג, אַז ס׳זאָל ווערן שטיל, אויב ניט, וועט מען שיסן.

אַ געשפּאַנטער דראַמאַטישער מאָמענט. וועלן זיי טאַקע וואַגן? וועט דעם צאַרס חייל טאַקע שיסן אויף דעם צאַרס געפאַנגענע? חבר סאַמואיל, דער אויסגעוויילטער פאָרשטייער פון די אַרעסטאַנטן, האַלט פאַר זיין פליכט אַרויסצוטרעטן. צו די זעלנער, וועלכע שטייען מיט

די אַנגעלאָדענע ביקסן געצילט צו די פענצטער, הויבט ער אָן צו ריידן בזה הלשון: שיסט ניט אויף אונז. כאָטש מיר זיינען אַרעסטאַנטן זיינען מיר און איר ברידער, קינדער פון פאָלק. מיר קעמפן אויך פאַר אייער פרייהייט און דערפאַר זיצן מיר דאָ הינטער די קראַטעס. מיר גלויבן אין אייך, איר וועט ניט וועלן זיין קיין קינס צו דערהרגענען אייערע ברידער. און אויב איר ווילט שיסן אויף אונז, בין איך דער ערשטער. אָט איז אייער ציל — מיין האַרץ.

כאַנין האָט אויפגעריסן זיין העמד און אַנטבלויזט זיין ברוסט. שטיל איז געוואָרן אין טורמע. אַ שווייגנדיקע געשפּאַנטקייט. און די זעלנער האָבן פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט די קעפּ — און די ביקסן אויך. אַ ווייל אַ פאַרלוירנקייט צווישן זיי. באַלד נעמען זיי זיך צונויף, ריידן שטיל צווישן זיך און פאַרלאָזן דעם טורמע־הויף אונטער הילכיקע בראַוואָס פון דער אַרעסטאַנטן־מחנה. דאָס מענטשלעכע געוויסן האָט מנצח געווען די בלינדע געהאָרכזאַמקייט.

דערפאַר האָט נאָך מער אויפגעצאָרנט די העכערע מאַכט. אַזאַ חרפה, אַזאַ דורכפאַל. זי האָט באַשלאָסן צו האַנדלען שנעל און ווירק־זאַם. באַלד צומאָרגנס איז אין טורמע געקומען דער פּראָקוראָר און געמאָלדן כאַנינען, אַז ער, אַלס רעדל־פירער, ווערט געמאַכט פאַראַנט־וואָרטלעך פאַר רופן די זעלנער צו אַ בונט, צו נישט פאָלגן די באַפעלן פון זייערע אָפיצערן און אויך פאַר באַליידיקן דעם צאַר אימפּעראַטאָר.

עס זיינען אַוועק אַ פּאָר וואָכן און נחום כאַנין ווערט געשטעלט צום משפט פאַר בונטעווען דאָס מיליטער. און דער פסק־דין איז גע־ווען אַ האַרבער: צונעמען אַלע רעכט און פאַרשיקן קיין סיביר אויף אייביק!

שווערער און שטרענגער איז געוואָרן אין לובלינער טורמע. עס ציען זיך וואָכן און חדשים. פרישע פאַרטיעס פּאָליטישע אַרעסטירטע פילן אָן די טורמע. איינער פון זיי איז אַ הויכער יינגערמאַן מיט אַ קליין שפּיציק בערדל. ער האַלט זיך אָפּגעזונדערט פון די אַנדערע, וויל מיט קיינעם אין פריינדשאַפט זיך ניט אַריינלאָזן. אַרטור רופט מען אים. דאָס איז געווען ניט קיין אַנדערער, ווי דער שפּעטער באַרימטער פירער פון דער באָלשעוויסטישער טשעקאַ — פעליקס דזיערזשינסקי.

עס קומט ווידער אַ הונגער־סטרייק. 7 טעג הונגערט מען און מען פאַרשפּילט. די רעאַקציע ווערט אַלץ פעסטער און חוצפּהדיקער.

וועגן דער לאַגע און שטימונג אין טורמע גיט איבער כּאַנין אַליין אין עטלעכע בריוו, וואָס זיינען געווען אָפּגעדרוקט אין דעם אָרגאַן פון „בונד״, אין דער טעגלעכער „פאָלקס־צייטונג״, און וואָס זיינען פאַקטיש זיין ליטעראַרישער אָנהויב. איינער פון זיי מיט דער אונטער־שריפט: נחום דער קירזשנער, איז געווען געדרוקט דעם 15טן נאָ־וועמבער 1906, מיט אַזאַ אינהאַלט:

„אונזער טורמע איז געפּאַקט. מ׳האָט שוין פאַרנומען אַלע קאַ־מערן, אַפילו די וואו מ׳פלעגט האַלטן פּראָדוקטן און וואו ס׳פלעגן זיך אויפהאַלטן די וואַך־סאָלדאַטן. איצט איז שוין ניטאָ קיין אָרט וואו צו זעצן זיך און מ׳ברענגט אַלע טאָג אַלץ נייע און נייע. צווישן די אַרעס־טירטע וועט איר געפינען געגוג מענטשן, וועלכע האָבן קיין שום שייכות ניט צו וועלכער עס איז קראַמאַלע. אָט גייט איבערן הויף אַן אַלטער גראָער ייד, זיין אַלט געקנייטשט געזיכט דריקט אויס אַ טיפן טרויער און עלנט. מ׳האָט אים אַרעסטירט אָנשטאָט זיין זון, וועלכן מ׳איז געקומען אַרעסטירן און מ׳האָט ניט געפונען. מ׳האָפט, אַז אויף אַזאַ אופן וועט מען נויטן דעם זון צו מעלדן זיך.

און אָט גייט אַ קינד פון 12 — 13 יאָר, אויך אַ פאַרברעכער מן־הסתם...

דעם 6טן אויגוסט האָבן מיר אַרויסגעשטעלט דער טורמע־אַדמי־ניסטראַציע אייניקע פאָדערונגען. ווען זי האָט זיך אָנטזאָגט זיי צו דערפילן, האָבן מיר דערקלערט אַ הונגער־סטרייק. 5 טעג האָבן מיר געהונגערט. דערנאָך האָט מען אונז דערקלערט אין גובערנאַטאָרס נאָמען, אַז אייניקע פאָדערונגען אונזערע וועלן דערפילט ווערן, צווישן זיי אויך די פאָדערונג צוצולאָזן פאַר אונז עסנוואַרג פון שטאָט. מיר האָבן דעם סטרייק פאַרענדיקט, אָבער דאָן איז אַלץ געבליבן ווי פריער. מער ווי צוקער לאָזט מען צו אונז פון דער פריי ניט צו״.

נאָכדעם ווי עס ווערט דערציילט, אַז דער פּראָקוראָר האָט קאָנ־פיסקירט צוגעשיקט געלט און צוקער פאַר די פּאָליטישע אַרעסטירטע און אַז דער עולם ריכט זיך אויף אַן אַמנעסטיע, פאַרענדיקט זיך דער בריוו מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

„מיר וואַרטן און גלויבן, גלויבן און האָפן, אַז דער טאָג פון אונזער באַפרייאונג איז נאָנט. אָבער ניט פון דעם מיניסטאָרן־קאַבי־נעט דערוואַרטן מיר די באַפרייאונג. מיר וואַרטן, אַז דאָס פאָלק וועט אונז עפענען די טירן פון טורמע און זאָגן: „גייט, איר זענט פריי! גייט און בויט דאָס גליק פאַר דער מענטשהייט!"

אין נומער פון 15טן דעצעמבער 1906 איז אין דער „פאָלקס־ציטונג", וואָס איז דערשינען אין ווילנע, ווידער פאַראַן כאַנינס אַ בריוו (מיט דער אונטערשריפט: נ.). אין דעם בריוו ווערט דערציילט וועגן שענדלעכע רעוויזיעס אין די קאַמערן, וואו מ'האָט געצוואונגען די אַרעסטירטע אויסצוטאָן זיך נאַקעט. דער בריוו ענדיקט זיך מיט די דאָזיקע ווערטער:

„די שטימונג איז ביי אַלעמען אַזוי געדריקט, אַז עס הויבט זיך פשוט ניט די האַנט צו אַ וועלכן ניט איז ווידערשטאַנד. און די צאָל פאָליטישע ווערט גרעסער מיט יעדן טאָג. איצט זיצן דאָ אַ 200 פאָליטישע, דאָס רוב קריסטן (יידן 40). דער זשאַנדאַרמסקער פרייט זיך אָן אַ שיעור. ער מיינט, אַז ביי אים אין האַנט געפינט זיך שוין די גאַנצע לובלינער אָרגאַניזאַציע פון „בונד". ער איז אַזוי איבער־צייגט אין דעם, אַז אין לובלין איז שוין קיין זכר ניטאָ פון „בונד", דאָס איך בין מסופק צי ער וועט גלויבן איצט די היגע באַלעבאַטים, ווען זיי וועלן אים ווידער וועלן אַרויסגעבן די בונדישע אַרבעטער".

דאָס לעבן ווערט כסדר פיינלעכער. צו אַלע צרות קומען נאָך אויך פאַר געשלעגן צווישן די קרימינעלע און פאָליטישע אַרעסטירטע. מיט זיין האַלטונג און אויפפירונג האָט כאַנין געוואונען דעם דרך־ארץ און צוטרוי פון די קרימינעלע פאַרברעכער און אים איז געלונגען פאַרט איינצושטעלן אַ שלום־בית. דער צוטרוי פון די קרימינעלע צו כאַנינען איז געווען אַזוי גרויס, אַז זיי האָבן אים פאַרטרויט זייערס אַ גרויסן סוד. אין צוויי איינגעמויערטע טורעמס זיינען געזעסן שווערע קרימינעלע פאַרברעכער, באַשולדיקטע אין מאָרד און אַנדערע האַרבע חטאים. טויט אָדער לאַנג־יאָריקע קאַטאָרגע האָט זיי דערוואַרט. זיי האָבן רק געטראַכט וועגן אַנטלויפן. זיי האָבן אויסגעאַרבעט אַזאַ פּלאַן: פון טורמע ציען זיך טיפע קאַנאַלן אין שטאָט אַריין. פון קאַ־

רידאַר, וואו עס זיצן די פּאָליטישע אַרעסטירטע, פירט אַ טיר צו די קאַנאַלן. אַט די טיר פון אייזערנע קראַטעס דאַרף מען איבער־זעגן און דער וועג צו דער פריי איז אָפן. כאַנין האָט געגעבן דעם הסכם. שטיל און פּאַמעלעך האָט מען זיך גענומען זעגן די טיר. 2 וואָכן צייט האָט דאָס געדויערט. אַלץ איז געוואָרן צוגעגרייט.

ווען די אַרעסטאַנטן האָבן אָנגעהויבן גיין אויף שפּאַציר אין טורמע־הויף, איז אַ טייל אַראָפּ צו די קאַנאַלן. געגאַנגען איז מען לויט אַ באַשטימטער ריי. פריער די, וועלכע וואַרטן אויף טויט־שטראָף אָדער קאַטאָרגע. דער סטאַראָסטאַ, חבר סאַמואיל, האָט גע־געבן די סיגנאַלן יעדן צו גיין. ער אַליין האָט געדאַרפט גיין דער 47טער. אַזוי איז מען געגאַנגען איינער נאָכן אנדערן. 42 זיינען שוין אַדורך. עס גייט דער 43טער און פאַלט דורך.

אַ געשריי, אַ געקלאַפּעריי און בהלה איז געוואָרן אין טורמע. עס איז געקומען פּאָליציי, עס איז געקומען מיליטער. מען אַרעסטירט די גאַנצע טורמע־אַדמיניסטראַציע און מען זעצט זיי אַריין אין די קאַמערן אונטער אַ שטאַרקער מיליטערישער וואַך. עס הויבן זיך אָן שיקאַנעס און שטראָפן אויף די אַרעסטירטע. פאַר יעדער קלייניקייט שליידערט מען אַריין אין קאַרצער. אויך כאַנין מוז אָפּזיצן צוויי מאָל צו 5 טעג אין פינצטערן קאַרצער.

ס׳איז אַוועק דאָס יאָר 1906, ס׳ענדיקט זיך שוין אויך דאָס יאָר 1907. ווי לאַנג וועט אים אויסקומען צו בלייבן אין לובלינער טורמע? ער האָט שוין זיין פּסק־דין — אייביקע סיביר! דאָס לעבן אין טורמע איז געוואָרן מיאוס און נמאס. זאָל זיין סיביר — אַבי אַרויס פון דאַנען. אָבער ניין, ס׳איז נאָך ניט געווען די צייט פון גיין קיין סיביר, עס האָט נאָך געוואַרט אַ צווייטער משפּט, וואָס האָט נאָך געדאַרפט עפּעס צולייגן צום פריערדיקן אורטייל.

נחום כאַנין ווערט טאַקע אויף אַ ווייל צוגענומען פון לובלינער טורמע, ער ווערט אָבער געפירט קיין וואַרשע אין ציטאַדעל אַריין. דאָס מאָל ניט אין פּאַרט אַריין, נאָר אין אַממערסטן אָפּגעשלאָסענעם טייל פון ציטאַדעל — אין 10טן פּאַווילִיאָן.

ווי אַנדערש איז דאָ געווען אין פאַרגלייך מיט דער לובלינער

טורמע. אַפילו דער שטרענגסטער רעזשים אין לובלין האָט אויסגעזען ווי גאָלדענע פרייהייט פאַר אַ תושב פון 10טן פּאַוויליאָן. די קאַמער און דאָס עסן — דווקא ניט שלעכט. אָבער די שטרענגקייט, די אָפּגע־צוימטקייט.

די קאַמער איז געווען אַ גרויסע. עס איז געווען אַ טיש מיט 2 שטולן. אויפן בעט איז געווען אַ גוט קישעלע מיט אַ קאָלדרע. די פענצטער זיינען געווען גרויסע, אָבער מאַטע, מ׳האָט ניט געקאָנט דורכקוקן. עפענען זיי האָט מען ניט געקענט. עסן האָט מען געגעבן גוט: טיי, זעמל, ברויט, זופּ, פלייש. צו די אַרעסטירטע ה׳זט מען זיך באַצויגן קאָרעקט. די וואַך האָבן געהאַלטן זשאַנדאַרמען.

ניט געקוקט אויף דעם, איז דאָס זיצן אין 10טן פּאַוויליאָן געווען אויסערגעוויינלעך שווער. די אַרעסטאַנטן האָבן זיך געפונען אונטער אַ שטאַרקן פּסיכישן דרוק. אויף די ווענט פון די קאַמערן זיינען אומע־טום געווען אויפשריפטן פון מענטשן, ביי וועלכע די צאַרישע הענקער האָבן פריציייטיק דאָס לעבן אַוועקגענומען. און ניט בלויז די אויפ־שריפטן אַליין. טיף אין די נעכט האָבן אויפגעוועקט פון שלאָף גע־שרייען, קרעכצן, אויסרופן. דאָס האָבן די, וועלכע זיינען געגאַנגען צו דער תליה, אויסגערופן זייער לעצטע געזעגענונג: „זייט געזונט, חברים!״ „זאָל לעבן די רעוואָלוציע!״ „זאָל לעבן אַ פריי פוילן!״ „נעמט נקמה פאַר אונז!״ אַנדערע ווידער האָבן שוין קיין כוח ניט געהאַט אַנצוהאַלטן זייער קאַמף־אָטעם ביזן סוף און צוזאַמענגעבראָ־כענע האָט מען זיי געשלעפּט איבערן קאָרידאָר. אַנדערע ווידער האָבן מיט די לעצטע כוחות זיך געצאַפּלט, געאַמפּערט מיט די הענקער, געזוכט אַ שטראַל פון רעטונג און אין דער לעצטער רגע אין זייער לעבן געקלאַמערט זיך ביי אַ פאָדים פון זעלנערישן מונדיר.

יעדער אַרעסטאַנט האָט אין די איינזאַמע טעג און שלאָפלאָזע נעכט געטראַכט: צי דערוואַרט מיך אויך אַזאַ לעצטער וועג?

אפשר צוליב דעם מאַיעסטעט פון טויט, וואָס האָט געהערשט אין אַלע ווינקעלעך פון 10טן פּאַוויליאָן, האָבן אַפילו די צאַרישע סאַטראַפּן ניט געוואַגט צו זיין קליינלעך און בייזוויליק און געזאָרגט מער־ווייניקער פאַר דער ערדישער באַקוועמלעכקייט פון די מענטשן, וועלכע האָבן שוין ווי געפילט דעם שטריק פון דער תליה אַרום זייער האַלז.

נחום כאַנין, וועמען מ׳האָט אָהער געבראַכט דורכצוגיין אַ צווייטן משפּט אין קריגס־געריכט, איז געזעסן אין איין קאַמער מיט יאַן קוואַפּינסקי. דעמאָלט אַ יינגער פּעפּעסאָוויעץ, אַ מיטגליד פון דער באַרימטער קאַמף־אָרגאַניזאַציע, פון דער „באָיאָווקע״, וועלכע האָט זיך פאַרנומען מיט אויספירן פאַרשידענע טעראָריסטישע אַקטן. אים האָט מען געכאַפּט אין שכנות פון שטעטל זאַווירטשע, נאָך אַ לענגע־רער שיסעריי אויף צוריקוועגס פון אַן איבערפאַל אין דאָרף וואַדאָוויץ. פּוילישע פּויערים, צוזאַמען מיט אַ ייד, בשותפות מיט פּאָליציי און מיליטער האָבן דעם יינגן רעוואָלוציאָנער געכאַפּט. אים האָט געוואַרט טויט־שטראָף.

און איצט זיינען געזעסן אין איין קאַמער פון 10טן פּאַוויליאָן צוויי פּראָלעטאַריער, אַ ייד און אַ פּאָלאַק, ביידע געשטעלט צו ווערן פאַרן קריגס־געריכט פון רוסישן צאַר. מיט פאַרשידענע געשפּרעכן האָבן זיי פאַרטריבן די צייט. און אויך דעבאַטעס געפירט. איבער־הויפּט וועגן טעראָר. קוואַפּינסקי, וועלכער האָט געוואַרט אויף אַ טויט־אורטייל און אים טאַקע באַקומען, האָט הייס פאַרטיידיקט דעם טעראָר, ווי אַ קאַמף־מיטל פון די פאָלקס־מאַסן קעגן דער צאַרישער ממשלה. כאַנין האָט פאַרטיידיקט דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן שטאַנד־פּונקט, אַז טעראָר דאַרף ניט באַנוצט ווערן ווי אַ מיטל אין באַפרייאונג־קאַמף.

אמת, ער פערזענלעך האָט זיך דאָ געפונען אַ ביסל אין אַ פריקרער לאַגע. אין זיין געשיכטע האָט דער „בונד״ איינמאָל געהאַט אַ „טעראָ־ריסטישן אָפּנויג״. דאָס איז געווען נאָכן פירן צו דער תליה הירש לעקערט. אויף דער 5טער קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין בערדיטשעוו אין 1902, איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע וועגן אָרגאַניזירטער נקמה. אין איר זאָגט זיך:

„דער כבוד פון אַ רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי פאָדערט נקמה פאַר דער דערנידעריקונג פון אירע מיטגלידער״ — דעריבער זיינען גע־ווינלעכע מיטלען פון פּראָטעסט וויניק. די רעזאָלוציע זאָגט ווייטער: „ס׳וואָלט געווען אַ גרויסער טעות צו מיינען, אַז אַזאַ מין נקמה האָט וועלכע ניט איז שייכות צו טעראָר״. „דער ציל פון אַזעלכע אַקטן איז

נאָר — אַפּוואַשן דעם פלעק פון דער פּאַרטיי, נקמה נעמען פאַר דער שענדלעכער באַליידיקונג. אַן אָרגאַניזירטע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי, וועלכע שטייט שטענדיק אויף אַ פעסטן פּרינציפּיעלן און טאַקטישן באָדן, וועט שטענדיק אימשטאַנד זיין צו פאַרהיטן, אַז איינציקע פאַקטן פון נקמה זאָלן ניט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ סיסטעמאַטישן טעראָר".

די דאָזיקע רעזאָלוציע, וואָס האָט געוואָלט צולאָזן איינצלנע פאַלן פון טעראָר אַלס נקמה־אַקטן, האָט גלייכצייטיק טעאָרעטיש געוואָלט איינהאַלטן די פולע אַנטי־טעראָריסטישע אומשולד, לויטן קלאַסישן סאָציאַל־דעמאָקראַטישן שטאַנדפּונקט. איז אין 1903 געקו־מען דער 5טער צוזאַמענפאָר פון „בונד" (אין ציריך, שווייץ) און איינ־שטימיק באַשלאָסן אָפּצושאַפן די בערדיטשעווער רעזאָלוציע. דער „בונד" איז צוריק ריין פון טעראָריסטישן פגם. זיינען אָבער אָנגעקומען די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן פון 1905—6 און די פּראַקטיק האָט זיך ניט געוואָלט אַריינלייגן אין סדום־בעטל פון דער טעאָריע. ביי די וויכטיקסטע בונדישע אָרגאַניזאַציעס זיינען געווען קאַמף־אָטריאַדן. ביים צענטראַל־קאָמיטעט האָט עקזיסטירט אַ קאָמיסיע „מים" (וואַסער) מיטן ציל צו באַזאָרגן די אָרטיקע קאַמף־אָטריאַדן (ב. אָ.) מיט געווער, דינאַמיט און „קניידלעך" (באָמבעס). און אַוודאי האָט מען דאָס ניט געטאָן, כדי די ברויניגגס זאָלן זשאַווערן און די באָמבעס זאָלן ליגן ווי מתים אין קברים. די פּראַקטיק האָט זיך אין אַ געוויסער מאָס צעקריגט מיט דער טעאָריע. און כאַנין אַליין — ער האָט דאָך געהאַט הינטער זיך די באָמבע־אַטענטאַטן און אַנדערע אָנפאַלן אין מינסק, באָריסאָוו, און אויך אין לובלין איז ער ניט געווען ריין פון אַזעלכע חטאים.

איז דעריבער זיין פּאָזיציע, אַלס דעבאַטאַנט קעגן דעם מיטגליד פון דער פּעפּעסישער „באָיואָווקע", געווען ניט קיין לייכטע. קוואַפּינ־סקי האָט געקאָנט בויען אויף זיין קאָנסעקווענטקייט, כאַנין, הגם ווייניקער קאָנסעקווענט, דאָך אין דער איבערצייגונג, אַז דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער און בונדישער זיג־זאַג איז דער ריכטיקער וועג — איז ניט אָפּגעטרעטן.

קוואַפּינסקי האָט געוואוסט, אַז אויף אים וואַרט די תליה און ער האָט ניט קיין חרטה געהאַט אויף זיינע מעשים. דער אורטייל איז

טאַקע געוועזן טויט־שטראָף דורך הענגען. ערשט אין אַ צייט אַרום האָט אים זיין פּאַרטיידיקער לעאָן בערנסאָן (געשטאָרבן אין וואַר־שעווער געטאָ בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה) געבערענגט די בשורה, אַז צוליב דער מינדעריעריקייט ווערט אים דער אורטייל פאַרביטן אויף 15 יאָר קאַטאָרגע. (יאַן קוואַפינסקי איז שפּעטער, אין אומאָפּ־הענגיקן פּוילן, געוועזן פון די אָנגעזעענסטע אַרבעטער־פירער: אַ מיט־גליד פון צענטראַל קאָמיטעט פון פּ. פּ. ס., פּאָרזיצער פון דער פעדע־ראַציע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין פּוילן, אַ געוויסע צייט מעיאָר פון דער שטאָט לאָדזש און בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, נאָכן אַרויסקומען פון דער סאָוועטישער תפיסה, מיניסטער פון דער פּוילישער גלות־רעגירונג אין לאָנדאָן).

נחום כאַנין איז געשטעלט געוואָרן פאַר אַ קריגס־געריכט, וואָס האָט אים געמשפּט פאַר געהערן צום „בונד". דער פּאַרטיידיקער, דער באַרימטער פּוילישער אַדוואָקאַט וואַצלאַוו מאַקאָווסקי (אין אומאָפּ־הענגיקן פּוילן אַ לאַנגע צייט געוועזן יוסטיץ־מיניסטער), האָט אומזיסט געפּרואווט ראַטעווען זיין קליענט. דער אורטייל איז געוועזן 4 יאָר קאַטאָרגע.

מיט אַ צוגאָב פון 4 יאָר קאַטאָרגע צום אייביקן סיביר ווערט כאַנין צוריקגעשיקט פון וואַרשעווער ציטאַדעל אין לובלינער טורמע. דאָרט שמידט מען אים אין קייטן. עס פאַרשווינדט די מאַנאָטאָניקייט. דער קלאַנג פון די קייטן קלינגט אומאויפהערלעך אין זיינע אויערן, ביי יעדן ריר, ביי יעדן קער. אַ געקלאַנג ווי פון גלעקלעך דערמאָנט אים שטענדיק וואו ער איז און וואָס אים וואַרט, און לאָזט אויף אַ רגע זיך ניט פאַרגעסן. אָט גייט ער אין לובלינער טורמע־הויף אויף אַ שפּאַ־ציר. אַ שלאַנקער ייִנגערמאַן, מיט אַ גרויסער טשופּרינע אויפן שטערן און מיט קלינגענדיקע קייטן אויף די פיס, שפּרייזט ער שטאָלץ אין זיין אַרעסטאַנטן־כאַלאַט. אַלע קענען אים דאָ, אַלע האָבן מיט אים מיט־לייד. די ידיעה, אַז כאַנין איז געשמידט אין קייטן, טראָגט זיך באַלד אַריבער איבער די טורמע־מויערן און צעגייט אין שטאָט, ווי אַ בייזע בשורה, וואָס פאַרשאַפט צער חברים און חברטעס, די ייִדישע אַרבעטער און סתם ייִדן, וועלכע האָבן געהערט זיינע פּלאַמיקע רעדעס אין שול אָדער בית־מדרש.

דער טאָג איז געקומען — און כאַנין איז אַוועק אין דער טרויעריק־באַרימטער קאַטאָרזשנער טורמע אין אָריאָל. דאָס איז געווען אין פּולן זין פון וואָרט אַ קאַטאָווניע. און מער פון אַלעמען האָט מען דאָרט געפּייניקט יידישע אַרעסטאַנטן. וועגן דעם זאָגט עדות אין זיינע זכרונות, אין בוך „אָרגאַניזאַציאַ באַיאָווא״, יאַן קוואַפּינסקי, וועלכער איז אָפּ־געזעסן דעם אורטייל אין אָריאָלער קאַטאָרזשנער טורמע:

„די באַציאונג פון דער אַדמיניסטראַציע צו די אַרעסטאַנטן איז ניט געווען איין און די זעלבע. אַמערגסטן האָט מען באַהאַנדלט די יידן. ס׳איז ניט געווען אַזאַ געמיינקייט, וואָס מ׳זאָל לגבי זיי ניט אָנ־ווענדן. איך האָב געקענט עטלעכע בונדיסטן, ווען מ׳האָט אומשולדיק פאַרמשפּט פאַר אַן אָנפאַל אויף אַ פּאָליציי־מאַן. צווישן זיי איז געווען אַ קליין, אויסערגעוויינלעך איידל יינגל אַבראַם (דעם פאַמיליע־נאָמען געדענק איך ניט). ווען מ׳האָט פאַר אונזערע אויגן געשלאָגן אָט דעם יינגל און ער האָט נעבעך זיך געקאָרטשעט פאַר ווייטאָג, דאַן האָב איך צוגעמאַכט די אויגן, כדי דאָס ניט צו זען, אָבער אומזיסט. די שטים זיינע, די שטים פון אַ געמאַטערט קינד, הער איך נאָך היינט און וועל זי ניט פאַרגעסן ביזן טויט״.

יעדער, וועלכער איז געגאַנגען קיין אָריאָל, האָט שוין פון פאַר־אויס געוואוסט וואָס עס דערוואַרט אים. ווען מ׳האָט כאַנינס פּאַרטיע איבערגענומען פון קאָנוואַי אין אָריאָלער טורמע, האָט מען אַלעמען געהייסן זיך אויסטאָן אדם־נאַקעט. און דאַן האָבן די סאַדיסטן זיך געוואָרפן אויף די געפאַנגענע, אין די קייטן געשמידטע — געשלאָגן, געשמיסן אויפן הוילן לייב, אַז בלוט האָט געשפּריצט. כאַנין איז געפאַלן אין חלשות. אויפגעכאַפּט און ווידער געקומען צום באַוואוסטזיין איז ער ערשט אין אַן איינצל־קאַמער, וואוהין מ׳האָט אים אַריינגעשלעפּט אַ צעמזיקטן. אַזוי איז געווען דער ערשטער „ברוך־הבא״ אין דער אָריאָלער תפיסה, דער אַריינטריט אין קאַטאָרגע־לעבן.

יונג און געזונט, איז כאַנין דער קאַטאָרזשניק, שנעל געקומען צו זיך. מ׳האָט אים באַשטימט צו גיין אַרבעטן אין דער שניידעריי. דאָרט איז אים געוואָרן לייכטער און בעסער. 2 יאָר צייט האָט ער זיך אָפּגעמאַטערט אין אָט דער רוסישער קאַטאָרזשנער טורמע.

פון אָריאָל האָט דער וועג געפירט אין סיביר, אין דער קאַטאָרזש־נער טורמע פון אַלעקסאַנדראָווסק. אין נייעם פּלאַץ איז דער רעזשים געווען אַ מילדערער. אַ סך וויכטיקע רעוואָלוציאָנערע טוער זיינען דאָרט אָפּגעזעסן זייער שטראָף. צווישן אַנדערע זיינען דעמאָלט געזעסן אין יענער טורמע די פאַרמשפּעטע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע דעפּו־טאַטן מיט צערעטעלין בראש. כאַנינען איז אויסגעקומען צו זיצן אין איין קאַמער מיטן באַוואוסטן סאָציאַל־דעמאָקראַט, היינט באַרימטן געלערנטן, דעם סטאַטיסטיקער א. וואָיטינסקי. מען האָט געלייענט אַ סך, געהערט רעפעראַטן. ס'איז געווען היימיש און לייכטער אַריבערצו־טראָגן די פּיין. טיילמאָל האָט זיך געדוכט, אַז ס'איז גאָר ניט קיין טורמע, נאָר אַן אוניווערזיטעט. 2 גוטע יאָר אין אַלעקסאַנדראָווסקער קאַטאָרזשנער טורמע, וואָס האָבן פאַרשטויסן פון זכרון די 2 שרעק־לעכע יאָר פון אָריאָלער קאַטאָוניע. די 4 יאָר קאַטאָרגע זיינען פאַרביי.

דער אויסגעזעסענער קאַטאָרזשאַן ווערט ניט פריי. אים וואַרט אייביקע סיביר. ער ווערט אַרויסגעשיקט אין דאָרף ניזשני־אילימסק, אין געגנט פון יאַקוטסק. ווייט פון מענטשן, אָפּגעריסן פון דער וועלט. אַ גאַנצן חודש האָט געדויערט דער גאַנג צום דאָרף. הונדערטער מייל גייט מען צופוס. מען פאָרט אויך אויף דעם שיינעם טייך לענאַ. אין דעם פאַרוואָרפענעם דאָרף דאָס יידישע יינגל פון כאַלאַ־פעניטש און דער בונטאַר פון מינסק און לובלין אָפּלעבן זיינע יאָרן.

אָבער כאַנין בלייבט ווייטער בונטאַר. די קאַטאָרגע האָט אים ניט געבראָכן, די קייטן האָבן אים ניט געצוימט. ער וויל מיטן טרויע־ריקן גורל, וואָס דער צאַריזם האָט פאַר אים באַשטימט, ניט שלום מאַכן. אים ציט צוריק אַהין, פון וואַנען ער איז געקומען — קיין מינסק, וואַרשע, צום „בונד", צו די יידישע פאָלקס־מאַסן. יאָ, כאַנין האָט ניט קיין ספקות — ער וועט אַנטלויפן.

פון טיפן סיביר איז ניט אַזוי גרינג צו לויפן. מען דאַרף האָבן מיטלען, הילף. און וואָס וועט זיין ווייטער? עס אַנטשטייט ביי אים אַ פּלאַן צו פאָרן קיין אַמעריקע און טאַקע פון דאַנען אויך זיך שאַפן די הילף. אין אַמעריקע זיינען זיינע ברידער און שוועסטער און נאָענטע חברים פון מינסק. די חברים זיינען אָרגאַניזירט אין מינסקער ברענטש



אַ גרופּע בונדיסטן אין מינסקער שפּיטאָל.
זיי זיינען פאַרוואונדעט געוואָרן בעת דער דעמאָנסטראַציע דעם 17טן אָקטאָבער 1905.



אין 1905 אין מינסק
פון רעכטס צו לינקס: קוזינע מלכה, נ. כאַנין
און זיין שוועסטער דאָרע



אליע ראַסקין און נ. כאַנין (שטייט)
מיט אַ קינד פון אַ בונדישער פאַמיליע
אין באָריסאָוו



אַ גרופּע בונדיסטן פון באָריסאָוו
(נ. כאַנין אויבן רעכטס)



נ. כאַנין, ווען ער איז אַנטלאָפן פון
סיביר קיין אַמעריקע אין 1912



נ. כאַנין אין 1904

99 פון אַרבעטער־רינג. מיט זיי שטעלט ער זיך אין פאַרבינדונג און באַקומט פון זיי געלט, וואָס זאָל אים מעגלעך מאַכן צו לויפן.

אַ נייע ריזיקאַלישע אונטערנעמונג. דער וועג איז אַ שווערער, אַ געפערלעכער, דער ווילן צו זיין אַ פרייער מענטש איז אָבער גובר די געדאַנקען וועגן סכנות. הונדערטער מייל גייט כאַנין צופוס דורך די סיבירער וועלדער, דורך דער ווילדער טייגאַ. און אַזוי איז ער דערגאַנגען צו אַ דאָרף ביים טייך אַנגאַראַ. פון דאָרטן איז ער שוין מיט דער שיף געפאָרן קיין אירקוטסק.

קיין אַמעריקע זיינען געווען 2 וועגן. דער וועג דורך יאַפּאַן איז נעענטער און מיט וויניקער געפאַרן. כאַנין קלייבט אויס דעם לענגערן און געפערלעכערן וועג. ווייל איידער ער פאָרט אַוועק אין דער נייער וועלט, וויל ער נאָך מיט אייגענע אויגן זען די שטעט און שטעטלעך, וואו זיין יוגנט איז אַוועק, וואו נאָנטע מענטשן זיינע גע־פינען זיך. ער נעמט די ריזיקע און פאָרט מיט דער באַן קיין באַריסאָוו, וואו ער האָט צום ערשטן מאָל פאַרזוכט דעם ביטערן טעם פון לעבן אין אַ צאַרישער טורמע. ער זוכט באַקאַנטע, אָבער ער טרעפט זיי ניט. די רעאַקציע האָט פאַרניכטעט די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג. ניט באַמערקט צו ווערן פון זייטיקע מענטשן, כאַפּט זיך אַראָפּ דער אַנט־לאָפענער סיביריאַק אין היים־שטעטעלע, וואו ער טרעפט טאַטע־מאַמע, ברידער און שוועסטער. אַ גרויסע פרייד און אַ גליק פאַר אַלעמען. ווי צוריקגעקומען פון יענער וועלט!

די פאַמיליע איילט אים צו צו פאָרן קיין אַמעריקע, זיי האָבן מורא, אַז די צאַרישע שפּיאָנען זאָלן אים ניט כאַפּן. דער אַנטלאָפענער פון סיביר וויל אָבער שוין ניט פאָרן קיין אַמעריקע, ער האָט חרטה געקריגן. געשען איז דאָס צוליב דעם, וואָס ער האָט געגלויבט אין די ווערטער פון אַ שרייבער. גרייטנדיק זיך פסיכיש צו זיין נסיעה אין דער נייער וועלט, האָט ער בעת דער לאַנגער רייזע אויף דער באַן פון סיביר קיין באַריסאָוו זיך פאַרשאַפט מאַקסים גאָרקיס שילדע־רונגען, אין וועלכע אַמעריקע ווערט געמאָלן אין טענדענציעז שוואַרצע פאַרבן. פול מיט אידעאַליזם און צוטרוי, געלייטערט דורך די אומ־געהויערע יסורים, איז כאַנינען ניט איינגעפאַלן, אַז דער גרויסער

רוסישער פען־מייסטער טראָגט אים דאָ אונטער „בעלעטריסטיק" און ניט קיין רעאַליטעט. און אַזוי איז אַמעריקע פּאַרמיאוסט געוואָרן אין זיינע אויגן און ער האָט באַשלאָסן צו בלייבן אין רוסלאַנד.

פון דער משפחה איז ער אַוועק קיין מינסק זיך טרעפן מיט די פירער פון „בונד". ער טרעפט דעם אַלטן פּאַרטיי־פירער אייזנשטאַט־יודין, אסתר פרומקין, מיט וועלכער ער איז געווען גוט באַקאַנט פון בונדישער אַרבעט אין מינסק. ער באַראַט זיך מיט זיי. זייער עצה איז — ניט צו פאַרבלייבן אין רוסלאַנד, ווייל ביי זיין לאַגע אַלס אַנט־לאָפענער פון סיביר וועט ער קיין נוצן דער באַוועגונג ניט קענען ברענגען, מ׳דאַרף דעריבער אויסמיידן די ריזיקע פון געכאַפּט צו ווערן. אויב נחום — האָבן זיי אים געזאָגט — דו ווילסט ווייטער זיין טעטיק פאַר דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, קאָנסטו עס אויך טאָן אין אַמעריקע. וועסט קאָנען זיין אַקטיוו אין דער יידישער סאָ־ציאַליסטישער פעדעראַציע און אין די יוניאָנס.

ביסלעכוויז האָבן די 2 בונדישע פירער, אַלטע פריינד פון כאַ־נינען, פאַרטריבן פון אים די בייזע מחשבות בנוגע אַמעריקע, וואָס מאַקסים גאָרקי האָט אין זיין מוח איינגעפלאַנצט. נחום כאַנין האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין צו דער נייער וועלט.

געווען איז דאָס שפּעט־זומער 1912, ווען ער האָט געהאַט היב־טער זיך סך־הכל 27 יאָר לעבן, 12 יאָר צוגעהעריקייט צום „בונד", 7 און אַ האַלב יאָר טורמע, קאַטאָרגע און סיביר. אַ קורץ שטיק לעבן — אַ רייכער בילאַנס פון שווערער קינדהייט און דערהויבונג אין אַלגעמיינעם אויפשטייג פון די יידישע אַרבעטער־מאַסן, פון אָן אַ שיעור יסורים און מוטיקן קאַמף פאַר אַ פרייער סאָציאַליסטישער וועלט, וואו אַלע מענטשן וועלן קאָנען זיין בעסער, שענער און ערלעכער. אָפּגע־שלאָסן איז דער נעכטן — דער מאָרגן הויבט זיך אָן.

## 10. אין אַמעריקע

אין סעפּטעמבער 1912 האָט די שיף געבראַנגט כאַנינען צו די אַמעריקאַנער ברעגעס.

אויסערלעך אַן אימיגראַנט ווי פיל אַנדערע, איז ער דאָך געווען

אַנדערש. צו שאַרף זיינען געווען די איבערגאַנגען אין זיין לעבן, צו האַסטיק האָבן זיך געביטן די פּאַנאָראַמעס. ווי די כוואַליעס אויפן צעשטורעמטן ים, אַזוי האָט זיין געמיט זיך געוויגט צווישן גרויסע האָפנונגען און פּיינלעכע אַנטוישונגען. אָט איז דאָס גליק פון דערגרייכן דעם ציל געווען אַזוי נאָנט, ממש מיטן אויג צו זען, און אָט האָט מען זיך אַליין דערזען אַראָפּגעקייקלט פון שפּיץ באַרג אין טיפן אָפּגרונט אַריין. פּנימער באַקאַנטע, היימישע און פריינדלעכע האָבן פאַרביי־געשוועבט אין דמיון, שטיקלעך און פּיצלעך לעבן פון נעכטן האָבן זיך אָפּגערופן. און דער מאָרגן — ער האָט געלאָקט מיט זיין אומבאַ־קאַנטקייט, מיט זיין רעטעניש.

אויפגעוועקט פון די רעיונות האָט דעם אימיגראַנט אַן אינספּעק־טאָר פון ניו־יאָרקער האַפן. צענטליקער פראַזאַאישע פראַגן האָט ער אים געשטעלט. די ענטפערן זיינען געווען פּינקטלעכע און קלאָרע. און דאַן איז געקומען די פראַגע: „ביזטו געזעסן אין טורמע?״ אַן וואַקלעניש און נישט אַן שטאַלץ האָט דער קאַטאָרזשאַן און סיביריאַק געענטפערט: „יאָ, איך בין געזעסן נישט איינמאָל אין טורמע, בין געווען אויף קאַטאָרגע, און איצט לויף איך פון סיביר״.

דאָס איז געווען דער אמת. און דער רעוואָלוציאָנער, וועלכער איז אַנטלאָפן פון די סיבירער טייגעס, האָט אַנדערש ניט געקאָנט, ווי נאָר זאָגן דעם אמת, הגם דאָס האָט אים פאַרשאַפט אַ ביסל טראָבל. דער אינספּעקטאָר האָט מיט באַוואונדערונג אויסגעהערט די רייד, דאַן זיך געוואַקלט צי ער זאָל יאָ אָדער ניט גלויבן די פאַנטאַסטישע געשיכטע. צי איז דאָס אמת אָדער סתם פּוסטע באַרימעריי? און בכלל דאַרף מען שוין חוקר ודורש זיין פאַרוואָס האָט מען עס אים געשיקט אויף קאַטאָרגע. האָט מען טאַקע אַלע פּאַסאַזשירן אַראָפּגע־לאָזט פון שיף און אים אויף אַ קליין שיפל אַוועקגעפירט אין עליס איילאַנד.

דריי טעג האָט מען אים דאָרטן געהאַלטן איזאָלירט און קיין נאָנטע צו אים נישט צוגעלאָזט. אויפן דריטן טאָג האָט מען אים אַריינ־געפירט אין אַ צימער. דאָרטן איז געזעסן אַן אומבאַקאַנטער ייד אין די מיטעלע יאָרן, מיט אַן אינטעליגענטן אויסזען. דער ייד האָט זיך אויפגעהויבן און דערלאַנגט דעם פאַרוואונדערטן אימיגראַנט

אַ יידישלעכן שלום־עליכם. באַלד איז אויפגעקלערט געוואָרן דער צוועק פון דער באַגעגעניש. דער ייד האָט געזאָגט, אַז ער הייסט הערמאַן בערענשטיין און איז אַ קאָרעספּאָנדענט פון אַ גרויסער ענגלישער צייטונג. אַזוי ווי ער האָט זיך דערוואוסט, אַז כאַנין קומט פון צאַרישער קאַטאָרגע, וויל ער ביי אים נעמען אַן אינטערוויו, כדי צו קאָנען דער־ציילן אַמעריקע וועגן די פּאָליטישע געפאַנגענע אין צאַרישן רוסלאַנד און אויך וועגן דעם העלדישן רעוואָלוציאָנער, וועלכער איז אָקאָרשט אַנטלאָפן פון סיביר.

פאַר דעם רעוואָלוציאָנערן יידישן אַרבעטער איז גאָר קיין שאלה ניט געווען, אַז אויף דער נייער ערד דאַרף ער זיך אויפפירן אַזוי ווי אויף דער אַלטער. ער האָט זיך זיינע פּרינציפּן, ביי וועלכע ער דאַרף זיך פעסט האַלטן. האָט דעריבער כאַנין קודם כל געפרעגט בערענשטיי־נען וועמען ער פאַרטרעט: אַ סאָציאַליסטישע אָדער אַ קאַפּיטאַליס־טישע צייטונג?

הערמאַן בערענשטיין האָט אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט קורץ: ניט קיין סאָציאַליסטישע. — דערויף האָט דער פאַרהאַלטענער אין עליס איילאַנד געענטפערט מיט אַ קאַטעגאָרישן טאָן: „פאַר אַ קאַ־פּיטאַליסטישער צייטונג וועל איך קיין אינטערוויו ניט געבן״. — בע־רענשטיין האָט אָבער ניט אָפּגעלאָזט. ער האָט געפּרואווט באַווייזן, אַז אין אַמעריקע גילטן אַנדערע מנהגים, ער האָט דאָך גאָרניט געפועלט. דער בונדיסט פון מינסק איז געבליבן ביי ס׳זייניקע און זיך אָפּגע־זאָגט צו ענטפערן אויף די פראַגן וואָס דער „קאָרעספּאָנדענט פון דער גרויסער ענגלישער צייטונג״ האָט אים געשטעלט. דער ערשטער צוזאַמענשטויס מיט דער אַמעריקאַנער אַנדערשקייט.

7 טעג צייט איז כאַנין אָפּגעזעסן אין עליס איילאַנד. מען האָט אים דאַן געבערענגט פאַר 5 ריכטער, וועלכע האָבן געדאַרפט באַשטימען זיין גורל: עפענען פאַר אים די טויערן פון אַמעריקע אָדער צוריק־שיקן. נאָכן אויסהערן פאַרוואָס מ׳האָט אים פאַרמשפּט אויף קאַטאָר־גע און סיביר און די סיבות פון זיין אַנטלויפן, האָבן זיי אים געגעבן די דערלויבעניש אַראָפּצוגיין אויפן אַמעריקאַנער באָדן. דערביי איז אויך געווען דער פעטער זלמן הירשל כאַנין, וועלכער האָט געגעבן די נויטיקע גאַראַנטיעס.

נחום כאַנין האָט באַטרעטן די ערד פון ניו־יאָרק. די ערשטע גאַסן זיינען געווען אין געגנט פון סאַוט פערי — בראָדוויי, וואָל־סטריט אאַז״וו. דער ערשטער איינדרוק—טומל, געדראַנג, מענטשן־קנויל און הו־האַ.

באַלד איז געקומען אַ צווייטע סצענע, וואָס האָט פאַרדעקט דעם ערשטן איינדרוק. אין יענעם יאָר האָט אַמעריקע געוויילט אַ פּרעזי־דענט. אין סעפּטעמבער איז דער וואַל־קאַמפּיין שוין געווען אין פולן גאַנג. צו זען אַ פרייע סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז פאַר דעם סאָ־ציאַליסט פון צאַרישן רוסלאַנד געווען אַ טרוים. גלייך האָט זיך אַזאַ געלעגנהייט געמאַכט.

3 טעג נאָך דעם ווי כאַנין האָט אַראָפּגעשטעלט זיין פוס אויפן שטיינערנעם באָדן פון מאַנהעטן, איז אין אַלטן מעדיסאָן־סקווער־גאַרדן פאָרגעקומען אַ גרויסער מיטינג פאַר דעם סאָציאַליסטישן פּרעזידענט־קאַנדידאַט — יודזשין וויקטאָר דעבס. מיט פרייד און אומ־געדולדיקער דערוואַרטונג איז כאַנין אַהין אַוועק. ער איז נישט געבליבן אַנטוישט אין די דערוואַרטונגען. טויזנטער און טויזנטער מענטשן האָבן געשטראָמט צום מעדיסאָן־סקווער־גאַרדן. איבער זייערע קעפּ האָבן געפלאַטערט רויטע פענער; אין די לאָצן האָבן געלויכטן רויטע קנעפּלעך. אין גאַרדן איז געווען אַ וואַלד פון קעפּ, אַ צעברויזטע לע־בעדיקע מאַסע. די רעדעס זיינען דערטרונקען געוואָרן אין הילכיקע אַפּלאָדיסמענטן. די באַגייסטערונג און אויפרודערונג האָבן דערגרייכט די העכסטע מדרגה, בעת מ׳האָט פאָרגעשטעלט דעם באַליבטן סאָ־ציאַליסטישן פירער יודזשין וו. דעבס. דער עולם האָט זיך גאָרנישט געוואָלט איינשטילן.

דעם צאַרס געפאַנגענער, וועלכער איז אַנטלאָפן אויף דער אַמע־ריקאַנער פרייער ערד, איז געזעסן אין מיטן פון דער צעוויגטער מאַסע. ער האָט זיך געזען אַ געשמידטן אין קייטן אין דער קאַטאָרזשנער טורמע, אַ לויפנדיקן ווי אַ חיה געיאָגט פון אַ יעגער אין די סיבירער טייגעס. ער האָט געזאָגט צו זיך: יאָ, איך בין פריי. אַ פרייער מענטש צווישן פרייע מענטשן. קיין איין וואָרט פון די ענגלישע רעדעס האָט ער ניט פאַרשטאַנען, אָבער דעם טאָן פון די רייד האָט ער גאַנץ גוט

געפילט, זייער מיין איז פאַר אים געווען פאַרשטענדלעך. די אַלגעמיינע באַגייסטערונג האָט אויך דעם נייעם אַרומגעכאַפּט. דאָס וואָס איז אַמאָל געווען אין מינסק און וואַרשע, איז איצט דאָ אין ניו־יאָרק. אין דער דערהויבונג האָט נחום קירזשנער געטראַכט: וואָסער גליק ס'איז איצט צו זיין אין אַמעריקע — אין לאַנד, וואָס שטייט אויף דער שוועל פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. אַז מעדיסאָן סקווער גאַרדן איז ניט גאַנץ אַמעריקע און אַפילו ניט קיין באַדייטנדיקער חלק — דאָס איז דעם באַגייסטערטן סאָציאַליסט גאָר ניט איינגעפאַלן. אַ גליקלעכער און פאַרשיכורטער פון די שיינע איבערלעבונגען, איז ער אַוועק פון דער ערשטער באַגעגעניש מיט זיין געליבטער — דער סאָציאַליסטי־שער באַוועגונג — אויף דער אַמעריקאַנער ערד.

פאַר כאַנינען איז געווען קלאָר, אַז ס'איז אַ שאָד אַ טאָג צו פאַר־לירן. מ'דאַרף זיך נעמען עפּעס טאָן — פאַר זיך און פאַר דער באַ־וועגונג. גלייך אויף מאָרגן איז ער אַוועק צו זיין היימישן און נאָנטן ב. וולאַדעק, וועלכער איז שוין געווען אַ פאַר יאָר אין לאַנד און פאַר־מאָגט די געניטקייט און דעם ווילן צו העלפן מיט ראָט און טאָט. פריי־דיק איז געווען דער צונויפטרעף נאָך דער לאַנגער צעשיידונג, וואָס איז געווען אויסגעפילט מיט אַזוי פיל ענדערונגען און טראַגישע איבערלעבונגען. וולאַדעקס עצה איז געווען דערוויל זיך ניט איילן צו גיין אַרבעטן, נאָר אַ צייט זיך אויפהאַלטן ביי די ברידער און שוועסטער, און די פרייע צייט אויסנוצן אויף לערנען זיך און באַ־קענען זיך מיטן אַמעריקאַנער לעבן. דאָס איז אָבער ניט מעגלעך גע־ווען. די ברידער און שוועסטער, אַליין אָרעמע אַרבעטער, זיינען ניט געווען בכוח אויסצוהאַלטן זייער ברודער, הגם עס איז פאַר זיי געווען אַ שטאַרקע פרייד זיין גרויסער לויף פון סיביר קיין ניו־יאָרק. און דער געקומענער ברודער אַליין האָט קיין חשק ניט געהאַט צו ווערן עמיצנס אַ קעסט־קינד. האָט ער דעריבער וולאַדעקס עצה מיט דער גוטער כוונה ניט אָנגענומען און מיט אַ טאָג שפּעטער זיך געלאָזט אין שטאָט אַריין זוכן אַרבעט.

## 11. די האַרטעווירקלעכקייט איז אַנדערש

פון סאָציאַליסטישן מיטינג אין מעדיסאָן־סקווער־גאַרדן איז געבוירן געוואָרן דער גלויבן, אַז די אַרבעטערשאַפט פון אַמעריקע איז אידעאַליסטיש, פירט זיך לויט די כללים פון סאָציאַליסטישער עטיק, איז חבריש און הילפסגרייט. דער דאָזיקער גלויבן איז באַלד גע־שטעלט געוואָרן אויף דער פייער־פּראָבע און האָט דעם עקזאַמען נישט אויסגעהאַלטן.

אַן אַלטער פריינד, אַ היטל־מאַכער, האָט געזאָגט צו כאַנינען: קום מיט מיר אין אונזער שאַפּ, און דו וועסט דאָרט האָבן אַ פּלאַץ צו אַרבעטן. פריער מוז מען קריגן די דערלויבעניש אין דער יוניאָן. איז דאָס אַלץ דעם פרישן אימיגראַנט זייער געפעלן: אי די פריינדשאַפט פון אַרבעטער, אי דער פאַקט וואָס די יוניאָן האָט די דעה איבער די אַרבעט־פּלעצער. ביידע זיינען זיי אַוועק אין דער יוניאָן. און איינער פון זיי איז געווען זיכער, אַז מען וועט אים דאָרט אויפנעמען מיט פרייד, ווי מען נעמט אויף אַן אייגענעם ברודער, וואָס איז געקומען פון אַזאַ אויסטערלישן וועג. זיינען דאָך נאָך געווען פריש אין זכרון די פאַלן, ווי אַזוי די אַרבעטער אין דער אַלטער היים האָבן אויפגענומען אַ פאַרפאָלגטן, וועלכער איז געקומען צו זיי אין אַ צווייטער שטאָט. דעם ביסן פון מויל איז מען געווען גרייט צו טיילן מיט אים.

מיט אומגעדולד האָט נחום קירזשנער איבערגעטרעטן די שוועל פון דער קעפּמייקערס־יוניאָן. ער האָט געוואָלט גלייך גיין אַרבעטן, כדי ווי אַמשנעלסטן ווערן איינער פון דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־מאַסע און ווערן אַ גליד פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וואָס שטייט פאַר אַזאַ גראַנדיעזער אויפגאַבע פון באַלד דורכפירן די סאָציאַלע רעוואָלוציע.

אין אָפיס פון דער יוניאָן האָט די ביידע היטלמאַכער אויפגע־נומען אַן אָרגאַניזער. דער אַלטער יוניאָן־מיטגליד האָט דערציילט דעם אָרגאַניזער ווער ס'איז זיין חבר און געבעטן פאַר אים אַ דער־לויבעניש צו גיין אַרבעטן אין שאַפּ פון פאַקס און לעדערער. מיט

אַ בייזן בליק האָט דער יוניאָן־באַאַמטער אָפּגעמאָסטן די צוויי אַרבע־טער און זיך צעשריגן: הע, וואָס ברענגסטו מיר אַהער די גרינע כאַ־לערניקעס! ווער האָט פאַר זיי אַרבעט! נעכאַי וואָלטן אונטערגע־גאַנגען די שיפן, וואָס ברענגען זיי אַהער!

אויפן אַלטן יוניאָן־מיטגליד האָט דער געשריי קיין שטאַרקן רושם נישט געמאַכט, ער איז בלויז געבליבן אַ ביסל פאַרשעמט פאַר זיין פריינד. אויפן „גרינעם" דאַקעגן האָט דאָס געמאַכט אַ דערשיטערנ־דיקן איינדרוק. ער איז געבליבן שטיין ווי אַן אויסגעפּאַטשטער. קיין וואָרט פון מויל איז ער נישט געווען אימשטאַנד אַרויסצוברענגען. אַזוי נעמט מען אויף אין אַ פרייער יוניאָן אַן אַרבעטער, וועלכער וויל אַרבעטן און ווערן אַ טרייער מיטגליד פון דער אָרגאַניזירטער אַרבעטער־משפחה? און דאָס געשעט אין דער זעלבער שטאָט, וואו ערשט מיט אַ פּאָר טעג צוריק האָבן די אַרבעטער־מחנות אַזוי שטאָלץ און באַוואוסטזיניק מאַרשירט אונטער די רויטע פענער, גערעדט וועגן יושר און ערלעכקייט, און זיך געוואָרפן אין קאַמף, אַז דאָס אַמערי־קאַנער פאָלק זאָל האָבן אַ סאָציאַליסטישן פּרעזידענט?

נישט דערווידערנדיק קיין וואָרט אויף דער גראָבער באַנעמונג פון יוניאָן־באַאַמטן, איז נחום קירזשנער אַ פאַרשעמטער און באַליי־דיקטער אַוועקגעגאַנגען. ער איז אַוועק אַהיים אַ פריטשמעליעטער. גרויס איז געווען די אַנטוישונג; אומענדלעך טיף האָט אויסגעזען צו זיין דער אָפּגרונט צווישן גייסט פון דער פאַרזאַמלונג אין מעדיסאָן־סקווער־גאַרדן און דער גראָב־יינגערישער אומפריינדלעכקייט פון יו־ניאָן־אָרגאַנייזער.

מחמת דער אַלטער היטל־מאַכער האָט נישט געקענט אַריינ־פירן נחום קירזשנער אין דער יוניאָן דורך דער פראָנט־טיר, האָט ער אים אַריינגעפירט דורך אַ הינטער־טיר. סך־הכל אַ פּאָר טעג נאָך דעם פרייער־דערמאָנטן „ברוך הבא", האָט דער אַלטער היטל־מאַכער שוין געהאַט פאַר זיין יינגן פריינד אַ דערלויבעניש צו גיין אַרבעטן אין שאָפּ. דאָס האָט אָבער נישט געקענט פאַרריכטן די צעבראָכענע שטימונג פון באַליידיקטן און אַנטוישטן נחום קירזשנער.

## 12. אין שאַפּ

דער שאַפּ װאו ס׳האָבן זיך צום ערשטן מאָל אַנטפּלעקט פאַר כאַנינען די אַרבעטס־באַדינגונגען פון די ייִדישע אַרבעטער אין אַמע־ריקע, האָט זיך געפונען אויף װעסט־זייט פון דער 25טער גאַס. 200 אַרבעטער זײַנען דאָרט געװען באַשעפטיקט.

שוין די ערשטע אויפנאַמע האָט געמוזט מאַכן אַ שװערן אײַנ־דרוק. נאָכן אַרויפקומען אין שאַפּ האָט מען דעם נײַעם אַרבעטער פאָרגעשטעלט פאַרן פאָרמאַן. דער לעצטער האָט געגעבן אַ בייזן קוק, האָט אַ ברום געטאָן אַ פּאָר נישט קלאָרע װערטער אין ענגליש און זיך מער מיטן נײַעם אַרבעטער ניט אינטערעסירט. דער נײַער אַר־בעטער האָט זיך דערפילט פרעמד און פאַרלאָזן. ער האָט נישט גע־האַט צו װעמען צו רעדן און װענדן זיך. ס׳האָט גענומען אַ שטיקל צײַט און דער זעלבער פאָרמאַן, אַלץ מיט אַ בייזקייט אויפן פּנים, האָט צו־געבערענגט אַ „באַנדל״ און געװיזן די מאַשין װאו זיך אָװעקצוזעצן אַר־בעטן. נישט ריידנדיק מער קיין װאָרט, איז דער פאָרמאַן נעלם געװאָרן.

נחום קירזשנער האָט דאָס ערשטע מאָל נישט געװאוסט װי אַזוי זיך נעמען צו דער אַרבעט, דער פאָרמאַן האָט אים אָבער קיין שום אינסטרוקציעס נישט געגעבן. צו הילף אין דער שװערער לאַגע איז געקומען דער אַלטער פרײַנד, דער זעלבער, װעלכער איז געװען דער מליץ־יושר אין דער יוניאָן. ער האָט די מאַשין געבערענגט אין אָר־דענונג, אויפגעפּאַקט דעם „באַנדל״ און געװיזן װי אַזוי מ׳דאַרף נייען. פריער האָט כאַנין קיינמאָל נישט געהאַט גענייט אויף אַן עלעקטרי־שער מאַשין. װען ער האָט געלאָזט די מאַשין אין גאַנג, האָט זי זיך געדרייט אויף צוריק. די אַרבעטער פון אַרום האָבן אויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער און געחוזקט פון „גרינהאָרן״. דאָס האָט דעם ניט־דערפאַרענעם אַרבעטער דענערװירט און ער איז נישט געװען פּעאיק אַרויפצופירן די מאַשין אויפן „דרך הישר״. ביטער איז אים געװען אויפן האַרץ, פלאַמען פון בושה האָבן באַדעקט זײַן פּנים — און די אַרבעטער האָבן אַלץ העכער און העכער כיכיקעט און געשאָטן טעמפּע

וויצן. מיט אַלע כוחות האָט דער פאַרשעמטער אַרבעטער זיך איינגע־האַלטן נישט אָפּצוענטפערן. כדי אָבער פאָרט צו געבן אַן אויסלאָדונג דעם אָנגעזאַמלטן כעס און פּראָטעסט־געפיל, האָט ער די חוזקער שטילערהייט אָנגערופן — פערד, אייזלען און ענלעכע צונעמענישן, וואָס האָבן געקילט זיין צעבייזערטן געמיט.

אַ סוף צו דער פיינלעכער לאַגע האָט געמאַכט דער מאַשיניסט, אַן איטאַליענער. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן כאַנינען. מיט גוט־מוטיקייט און פריינדלעכע ווערטער האָט ער אים געוויזן ווי אַזוי צו דרייען די מאַשין און אים מעגלעך געמאַכט אָנצוהויבן אַרבעטן.

דער העסלעכער ספּעקטאַקל, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט דעם ערשטן טאָג אין שאַפּ, האָט זיך געלייגט ווי אַ שווערער וואָלקן צווישן כאַנינען און די איבעריקע אַרבעטער. וואָכן און חדשים האָט ער מיט קיינעם פון זיי קיין וואָרט נישט גערעדט. נישט איינמאָל איז אים געקומען אין קאָפּ דער געדאַנק צו אַנטלויפן פון דאָזיקן שאַפּ. אָבער וואוהין לויפן? צי איז דען אַנדערשוואו בעסער?

עוולות זיינען געשען טאָג איין טאָג אויס. געאַרבעט האָט מען אויף שטיק. די אַרבעטער זיינען געווען איינגעטיילט אין צוויי קאַ־טעגאָריעס. די ערשטע קאַטעגאָריע דאָס זיינען געווען די פּריווילע־גירטע, די „שטאַרקע". די צווייטע קאַטעגאָריע האָט מען גערופן „די 16טע ראָטע". ווי אין די רוסישע פּאָלקן האָט מען אין דער 16טער ראָטע גרופּירט די קליינע, שוואַכע און לא יצלחדיקע זעלנער, אַזוי האָט מען אין דעם שאַפּ אַריינגעוואָרפן אין דער זעלבער אָפּטיילונג אַלע, וועלכע האָבן ניט געהערט צו דער פּריווילעגירטער קאַסטע פון „שטאַרקע". די מערהייט אַרבעטער האָט פון די פּריווילעגיעס ניט געקענט געניסן. ווי אַ נייעם, האָט מען אויך נחום קירזשנער אַריינ־געשטופּט אין דער „16טער ראָטע". די שווערערע אַרבעט מיט קלע־נערע פּרייזן האָט מען צוגעטיילט דער „16טער ראָטע", וואָס האָט אויך באַקומען ווייניקער „באָנדלס". דעריבער זיינען אירע פאַרדינסטן געווען זייער קליינע.

עס האָט אויסגעקוקט, אַז אַזוי מוז עס זיין און עס איז נישטאָ קיין כוח דעם ניט־יושרדיקן סיסטעם צו ענדערן. די באַוואוסטע אַר־

בעטער האָבן ניט געהאַט קיין אמונה, אַז מיט דער הילף פון דער יוניאָן אָדער מיטן כוח פון דער אייגענער סאָלידאַריטעט וועט מען דאָס שלעכטס באַזייטיקן. די אַרבעטער זיינען געוואָרן אַפּאַטיש. צו די שאַפּ־מיטינגען זיינען זיי געווען גלייכגילטיק און פלעגן בכלל ניט קומען. מ׳האָט זיך שוין אַפילו אויפגעהערט צו באַקלאָגן — אַ ביסל צוליב מורא און אַ ביסל צוליב דעם, וואָס „ס׳וועט סיי ווי אַנדערש ניט ווערן״.

דער זעלבער אומגלויבן האָט אויך פאַרכאַפּט כאַנינען. ער האָט פאַר זיך געזען אַרבעטער, וועלכע רייסן זיך פאַרן „באָנדל״, שפּילן אין קאָרטן און שיטן מיט ניבול פּה. אַרבעטער אָן גייסטיקע באַדער־פעניש, אָן אַן ערנסטער פאַרטראַכטונג. די אַרבעטער האָבן ווייבער און קינדער, ווילן מאַכן אַ שענער לעבן און קענען ניט. עס פעלט זיי דער ווילן ראַדיקאַל צו ענדערן דעם טרויעריקן מצב. אַ געפיל פון עקל האָט זיך ביי כאַנינען אויסגעאַרבעט צו די „שטאַרקע״, וועלכע פאַרכאַפּן אַלץ און קוקן אויף די אַנדערע פון אויבן אַראָפּ, און אַ געפיל פון רחמנות צו די דערשלאָגענע און פאַרמאַטערטע פון דער „16טער ראָטע״, וועלכע האָבן אַפילו ניט קיין מוט צו פּראָטעסטירן קעגן דער טייוולשער עוולה, וואָס ווערט לגבי זיי באַגאַנגען.

צוויי שווערע יאָר זיינען דאָס געווען. נחום קירזשנער, וועלכער האָט אין דער אַלטער היים אַזוי לייכט און שנעל זיך געקענט איינלעבן מיט פאַרשידענע שיכטן אַרבעטער אין יעדער שטאָט, אומעטום וואו ער איז געקומען, איז דאָ נאָך צוויי יאָר אַרבעט אין שאַפּ געבליבן אַ פולשטענדיק פרעמדער צווישן די 200 אַרבעטס־חברים.

## 13. אויף דער אַרענע פון געזעלשאַפטלעכן לעבן

די ערשטע ביטערע פאַר יאָר אין אַמעריקע זיינען פונדעסטוועגן ניט געווען אינגאַנצן אָן גליק און פרייד. אויב דער טאָג אין שאַפּ האָט צוגעשטעלט היפשע פּאָרציעס ביטערניש און קלעמעניש, האָט דער אָוונט נאָך דער שווערער אַרבעט געגעבן אַ דערלייכטערונג און דער־הויבונג.

געוואוינט האָט דעמאָלט כאַנין אין האַרלעם. אין יענער געגנט פון ניו־יאָרק איז געווען טעטיק אַן אָפּטיילונג פון דער יידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע. אין די סאָציאַליסטישע קלוב־צימערן זיינען אין די אָוונטן זיך צונויפגעקומען חברים און חברטעס. דאָרט זיינען אויך געווען היימישע בונדיסטן פון רוסלאַנד. מ׳האָט גערעדט און פאַרברענגט צוזאַמען. ענינים פון אַמעריקע און פון דער אַלטער היים האָט מען באַהאַנדלט. נייעס פון דער אַלטער היים, וואָס איז נאָך געווען אַזוי נאָנט און ליב, האָט מען געהערט. אָפט פלעגן פאָרקומען פאַרזאַמלונגען, לעקציעס און קאָנפערענצן. פון צייט צו צייט אויך גאַסן־מיטינגען.

דאָס אַלץ איז געווען אַזוי ווייט פון דעם לעבן אין שאַפּ, ווי עס וואָלטן געווען צוויי וועלטן, וואָס האָבן גאָר קיין שייכות ניט איינע צו דער אַנדערער. אין שאַפּ — אָפּקומעניש, אומצוטרוי, רשעות; אין דער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע — גייסטיקע שטרעבונגען, אידעאַליזם און חברשאַפט. די אָוונטן זיינען געווען דער יום־טוב, וואָס האָט געמאַכט אַ ביסל פאַרגעסן די ביטערע טעג.

אַזוי זיינען געגאַנגען די טעג און אָוונטן בייגאַנד, ביז ס׳איז געקומען אַ געשעעניש, וואָס האָט אַריינגעבראַכט אַ טיפע ענדערונג אין אָט דעם לעבנס־גאַנג. אין אַ געוויסן טאָג איז געקומען דער אָרגאַניזער פון דער יוניאָן און געגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע אַרבעטער מוזן קומען צו אַ שאַפּ־מיטינג. דערביי האָט ער געוואָרנט, אַז ווער עס וועט פעלן, וועט מאָרגן ניט צוגעלאָזן ווערן צו דער אַרבעט.

די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אין אַ גרויסן זאַל אויף דער 4טער גאַס. עס זיינען געווען אַלע אַרבעטער פון שאַפּ און אויך די באַאַמטע פון דער יוניאָן. איינער פון די יוניאָן־באַאַמטע האָט געעפנט דעם מיטינג און דערקלערט, אַז קעגן די פירער פון שאַפּ און בפרט קעגן טשערמאַן זיינען פאַראַן ערנסטע אָנקלאַגעס. זיי ווערן באַשולדיקט אין מיסברויכן זייערע אַמטן צום שאָדן פון די אַרבעטער. זיי האָבן געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט דעם באַלעבאָס, אַז אַ גרופּע פון 40 — 50 מאַן זאָל קריגן די בעסטע אַרבעט. די זעלבע גרופּע האָט שטענדיק אַרבעט און פאַרדינט גוט. דער רוב אַרבעטער דאַקעגן ווערט

אויסגעריסן. זעלטן וואַרפט מען זיי צו „באַנדלעך“. זיי גייען אַרום ליידיק און הונגערן.

דאָס וואָס דער פאַרשטייער פון דער יוניאָן האָט געזאָגט איז געווען כולו אמת. ער האָט אויפגעפאָדערט די אַרבעטער זיי זאָלן אַליין דערציילן וואָס עס קומט פאָר אין שאַפּ. עטלעכע מינוט האָט זיך קיי־נער ניט אָפּגערופן. די געקריוודעטע האָבן מורא געהאַט צו ריידן. זיי זיינען געווען זיכער, אַז מאָרגן וועט זייער לאַגע אין שאַפּ ווערן נאָך ערגער, אויב זיי וועלן וואָגן צו באַשטעטיקן דעם ביטערן אמת. אַזוי טעראָריזירט איז מען געווען און אַזוי ווייניק האָט מען געגלויבט אין דער מעגלעכקייט פון דער יוניאָן צו ענדערן אַן איינגעשטעלטן „מנהג“. זעענדיק, אַז די „16טע ראַטע“ האָט מורא אַ פּיפּס צו טאָן, האָבן די „שטאַרקע“ זיך געמאָלדן צום וואָרט. זיי האָבן געלייקנט שטיין און ביין. אַלץ גייט צו אין בעסטער אָרדנונג. די „16טע ראַטע“ האָט גע־שטומט ווי פיש. די פאַרזאַמלונג האָט זיך דערנענטערט צום סוף.

אין כאַנינען האָט אָנגעהויבן ברויזן און זידן. אַזאַ נעבעכדיקייט, אַזאַ נידערגעשלאָגנקייט. ווי אַזוי קענען מענטשן הערן אַזעלכע אומ־פאַרשעמטע רייד און שווייגן? האַנדלט זיך דאָך וועגן זייער לעבן, וועגן זייער פּיין. אַ געפיל פון בושה האָט אים אַרומגעכאַפּט און ער האָט אָנגעהויבן מאַכן פאָרוואורפן זיך אַליין: פאַרוואָס שווייגסטו? אויב זיי האָבן ניט קיין מוט, רייד דו — פאַר זיי און פאַר זיך. און ער האָט זיך געמאָלדן צום וואָרט.

כאַנין האָט דערציילט וואָס עס טוט זיך ווירקלעך אָפּ אין שאַפּ. ווי אַזוי אַ באַנדע טעראָריזירט דעם רוב אַרבעטער. מ׳הונגערט און מ׳שווייגט.

פון די אויגן פון די אַרבעטער האָבן אָנגעהויבן פליסן טרערן. ענדלעך האָט זיך געפונען איינער, וועלכער האָט דעם מוט אויפצו־דעקן דעם אמת. מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם האָט דער גאַנצער עולם אויסגעהערט די ווערטער, וואָס זיינען געזאָגט געוואָרן מיט ברען און האַרצווייטאָג. כעסדיקע בליקן פון די „שטאַרקע“ האָבן געשטאָכן דעם רעדנער. די באַאַמטע פון דער יוניאָן האָבן געגאַפט און נישט גע־קענט גלויבן, אַז דאָס שטייט פאַר זיי אַן אַרבעטער פון שאַפּ, איינער פון דער דערשראָקענער מאַסע, פון דער „16טער ראַטע“.

די יוניאָן־פירער האָבן אַרומגערינגלט כאַנינען און צו אים גע־זאָגט: „איר זענט דאָך אַזאַ גוטער רעדנער, אַזאַ אינטעליגענטער אַרבעטער. פאַרוואָס האָט איר ביז־איצט געשוויגן, פאַרוואָס זעט מען אייך גאָרניט אין דער יוניאָן? ווערט אַקטיוו, איר קענט אַ סך נוצן ברענגען אין דער טרייד־יוניאָן־באַוועגונג".

מיט אויפרעגונג האָט זיי כאַנין געענטפערט: איך האָס אייערע „פאַראַנדקעס". די אַרבעטער און זייערע פירער זיינען ביידע שולדיק אין די געמיינקייטן, וואָס ווערן אָפּגעטאָן אין די שעפּער.

די יוניאָן־באַאַמטע האָבן זיך געפונען אין אַ פאַרלעגנהייט. אי־בערלאָזן די אַלטע אָנפירונג פון שאָפּ איז געווען אוממעגלעך נאָכדעם, ווי מ'האָט אַרויסגעברענגט פאַר דער ליכטיקער שיין אירע טונקעלע מעשים. זיי האָבן גלייכצייטיק געזען אין כאַנינען דעם איינציקן מענטש פון די געקריוודעטע, וועלכער האָט דעם מוט זיך אַנטקעגנצושטעלן דעם שלעכטס. קעגן זיין ווילן האָט מען כאַנינען אויסגעוויילט אַלס שאָפּ־טשערמאַן. ס'איז אויך אויסגעוויילט געוואָרן אַ נייער שאָפּ־קאָ־מיטעט — אַלע פון דער „16טער ראָטע".

די מפּלה פון די „שטאַרקע" איז געווען אַ פולשטענדיקע. זיי האָבן אָבער זייער פּריווילעגירטע פּאָזיציע ניט געוואָלט אויפגעבן. זיי זיינען גרייט געווען צו קעמפן פאַר איר ביז צום לעצט. קודם האָבן זיי זיך פאַרנומען אומשעדלעך מאַכן די נייע שאָפּ־אָנפירונג דורך קאָ־רופּציע. דער נייער טשערמאַן איז געווען אַ קנאַפּער פאַרדינער — 6 אָדער 7 דאָלאַר אַ וואָך. דער באַלעבאָס און דער פאָרמאַן האָבן גע־נומען קעכלען דעם נייעם טשערמאַן, אים געגעבן צוטיילן לייכטע און גוטע אַרבעט, ביי וועלכער מ'קען מאַכן אַ לעבן. דער וועכנטלע־כער פאַרדינסט איז פּלוצלונג אַרויפגעשפּרונגען צו 30 אָדער 35 דאָלאַר. גלייכצייטיק האָבן די „שטאַרקע" אָנגעהויבן אַריינשושקען די אַרבע־טער אין אויער אַריין, אַז דער נייער טשערמאַן איז שוין אויך אי־בערגעקויפט און זיי וועלן פון דער „איבערקערעניש" גאָרניט געניסן.

דער נייער טשערמאַן איז ניט אויסן געווען צו פאַרבעסערן בלויז זיין פּערזענלעכע לאַגע, נאָר האָט טאַקע געוואָלט ממשותדיק פאַר־בעסערן די פאַרדינסטן פון אַלע געקריוודעטע. אויפן נאָנטסטן שאָפּ־

מיטינג האָט כאַנין אַרויסגערוקט די פאָדערונג, אַז די אַרבעט זאָל צעטיילט ווערן גלייך צווישן אַלעמען. ס׳זאָלן מער ניט זיין קיין יחסנים און „דר׳ערד ליגער״. ניט געקוקט אויף זיינע באַמיאונגען, האָט מען דאָס ניט געקענט דורכפירן. און דער נייער טשערמאַן האָט ווייטער געהאַט פאַר זיך דעם אַלטן מצב. אומאויפהערלעך האָט ער זיך גע־שלאָגן קעגן יעדער קריוודע, וואָס מ׳איז באַגאַנגען קעגן די אַרבע־טער, אָבער וויניק וואָס אויסגעפירט. די „שטאַרקע״ אין שאַפּ האָבן פאַרמאָגט מער כוח פאַר דער נייער אָנפירונג, וואָס האָט רעפּרע־זענטירט דעם ווילן פון די שוואַכע. אַלס שטראָף דערפאַר, וואָס דער נייער טשערמאַן לאָזט זיך ניט איבערקויפן, האָט מען אים צוריק אָנ־געהויבן דערלאַנגען הונגער־פּאָרציעס. ער איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער סעקטע פּריווילעגירטע און זיין וועכנטלעכער לוין איז צוריק אַראָפּגעפאַלן צו 6 דאָלאַר אַ וואָך. ער האָט געפּרואווט נעמען צו הילף די יוניאָן, אָבער מ׳האָט גאָרניט געקענט ענדערן. אַזוי פעסט איז געווען דער אומגערעכטער סיסטעם, וואָס די אַרבעטער גופא האָבן אויפגעשטעלט.

די יוניאָן האָט אָנערקענט די איבערגעגעבנקייט, באַוואוסטזיני־קייט און ענערגיע פון כאַנינען און אים אַריינגענומען אין דזשאָינט־באַאַרד. אויך דאָס האָט זיין מערכה אין די אויגן פון די „שטאַרקע״ אין שאַפּ ניט פאַרבעסערט. די סכסוכים זיינען געוואָרן שאַרפערע. מ׳איז דעם טשערמאַן דערגאַנגען די יאָרן. די „שטאַרקע״ האָבן זיך באַנוצט מיט כלערליי כיטרע שטיקלעך און ברוטאַלע אַקטן, כדי פּטור צו ווערן פון דער נייער „אָנשיקעניש״, וואָס האָט זיך געקליבן איינצושטעלן נייע פאַראָנדקעס. עס האָט זיך זיי ניט געגלוסט אַרויס־צולאָזן דעם פעטן ביסן פון זייערע ציין. סוף־כל־סוף האָבן די „שטאַר־קע״ אויסגעפירט און כאַנין איז געווען געצוואונגען צו פאַרלאָזן דעם שאַפּ און איבערגיין אין אַ צווייטן. אויפן נייעם אַרבעט־פּלאַץ האָט שוין געהערשט אַ מער ברידערלעכע אַטמאָספער. אין צווייטן שאַפּ האָבן געאַרבעט אַ ריי אַקטיווע טוער פון דער יוניאָן, על־פּי רוב סאָ־ציאַליסטן.

כאַנין האָט פרייער אָפּגעאָטעמט. מיט לייב און נשמה האָט ער זיך אַריינגעוואָרפן אין דער יוניאָן־טעטיקייט. גלייך פון שאַפּ פלעגט

ער יעדן אָוונט גיין אין דער יוניאָן, וואָס איז פֿאַר אים געוואָרן אַ גע־זעלשאַפֿטלעכע היים. ער פֿלעגט ריידן אויף די יוניאָן־מיטינגען, און סיי די אַרבעטער, סיי די יוניאָן־באַאַמטע האָבן אַרויסגעוויזן אַ פֿריינד־לעכע אויפֿמערקזאַמע באַציאונג צו זיינע רייד.

די אָנערקענונג אין דער יוניאָן האָט אויך מעגלעך געמאַכט די טעטיקייט אויף אַ ברייטערער אַרענע פֿון יידישן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן. נאָכדעם ווי ס׳איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה, איז גע־גרינדעט געוואָרן דער פֿיפּלס רעליעף, אַ פֿאָלקס־אָרגאַניזאַציע צו העלפֿן די יידישע מלחמה־געליטענע אויף יענער זייט ים. כאַנין ווערט אַן אַקטיווער טוער פֿון דער הילפֿס־אָרגאַניזאַציע. אין האַרלעם, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ געדיכטע יידישע געגנט, פֿירט ער אָן מיט די גאַסן־זאַמלונגען יעדן זונטאָג. פֿאַר דער גוטער אַרבעט ווערט כאַנין צוגעצויגן צו דער נאַציאָנאַלער פֿאַרוואַלטונג און באַטייליקט זיך אין אַלע צוזאַמענפֿאָרן פֿון פֿיפּלס רעליעף. אין דער אָרגאַניזאַציע האָבן זיך אָנגעמערקט 2 ריכטונגען: איינע רעפּרעזענטירט דורך די יוניאָנס, די צווייטע — דורך דעם אַרבעטער־רינג און יידישער סאָציאַליסטישער פֿעדעראַציע. הגם אַליין אַ יוניאָן־טוער, האָט כאַנין שטענדיק גע־שטימט מיטן אַרבעטער־רינג און יידישער סאָציאַליסטישער פֿעדע־ראַציע, ווען עס פֿלעגן דעצידירט ווערן די פֿאָרשלאָגן פֿון די צוויי צדדים. ער איז קיינמאָל ניט געווען בלויז יוניאָן־טוער און תמיד אין זיך געהאַט, אַז העכער פֿון טרייד־יוניאָניזם זיינען די געדאַנקען און אינטערעסן, וואָס ווערן פֿאַרקערפּערט דורך דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

ווי אַן אַקטיווער סאָציאַליסט, האָט כאַנין מיטגעלעבט מיט די אַלע פּראָבלעמען, וואָס זיינען דעמאָלט געשטאַנען אויפֿן סדר־היום פֿון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. בעתן ערשטן וועלט־קריג איז די שאַרפֿסטע פֿראַגע געווען — די באַציאונג צום קריג. העלפֿן פֿירן דעם קריג אָדער פֿירן אַ קאַמף קעגן אים. די מיינונגען זיינען געווען טיף פֿאַנאַנדערגעטיילט. פֿון איין זייט — פּאַטריאָטן, פֿון דער צווייטער זייט — פּאַציפֿיסטן, ווי אויך קעגנער צוליב אַנדערע, רעוואָלוציאָנערע מאָטיוון. די דעבאַטן צווישן די צדדים זיינען געפֿירט געוואָרן מיט דער העכסטער ליידנשאַפֿט. כאַנין איז געווען אויף דער זייט פֿון די

מלחמה־קעגנער און אַקטיוו זיך באַטייליקט אין קאַמף קעגן סאָציאַל־פּאַטריאָטיזם.

דאָס יאָר 1917 איז געווען אַ ווענד־פּונקט. אין פייער פון די פעלקער־שלאַכטן איז אויסגעבראָכן די רוסלענדער רעוואָלוציע. די וועלט און בפרט די אַרבעטער־באַוועגונג איז געוואָרן עלעקטריזירט. ווי אין האַרץ פון פיל אַנדערע רעוואָלוציאָנערן, האָט זיך אויך ביי כאַנינען צעפלאַקערט אַ באַגער צוריקצופאָרן אַהיים, אין רוסלאַנד, וואו ער האָט שוין איינמאָל מאַרשירט אין די פאָדערשטע רעוואָלוציאָנערע רייען און דערפאַר באַצאָלט מיט אַזוי פיל שווערע יסורים. אין ים פון בלוט, וואָס האָט אַראָפּגעשווענקט דעם צאַרישן טראָן, איז דאָך אויך פאַראַן זיינס אַ טראָפּן, האָט ער דאָך אַ חלק אין דער אויס־געקעמפטער פרייהייט — פאַרוואָס־זשע זאָל ער ניט אָטעמען די אָפּ־געריייניקטע לופט פון באַפרייטן לאַנד? ער האָט געוואָלט זיך פרייען מיט די יידישע מאַסן פון רוסלאַנד, ליטע און פוילן און מיטהעלפן בויען דאָס נייע לעבן. פאַרלאָזן אַמעריקע און צוריקפאָרן — איז געווען זיין באַשלוס. ער האָט דאָס אָבער אַליין באַשליסן שוין ניט געקענט. ער האָט שוין געמוזט האָבן דעם הסכם פון אַ צווייטער פּערזאָן — זיין פרוי. און זי, סאָניע מירינגאָף, אַ וויטעבסקערין פון געבורט און אַן אַקטיווע בונדיסטקע פון ביאַליסטאָק און בערדיטשעוו, קיעוו און אָדעס, און שפּעטער אַ טעטיקע אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג פון אַמעריקע, האָט אויך צוגעשטימט, הגם זי האָט אויף איר האַנט געדאַרפט מיטפירן אַן איין־יאָריק קינד. אַלץ איז געווען צוגעגרייט צום אָפּ־פאָרן. און אויב דאָס איז ניט געשען, איז עס ניט געווען צוליב דער אייגענער אומאַנטשלאָסנקייט, נאָר צוליב דער אַנטוויקלונג, וואָס די רוסלענדער רעוואָלוציע האָט אַדורכגעמאַכט. עס זיינען אָנגעקומען די ידיעות וועגן דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש.

## 14. דער יידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד

וואָס איז דאָס אַזוינס די באָלשעוויסטישע איבערקערעניש? וואָס וויל זי און וואוהין פירט זי?

די פאַרשידנסטע און משונהדיקסטע קלאַנגען, ידיעות, השערות

און מיינונגען זיינען וועגן דעם געווען. אין פלאַנטער פון אינפאָרמאַ־ציע, נעפלהאַפטע באַגריפן, סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס האָט יע־דער סאָציאַליסט געדאַרפט געפינען פאַר זיך אַ לייט־פאָדים. ווייניק האָבן ווירקלעך געקענט דעם כאַראַקטער פון באָלשעוויזם. אַ טייל פון זיי האָט פון אָנהויב אָן אַרויסגעוויזן אומצוטרוי צום באָלשעוויס־טישן עקספּערימענט. אַנדערע ווידער, ניט געקוקט אויף זייער פריער־דיקער נעגאַטיווער באַציאונג צו די באָלשעוויקעס, זיינען פאַרבליפט געוואָרן פון דער באָלשעוויסטישער געוואַגטקייט און אָנגעהויבן אַליין צו צעקלאַפּן זייער שטאַנדפּונקט מיט די העמערלעך פון „אפשר". און יענע, וועלכע האָבן פון באָלשעוויזם ווייניק אָדער גאָר ניט געוואוסט, זיינען סתם אַרומגעגאַנגען אויפן עולם התוהו, ווערנדיק געטריבן הין און הער פון פאַרשידענע ווינטן פון פריינדשאַפט און קעגנערשאַפט.

אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג האָט זיך אָנ־געהויבן אַלץ שאַרפער און שאַרפער אָנצייכנען דער טיפער ריס צווישן דעם סאָציאַליסטישן און קאָמוניסטישן לאַגער. אויך פאַר כאַנינען האָט זיך געשטעלט דאָס דאָזיקע פּראָבלעם. די שטימונג צווישן אַ באַ־דייטנדיקן טייל אַמעריקאַנער יידן און בפרט צווישן די יידישע סאָציאַ־ליסטן איז געווען אַ פּראָ־באָלשעוויסטישע. פאַר מאַנכע איז דאָס אַליין שוין געווען אַ גענוגנדיקער גרונט מיטצושווימען מיטן שטראָם. אַנ־דערש נחום כאַנין. פון דער ערשטער רגע אָן, גיכער אינסטינקטיוו, ווי מיט קלאָר אַדורכגעטראַכטע ראיות, האָט ער זיך געשטעלט אין אַ קעגנערישער פּאָזיציע צום רוסלענדער, ווי צום אַלוועלטלעכן באָלשע־וויזם. בעת אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי פון אַמעריקע האָט זיך אין 1919 געשאַפן אַ שטימונג פאַרן דריטן אינטערנאַציאָנאַל, האָט כאַנין געהערט צום פליגל, וואָס האָט באַקעמפט דעם גאַנג צום קאָמינ־טערן. אין די וויטערדיקע 2 יאָר איז ביי אים אָט דער שטאַנדפּונקט נאָך מער פאַרפעסטיקט געוואָרן. די קעגנערשאַפט איז אונטערגע־שפּאַרט געוואָרן מיט אַ ריי אַרגומענטן און דערפאַרונגען, גענומען שוין פון דער סאָוועטישער פּראַקטיק. אין אָט דעם מעמד איז אונ־טערגעקומען די צווייטע פּאַטאַלע שפּאַלטונג.

אין 1919 איז פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג פון דער סאָציאַליסטי־שער פּאַרטיי. דאָס זעלבע איז אויך געשען אין דער יידישער סאָציאַ־

ליסטישער פעדעראַציע, וואָס איז געווען די יידישע שפּראַך־סעקציע פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. די פירער פון דער פעדעראַציע, וואָס זיינען אין 1919 געווען קעגנער פון באָלשעוויזם און פון קאָמינטערן, האָבן במשך פון צוויי יאָר דורכגעמאַכט אַן עוואָלוציע. אין 1921 זיינען זיי געקומען צום אויספיר, אַז די פעדעראַציע דאַרף זיך אַרויסזאָגן פאַרן אַריינטריט אין קאָמינטערן און איבעררייסן מיט דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. דאָס האָט ביי אַ טייל מיטגלידער אַרויסגערופן אַ שטאַרקע קעגנערשאַפט. די אָנפירונג פון דער פעדעראַציע האָט פון פאָראויס געוואוסט, אַז אַ באַשלוס אַרויסצוטרעטן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און אַריינטרעטן אין קאָמינטערן מוז אומפאַרמיידלעך פירן צו אַ שפּאַלטונג אין דער פעדעראַציע גופא. זי האָט זיך אָבער דערפאַר ניט אָפּגעשטעלט. פאַרקערט, אין אָרגאַן פון דער פעדעראַציע, אין וואָכנבלאַט „די נייע וועלט", איז אונטערגעשטראָכן געוואָרן די נויטווענדיקייט פון אַ שפּאַלטונג. ערב דער עפענונג פון דעם צוזאַמענפאָר פון דער פעדעראַציע, אָנהויב סעפּטעמבער 1921, האָט „די נייע וועלט" געשריבן אין לייט־אַרטיקל: „עס זיינען געווען צוויי באַוועגונגען אין איין פּאַרטיי, און די שפּאַלטונג צווישן זיי האָט ענדלעך געמוזט קומען."

איידער דער צוזאַמענפאָר האָט אָנגענומען די באַשלוסן, וואָס האָבן גורם געווען די שפּאַלטונג, איז די שפּאַלטונג שוין פּראָקלאַמירט געוואָרן ווי אַ געשעענער פאַקט. פאַרוואָס דאָס מוז אַזוי זיין, ווערט אויפגעקלערט אין אַ צווייטן אַרטיקל אין זעלבן נומער פון פעדעראַציע־אָרגאַן: „די פראַגן, וואָס שטייען פאַר דעם צוזאַמענפאָר פון דער יידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע זיינען ניט פון דעם (מין), איבער וועלכע עס לאָזט זיך שטימען און — גיין לויט דעם ווי די מערהייט וועט באַשטימען. איבער די פראַגן קאָן מען ניט שטימען. מען קאָן איבער זיי — ענטוועדער איינשטימען אָדער פאַנאַנדערגיין זיך, יעדער אויף זיין וועג און שטייגער".

די פאַטאַלע רעזולטאַטן, וואָס דאָס „פאַנאַנדערגיין זיך" וועט האָבן פאַר דער וויטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער יידישער סאָצ. באַוועגונג אין אַמעריקע, האָט מען ניט אין זין געהאַט. אַז די חסידים

פון דער שפּאַלטונג וועלן באַלד בלייבן שטיין ביי דער שוועל פון קאָמינטערן און זי ניט קענען אַריבערשפּרייזן, וועגן דעם האָט מען זיך קיין דין וחשבון ניט אָפּגעגעבן. ס'איז געווען אַ בלינדער גלויבן, אַז די ישועה וועט קומען פון איבעררייסן מיט דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וועלכע איז אין „מאַניפעסט צו די יידישע אַרבעטער פון אַמעריקע", אָנגענומען פון ספּעציעלן צוזאַמענפאָר פון דער פעדעראַציע, באַצייכנט געוואָרן ווי „אַ מת, וואָס פאַרפּעסטעט די לופט". און די מחברים פון מאַניפעסט האָבן בשעת מעשה ניט געפילט, אַז דאָס איז גאָר אַ קדיש נאָך דער יידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע, וואָס וועט באַלד געברענגט ווערן צו קבורה.

ניט געקוקט וואָס די יידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע איז לויט דער צאָל ניט געווען קיין גרויסע אָרגאַניזאַציע, קאָן מען דאָך איר שפּאַלטונג־צוזאַמענפאָר באַטראַכטן פאַר אַן איבערברוך־מאָמענט אין דער געשיכטע פון דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע. יענער מאָמענט איז אויך געווען פון אַנטשיידנדיקער באַדייטונג אין כאַנינס לעבן. דעמאָלט איז ער דערהויבן געוואָרן צו זיין פירער־ראָל פון די ווייטערדיקע 25 יאָר.

כמעט אַלע „קאָרפּן־קעפּ" און פאַקטישע פירער פון דער פעדעראַציע זיינען געווען פאַר איבעררייסן מיט דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. אמת, אויך דער צווייטער צד האָט געהאַט אייניקע גלענצנדיקע רעדנער און שרייבער. געווג צו דערמאָנען די נעמען ב. וולאַדעק און א. ליעסין. די הויפּט־לאַסט פון קאַמף האָבן דאָך אויסגעטראָגן מענטשן פון דער מאַסע, וועלכע זיינען געשטעלט געוואָרן פאַר דער אויפגאַבע אַרויסצורוקן זיך אין די פאָדערשטע רייען. אין אויבנאָן אָן איז אויף אַזאַ אופן אַרויסגערוקט געוואָרן נ. כאַנין.

גלייך אויפן שפּאַלטונג־צוזאַמענפאָר איז כאַנין געוואָרן דער וואָרט־זאָגער פון די קעגנער פון קאָמינטערן. פאַרן אַרויסטרעטן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָט גערעדט דער פאַקטישער הויפּט־פירער פון דער פעדעראַציע, י. ב. סאַלוצקי־האַרדמאַן. אין נאָמען פון צווייטן צד האָט גערעדט נ. כאַנין, וועלכער האָט צווישן אַנדערן געזאָגט:

„אויף דער יידישער גאַס הערשט איצט אַ היסטעריע. די חברים פון דער פעדעראַציע, וועלכע שרייען, אַז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז ניט גענוג ראַדיקאַל, זיינען אַריינגעפאַלן אין דער זעלבער היס־טעריע. זיי רופן „קאָנטר־רעוואָלוציאָנער" יעדן, וועלכער איז מיט זיי ניט מסכים. אין דער אמתן אָבער זיינען די לאָיאַלע חברים אין דער פּאַרטיי אַזוי רעוואָלוציאָנער, ווי די וועלכע ווילן פון איר אַרויס־טרעטן". „די קעגנער פון דער פּאַרטיי זיינען איינצלנע פּערזאָנען, וועלכע מאַכן אַ טומל, אָבער האָבן ניט קיין אָנהענגער צווישן די אַר־בעטער־מאַסן. אויב די פּאַרטיי האָט וועגן ניט איז געהאַנדלט ניט ריכטיק, איז געווען די פליכט פון די מיטגלידער צו העלפן דער פּאַר־טיי האַנדלען ריכטיק". „די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי קאָן זיך ניט דער־לויבן צו וואַרפן פראַזן, ווי די לינקע. די פּאַרטיי מוז פירן אַ טעטיקייט און דאָס מוז געטאָן ווערן צוגעפּאַסט צו די קאָנקרעטע באַדינגונגען פון לאַנד".

די אָפּשטימונג האָט געגעבן דעם רעזולטאַט: 48 פּאַר אַרויסגיין פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און 33 קעגן. נאָך דער אָפּשטימונג האָט נ. כאַנין אָפּגעגעבן אַ דערקלערונג אין נאָמען פון דער מינדער־הייט. ער האָט אויסגעדריקט די זיכערקייט, אַז די מערהייט פעדע־ראַציע־מיטגלידער שטייט אונטער די 33 דעלעגאַטן, וועלכע זיינען קעגן דעם אַרויסטריט פון דער פּאַרטיי. ער האָט אויסגעדריקט זיין באַדויערן וואָס אויף להבא וועט אויסקומען צו פירן אַ קאַמף קעגן ביז איצטיקע חברים און פירער. לסוף האָט ער גערופן צו בלייבן טריי דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און אויפגעפאָדערט אַלע אָנהענגער פון דער פּאַרטיי צו גיין אין אַ צווייטן זאַל, כדי אָפּצוהאַלטן די גרינ־דונגס־קאָנווענשאָן פון אַ נייער יידישער סאָציאַליסטישער אָרגאַני־זאַציע.

אין אַ צווייטן זאַל פון זעלבן הויז (אין הויז פון „פאָרווערטס"), איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די גרינדונג פון אַ נייער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך אָנגערופן: „דער יידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין אַמעריקע". אין אַ געדריקטער שטי־מונג איז דורך די גרינדונג־קאָנווענשאָן, אויף וועלכער עס זיינען גע־ווען פאַרטרעטן דורך 37 דעלעגאַטן 22 ברענטשעס פון 16 שטעט.

מ׳האָט אויסגעוויילט אַן עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון 15 מיטגלידער, צווישן וועלכע עס זיינען געווען ב. וולאַדעק, א. ליעסין, מאַקס פיין, אַלעקסאַנדער קאַהן, ה. לאַנג און אַנדערע. אַלס גענעראַל־סעקרע־טאַר איז געוויילט געוואָרן ב. כאַניק. ער האָט אויך געהאַלטן די שלוס־רעדע פון דער גרינדונג־קאָנווענשאַן. אויך דאָס מאָל האָט ער אַרויס־געברענגט דעם אומווילן און פאַרדרוס פאַרוואָס עס וועט אויסקומען צו שטיין אין פּאָליטישן קאַמף מיט נעכטיקע חברים פון איין אָרגאַ־ניזאַציע. און אין ערשטן נומער פון אָרגאַן פון דער ניי־געגרינדעטער אָרגאַניזאַציע, אין „וועקער״ פון 10טן סעפּטעמבער 1921, שרייבט כאַניק, שוין ווי דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד :

„די פירער פון דער פעדעראַציע האָבן די דאָזיקע שפּאַלטונג פאַבריצירט. פריער איז אונז געווען גאַנץ שווער זיך איינצולעבן מיט דעם געדאַנק, אַז מיר וועלן זיך דאַרפן שיידן, כאָטש די טאַקטיק און פּאָליטיק פון דער פעדעראַציע איז אונז שוין פון גאַנץ לאַנג ניט געווען צום האַרצן״. און ווייטער : „מיר זיינען געקומען צום שייד־וועג, וואו מיר האָבן געדאַרפט באַשליסן צו פאַרגעסן פערזענלעכע געפילן און סענטימענטן און אָפּטרייסלען פון זיך די פירערשאַפט פון דעם הייפעלע „פירער״, וועלכע האָבן גלענצנד באַוויזן, אַז זיי קענען ניט זיין קיין פירער״.

די לאַסט פון אויפבויען דעם יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד איז בעיקר געפאַלן אויף כאַנינס פּלייצעס, כאָטש אַ ריי יידישע סאָציאַ־ליסטישע טוער, שרייבער און רעדנער האָבן אים אַ סך מיטגעהאָלפן דעריין, בפרט אין ברען פון דער ערשטער צייט. ווי דער גענעראַל־סעקרעטאַר, איז אים אויך אויסגעקומען צו באַזוכן אַ סך שטעט אין לאַנד, פאַרפעסטיקן די אָרגאַניזאַציעס, האַלטן רעדעס, פירן קאַמפּאַ־ניעס אד״גל.

במשך פון 15 יאָר (ביזן פאַרלאָזן דעם אַמט פון גענעראַל־סעקרעטאַר) האָט ב. כאַניק, פּאָליטיש און אָרגאַניזאַציאָנעל, דירעקט אָנגעפירט מיטן יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד. אויב דער פאַרבאַנד איז ניט אויסגעוואַקסן צו אַ פירנדיקן כוח אין אַמעריקאַנער יידישן

לעבן, אויב ער איז ניט געוואָרן דער מוח און די נשמה, דער גייסטיקער פירער פון דער גרויסער יידישער אַרבעטערשאַפט אין אַמעריקע, איז עס ניט די שולד פון איין מענטשן. אָפּגעזען פון דער וויכטיקער סיבה וואָס די אַלגעמיינע סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין אַמעריקע איז זייער שוואַך, איז עס גיכער אַ קאָלעקטיווע שולד — סיי פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט גופא, וואָס האָט זיך ניט אויפגעהויבן העכער פון אירע טרייד־יוניאָניסטישע השגות, סיי פון דעם שיכט יידיש־סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ, וואָס האָט צוליב פאַרשידענע מאָטיוון ניט געטאָן געהעריק די פליכט צו פאַרוואַנדלען דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק אין נערוו־צענטר פון דער אַמעריקאַנער יידישער אַרבעטערשאַפט. און מחמת דעם איז היינט אַזאַ מעמד, אַז די יידישע אַרבעטער דאָ אין אַמעריקע זיינען געגליכן צו אַ גולם, וועלכער האָט שטאַרקע הענט און פיס ווי אויך אַנדערע פעטע און מאַסיווע טיילן פון קערפּער, אָבער ווען עס פעלט אַ נשמה, אַ צענטראַלער נערוו, וואָס זאָל קאָאָרדינירן די אַלע טואונגען און באַוועגונגען פון די באַזונדערע קערפּער־גלידער, געבן זיי אַ זין און ציל און שאַפן פון זיי איין באַוואוסטזיניקע, באַוועגנדיקע קראַפט.

## 15. די ווירקונג אין אַרבעטער־רינג

נאָך דער גרינדונג פון יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד איז נ. כאַנין געווען טאָג און נאַכט אַריינגעטאָן אין דער אַרבעט פון אויפ־בויען און פאַרפעסטיקן די נייע אָרגאַניזאַציע. די אַרבעט איז געווען אַ שווערע, ווייל עס זיינען געווען זייער ווייניק טוער. דער רוב פריער־דיקע טוער, רעדנער און שרייבער פון דער פעדעראַציע האָט זיך געפונען אין קעגנערישן לאַגער, וואָס איז אַוועק צום קאָמוניזם (אַ טייל פון זיי איז דערנאָך צוריקגעקומען צו דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אָדער געוואָרן אומטעטיק). די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט, אמת, פאַרמאָגט אַ היפּש ביסל יידן־אינטעליגענטן, זיי האָבן אָבער ניט געהאַט קיין חשק און אַ טייל אויך ניט די פאַרשטענדעניש פאַר דער יידיש־סאָציאַליסטישער טעטיקייט.

דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד האָט דעריבער געדאַרפט טאָן „פאַר 10 אַנדערע". כמעט אומעטום האָט

ער פערזענלעך געמוזט זיין. אויסער דעם האָט ער אויך געמוזט זאָרגן, אַז עס זאָל זיך אויסבילדן אַן אייגענער קאָדר טוער, רעדנער און שרייבער און באַוועגן אַלטע פּאַרטיי־חברים זיך אָפּצוגעבן מיט דער אַרבעט פון פאַרבאַנד.

ניט לייכט, אָבער דאָך איז געלונגען דעם יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד זיך צו פאַרוואָרצלען און צו שאַפן פאַר זיך אַ פּאָזיציע אין יידישן אַרבעטער־לעבן פון אַמעריקע.

נ. כאַנין האָט זיך אָבער ניט איינגעשלאָסן אין ד׳ אמות פון יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע איז ביי אים געווען בלויז איין וויכטיקער אָפּשניט פון אַ גרעסערן קאַמף־פראָנט. די יידישע אַרבעטער פון אַמעריקע האָבן באַוויזן אויפצובויען גרויסע יוניאָנס און דעם אַרבעטער־רינג. ס׳איז נויטיק געווען צו זאָרגן, אַז אָט די אָרגאַניזאַציעס זאָלן ניט אַוועק אויף קרומע וועגן. דער קאַמף צווישן סאָציאַליסטישן און קאָמוניסטישן וועלט־באַנעם, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט פריער אויף דער שפּאַלטונג־קאָנווענשאָן פון דער יידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע און שפּעטער צווישן דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און דער קאָמוניסטישער, האָט אויך געמוזט אויסגעפאָכטן ווערן אין די ראַמען פון די יוניאָנס, אַרבעטער־רינג און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. און נ. כאַנין איז געווען פון די סאַמע וויכטיקסטע און אַקטיווסטע אין דאָזיקן קאַמף.

די ערשטע גרויסע שלאַכט אין אַרבעטער־רינג האָט זיך אָפּגעשפּילט ביי דער קאָנווענשאָן, וואָס איז פאָרגעקומען אין מאַי 1922 אין טאָראָנטאָ, קאַנאַדע. דאָס איז געווען די ערשטע קאָנווענשאָן נאָך דער שפּאַלטונג פון דער פעדעראַציע, און ס׳איז געווען נאַטירלעך, אַז דער שטרייט זאָל האָבן זיין המשך אין די רייען פון אַרבעטער־רינג, וואו ביידע צדדים האָבן געהאַט זייערע אָנהענגער.

צו אָט דער קאָנווענשאָן האָבן ביידע צדדים זיך טאַקע שטאַרק געגרייט. דער טייל פון דער פעדעראַציע, וואָס איז אַוועק פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, האָט זיך שוין געהאַט פאַראייניקט מיט די קאָמוניסטן, הגם אייניקע וויכטיקע פירער פון די אָפּגעשפּאָלטענע האָבן דעם לעצטן שריט ניט געוואָלט מיטמאַכן. פון 2טן אַפּריל 1922 איז

שוין דערשינען די „פרייהייט" און מיט איר הילף איז געפירט געוואָרן אַן אַגיטאַציע דערפאַר, אַז דער אַרבעטער־רינג זאָל זיך פאַרקירעווען אויף דעם קאָמוניסטישן וועג.

דעמאָלט איז געווען אַן אַנטשיידונג־מאָמענט פאַרן אַרבעטער־רינג. אויף דער יידישער גאַס איז געווען אַ שטאַרקע פּראָ־סאָוועטישע שטימונג, וואָס האָט אויך ניט אויסגעמיטן באַדייטנדיקע טיילן פון דער אַרבעטערשאַפט. ביי אַזאַ לאַגע איז געווען אַ גאַנץ ערנסטע סכנה, אַז אונטער דער ווירקונג פון דער מאָמענטאַלער שטימונג זאָל דער אַרבעטער־רינג זיך אַ קער טאָן צום קאָמוניסטישן לאַגער. האָט דאָך ניט איין אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע אָדער גרופּע אין אַמעריקע און אייראָפּע אַזוי געהאַנדלט, כדי אויפן סמך פון ביטערער דערפאַרונג שפּעטער איינצוזען דעם פאַטאַלן טעות און צאָלן דערפאַר אַ טייערן פּרייז. צום גליק האָט דער גרויסער יידישער אַרבעטער־אָרדן דעם טעות אויסגעמיטן. ווי פריער אויף דער קאָנווענשאָן פון דער פעדעראַציע, איז אויך אויף דער טאָראָנטער קאָנווענשאָן פון אַרבעטער־רינג אין צענטער פון קאַמף פאַרן סאָציאַליסטישן פּנים פון דער אָרגאַניזאַציע געשטאַנען נ. כאַנין.

די „פרייהייט" האָט געשיקט צו דער טאָראָנטער קאָנווענשאָן מ. אָלגינען. ער האָט געדאַרפט אַפּעלירן צו די דעלעגאַטן און דורך זיי צו די צענטליקער טויזנטער מיטגלידער איבערצורייסן מיט די סאָציאַליסטישע טראַדיציעס. פאַר די דעלעגאַטן איז מ. אָלגין פּערזענלעך ניט געווען קיין פרעמדער. אַ סך האָבן אים גוט געקענט ווי אַן אַמאָליקן בונדישן טוער אין רוסלאַנד, און ווי אַ גוטן רעדנער און שרייבער אין אַמעריקע. זיינע טעמפּעראַמענטפולע רעדעס און סענטימענטאַלע, אין לייכטן סטיל געשריבענע, אַרטיקלען האָבן אויסגענומען ביי אַ ברייטן עולם. מ'האָט געהאַט פאַר אים דרך־ארץ און אים אויך ליב געהאַט. די קאָמוניסטן האָבן דעריבער געהאַלטן, אַז ער וועט זיין דער פּאַסיקסטער מענטש צו ריידן אין זייער נאָמען אויף דער קאָנווענשאָן פון אַרבעטער־רינג. אָלגינס פריער־דערמאָנטע מעלות וועלן פאַרדעקן די חסרונות פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג.

די פירער פון אַרבעטער־רינג זיינען געווען אין אַ פאַרלעגנהייט. זייענדיק אידעאישע אָנהענגער פון יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד

און פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, האָבן זיי זיך אַ ביסל געשראָקן פאַר אָלגינס מעגלעכע ווירקונג. פון דער צווייטער זייט האָבן זיי ניט פאַרמאָגט קיין „גרויסע קראַפט" אַרויסצושטעלן קעגן אָלגינען. און ווי אויף דער קאָנווענשאַן פון דער פעדעראַציע, איז אויך דאָ דער גורל געפאַלן אויף כאַנינען.

ווען ס'איז באַוואוסט געוואָרן וועגן רעדנער־דועל אָלגין—כאַנין, זיינען די פּראָ־קאָמוניסטישע דעלעגאַטן געוואָרן מלא שמחה. אַזעלכע ניט גלייכע כוחות, האָבן זיי גערעדט צווישן זיך, אָלגין וועט דאָך פון זיי מאַכן קרעפּל־פלייש. די סאָציאַליסטיש־געשטימטע דעלעגאַטן זיינען ווייט ניט געווען אַנטציקט. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז דער ווייניק־באַקאַנטער נייער טוער כאַנין וועט זיך ניט קענען קיין עצה געבן מיט אַזאַ „ריז". מיט געשפּאַנטן אינטערעס האָט דער גאַנצער עולם דעלעגאַטן געוואַרט אויף דער אידעאישער שלאַכט — איין טייל מיט נצחון־זיכערקייט, אַ צווייטער טייל — מיט אומרו. צו דער באַשטימטער שעה איז דער זאַל געווען געפּאַקט מיט דעלעגאַטן און סתם מיטגלידער פון אַרבעטער־רינג. אין אַן אָנגעשטרענגטער שטימונג האָט מען געוואַרט אויף די רעדעס.

אָלגין האָט זיך באַוויזן אויף דער טריבונע. ער איז געשטאַנען פאַר אַ סך אַלטע און נאָענטע פריינד, אָבער צום ערשטן מאָל אין אַזאַ ראָל פון אַ קעגנער און שונא. אַ באַגאַבטער מענטש אָבער ניט קיין שטאַרקע פּערזענלעכקייט, האָט אָלגינען געפעלט די פעסטקייט, וואָס ס'איז נויטיק אין אַזאַ סיטואַציע. דעריבער האָט מען אין זיינע ווערטער אַרויסגעפילט אַ ניט־זיכערקייט און אַפילו אַ דערשראָקנקייט. און במילא האָבן שוין אויך געפעלט די סענטימענטאַלע עפעקטן, מיט וועלכע ער וואָלט געקאָנט אַפּעלירן צו די צוהערער. ביים אָנהויב און סוף פון דער רעדע האָבן אים אַפּלאָדירט בלויז זיינע נייע אידייען־חברים — אַ קליינע צאָל דעלעגאַטן. ער האָט זיך דערפילט איזאָלירט, און איז אַראָפּ פון דער טריבונע אַ דענערווירטער.

אַנדערש איז געווען די אויפנאַמע פאַרן צווייטן רעדנער. ווען דער פאָרזיצער האָט פאָרגעשטעלט כאַנינען, האָבן די דעלעגאַטן און מיטגלידער פון אַרבעטער־רינג אים געמאַכט אַ רוישיקע אָוואַציע,

וואָס האָט אָנגעהאַלטן ביז 10 מינוט. די באַגייסטערטע אויפנאַמע האָט געקרעפטיקט דעם ניט־פּראָמינענטן רעדנער און צוגעהאָלפן אָנצולאָדן זיינע ווערטער מיט דער געהעריקער שטאַרקייט. אין זיין רעדע האָט כאַנין געוואָרנט די גאַנצע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג פאַר דער געפאַר, וואָס רוקט זיך אָן אויף איר מצד די קאָמוניסטן. מיט דער רעדע האָט כאַנין זיך קונה געווען אַ צענטראַל־אָרט אין גרויסן יידישן אַרבעטער־אָרדן.

די גרויסע מערהייט פון דער קאָנווענשאָן איז געווען פאַר דער שטעלונג, וואָס ס׳האָט פאָרמולירט דער פאָרשטייער פון יידישן סאָ־ציאַליסטישן פאַרבאַנד. דעמאָלט האָט די קאָנווענשאָן דעם ערשטן מאָל אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, וואָס פאָדערט פון דער סאָוועטישער רעגירונג צו באַפרייען די פּאָליטישע אַרעסטירטע און דערמיט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אַ פרייהייטלעכער, דעמאָקראַטישער פאָרם פון סאָציאַליסטישן לעבן.

דער קאַמף פאַר די צוויי גרונט־ליניעס אין דער אַרבעטער־באַוועגונג — טעראָריסטישע קאָמוניסטישע דיקטאַטור אָדער פריי־הייטלעך־דעמאָקראַטישער סאָציאַליזם — איז נאָך דער קאָנווענשאָן אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין די איבער 700 ברענטשעס אין גאַנצן לאַנד. דער קאַמף האָט זיך געצויגן אַ לענגערע צייט, ביז די קאָמוניסטן, איינזעענדיק, אַז זיי וועלן דעם אַרבעטער־רינג ניט באַהערשן, זיינען אַוועק און געגרינדעט אַן אייגענעם אָרדן. אין דעם קאַמף קעגן די קאָמוניסטישע איינפלוסן אין אַרבעטער־רינג האָט כאַנין אויך אין די שפּעטערע יאָרן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל. דער הויפּט־אָפיס פון אַרבעטער־רינג האָט אָרגאַניזירט כאַנינס אַ טור איבערן גאַנצן לאַנד. דער טור איז געווען אַ שטורעמדיקער. אין אַלע שטעט האָבן די פּראָ־קאָמוניסטישע עלעמענטן זיך אָרגאַניזירט, כדי צו שטערן זיינע רעדעס. דאָס האָט אים ניט אָפּגעהאַלטן פון דערפירן ביזן סוף דעם טור, וואָס האָט אַ סך צוגעהאָלפן צו קאָנסאָלידירן די סאָציאַליסטישע עלעמענטן און געטרייע מיטגלידער פון אַרבעטער־רינג. צום ערשטן מאָל האָט כאַנין זיך געטראָפן פּנים אל פּנים מיט דער גאַנצער מאַסע פון דער אַרבעטער־רינג־מיטגלידערשאַפט, באַקענט זיך מיט איר, גע־

שלאָסן נייע חברשאַפטן און געזעלשאַפטלעכע פאַרבינדונגען. זיין פּאָ־פּולאַריטעט און השפּעה אין אַרבעטער־רינג איז געוואַקסן.

ס׳איז געווען נאַטירלעך, וואָס אין אַ פּאָר יאָר אַרום, אין 1930, איז ער דערהויבן געוואָרן צום העכסטן אַמט פון גרעסטן יידישן אַר־בעטער־אָרדן, ער איז געוויילט געוואָרן פאַר פּרעזידענט. דעם אַמט האָט ער אָנגעהאַלטן ביז 1932. (אַ צווייט מאָל איז ער געוואָרן פּרעזידענט אין יאָר 1935). אַלס פּרעזידענט פון אַרבעטער־רינג, האָט ער דורכגעפירט די פאַראייניקונג פון די צוויי אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן אַ לאַנגע צייט זיך באַקעמפט. ער האָט פאַראייניקט דעם אַרבעטער־רינג און דעם „אינדעפּענדענט אַרבעטער־רינג״ — אַ פאַר־אייניקונג, וואָס האַלט אָן עד־היום, ווייל ביידע טיילן האָבן אין חברי־שער אַרבעט זיך אויסגעמישט און אַסימילירט. מיט דער דאָזיקער פאַראייניקונג, ווי מיט אַ ריי שפּעטערדיקע אייניקייט־אַקציעס, האָט כאַנין געוויזן, אַז ניט בלויז קען ער מיט פולער פּאַסיע באַקעמפן ביז שפּאַלטונג, ווען ער האַלט עס פאַר נויטיק, נאָר אויך מיט עקשנות און ענערגיע זיך שטעלן צו פאַרבינדן און צעמענטירן. אין אַרבעטער־רינג איז כאַנין פאַרבליבן די גאַנצע צייט אַ צענטראַלע פיגור, וואָס איבט אויס אַ גרויסע ווירקונג אויף דער פּאָליטיק און ריכטונג פון דער אָר־גאַניזאַציע, און אַלס דירעקטאָר פון בילדונג־דעפּאַרטמענט האָט ער זיין טאָג־טעגלעכע אַרבעט פאַרבונדן מיט איינעם פון די וויכטיקסטע צווייגן פון יידישן אַרבעטער־אָרדן.

## 16. פאַר אַ געזונטער יוניאָן־באַוועגונג

כאַנינס השפּעה און אַקטיווקייט אין דער יוניאָן־באַוועגונג האָט זיך ניט פאַרענדיקט מיטן מאָמענט, ווען ער איז אַרויס פון שאַפּ און אַוועק צו פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

קודם האָט ער אַ צייט ווייטער געווירקט אין זיין אייגענער יוניאָן פון די קאַפּעןמאַכער (היטלמאַכער). דער גייסטיקער פירער פון דער יוניאָן איז אין יענער צייט געווען מאַקס צוקערמאַן. אַ מענטש — אַן אידעאַליסט. אַ סאָציאַליסט מיט אַ סך האַרציקייט. און דערצו אָרנטלעך

און טריי אַן גרענעצן צו דער אַרבעטער־זאַך. צוליב זיין אידעאַליזם האָבן אַ טייל מיטגלידער און טוער פון די קאַפּענמאַכער־יוניאָן געהאַלטן אים פאַר אַ בטלן, וועלכער „פאַרשטייט ניט דאָס רעאַלע לעבן״. דאָך האָבן אַלע אָן אויסנאַם זיך באַצויגן צו אים מיט דרך־ארץ און ליבשאַפט. אויף כאַנינען האָט אָט דער אידעאַליסטישער אַרבעטער־פירער געהאַט אַ גרויסע ווירקונג. אין יענער צייט האָט אים כאַנין באַטראַכט פאַרן אידעאַלסטן אַרבעטער־פירער. צוקערמאַן האָט אויך הויך געשעצט זיין פאַרערער און גאָר גיך איז כאַנין דערהויבן געוואָרן צום אַמט פון אַ וויס־פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנעל פון דער קאַפּענמאַכער־יוניאָן.

ווען די יוניאָן האָט אין אַ געוויסן מאָמענט זיך געפונען אין אַ שווערער לאַגע, איז איר כאַנין געקומען צו הילף. צו דער אינטערניי־שאָנעל פון די קאַפּענמאַכער האָבן אויך געהערט די אַרבעטער פון מילינערי (דאַמען־היט). דער גרעסטער לאָקאַל איז געווען נומער 24. דאָס פאַך איז געווען שוואַך אָרגאַניזירט און דערי׳בער האָבן די מילי־נערי־אַרבעטער אין דער אינטערניישאָנעל קיין באַדייטנדיקע ראָל ניט געשפּילט. די קאַפּענמאַכער פלעגן קוקן אויף די מילינערי־אַרבעטער פון אויבן־אַראָפּ און זיי רופן „די דאַרמאָיעדניקעס״. אין יאָר 1921 האָבן די קאָמוניסטן באַהערשט דאָס מילינערי־פאַך. די פירער פון דער אינ־טערניישאָנעל האָבן געהאַלטן, אַז די לאַגע איז אַ האָפנונגסלאָזע און ס׳וועט זיך ניט איינגעבן אַרויסצונעמען דאָס מילינערי־פאַך פון די קאָמוניסטישע הענט. אין 1923 האָט כאַנין, לויט זיין אייגענער איני־ציאַטיוו, גערופן אַ מיטינג פון אַ קליינער צאָל מילינערי־אַרבעטער. די וויכטיקסטע היינטיקע פירער פון דער מילינערי־יוניאָן זיינען גע־ווען אויף יענער באַראַטונג. די אַנטיילנעמער פון דער באַראַטונג האָבן אַרויסגעוויזן אַן אומגלויבן אין זייערע כוחות און שטאַרק געצווייפלט צי עס וועט זיך איינגעבן עפּעס אויפצוטאָן. אונטער דער ווירקונג פון כאַנינס רייד איז דאָך געשאַפן געוואָרן אַן אָפּאָזיציע־קאָמיטעט, וואָס זאָל אַרויסשטעלן ביי די וואַלן אַן אייגענעם צעטל קאַנדידאַטן. יענע וואַלן זיינען געוואָרן אַ ווענד־פּונקט אין דער געשיכטע פון דער מילינע־רי־יוניאָן. די קאָמוניסטן האָבן אין יענע וואַלן פאַרשפּילט. ס׳איז גע־

קומען אַ נייע פירערשאַפט, וואָס האָט אין די ווייטערע יאָרן באַוויזן אויפצובויען אַ שטאַרקע אָרגאַניזאַציע פון די מילינערי־אַרבעטער.

כאַנין האָט זיך אָבער ניט באַגנוגנט מיט זיין פאַך אַליין. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז די סאָציאַליסטישע באַוועגונג וועט ווערן באַדנלאָז, אויב זי וועט זיך ניט אָנשפאַרן אויף אַ געזונטער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג. פאַר אים איז געווען קלאָר, אַז מ׳טאָר בשום אופן ניט דערלאָזן, אַז די טרייד־יוניאָנס זאָלן ווערן צוטשעפּענישן צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. דעריבער איז כאַנין געווען אומעטום, וואו ס׳האָט זיך געפירט אַ קאַמף קעגן דער קאָמוניסטישער באַלעבאַטישקייט אין די יוניאָנס.

אַ האַרטער פאַרביסענער קאַמף איז געפירט געוואָרן אין דער יוניאָן פון די קלאָוקמייקער, וואו די קאָמוניסטן האָבן זיך געהאַט שטאַרק איינגענעסטעט. מיט דער פולער אונטערשטיצונג פון יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד און „פאָרווערטס״ האָט כאַנין צונויפגענומען די צעשאָטענע סאָציאַליסטישע און אומאָפּהענגיקע קלאָוקמייקער און זיי אָרגאַניזירט. ס׳זיינען געשאַפן געוואָרן ברענטשעס פון יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד, מ׳האָט געגרינדעט קלובן און געדונגען לאָקאַלן, וואו די סאָציאַליסטישע שניידער זאָלן זיך צוזאַמענקומען. עס זיינען דורכגעפירט געוואָרן גרויסע פאַרזאַמלונגען, מ׳האָט אַרויסגעגעבן ליטעראַטור און געפירט אַן אינטענסיווע פּראָפּאַגאַנדע — ביז די קאָמוניסטישע סכנה איז באַזייטיקט געוואָרן.

ניט אומעטום איז דער קאַמף קעגן דער קאָמוניסטישער השפעה געווען דערפאָלגרייך. אויך אין אייניקע אַנדערע יוניאָנס איז כאַנין געווען אַקטיוו אינם קאַמף פאַר באַזייטיקן די קאָמוניסטן פון דער אָנפירערשאַפט. אַזוי איז געווען ביי די פאַריערס, ביי די פּיינטערס און פענסי לעדערגודס. די סאָצ. עלעמענטן האָבן דאָ געהאַט ווייניקער הצלחה. ס׳האָט זיך ניט איינגעגעבן צו שאַפן אַן איינהייטלעכן כוח פון אַלע ניט־קאָמוניסטישע עלעמענטן, וואָס נאָר דאָס אַליין וואָלט געווען אימשטאַנד אַרויסצונעמען די דערמאָנטע יוניאָנס פון די קאָמוניסטישע הענט.

די קאַמפּן אין די יוניאָנס פון די קלאָוקמאַכער, מילינערי־אַרבע־

טער און אַנדערע פּאַכן האָבן בולט באַוויזן, ווי לעבנס־וויכטיק ס׳איז, אַז די טרייד־יוניאָנס זאָלן זיך ניט אָפּשליסן מיט אַ כינעזישער מויער פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

## 17. פאַטאַלע טעותן פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג

דער פּעריאָד פון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז געווען אַ קייט פון ירידה פאַר דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין אַמעריקע. אין דער צייט, ווען אין פאַרשידענע לענדער פון אייראָפּע איז די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אויסגעוואַקסן און געוואָרן אַ באַדייטנדי־קער פאַקטאָר אין פּאָליטישן לעבן, איז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין אַמעריקע געוואָרן כסדר מער איינגעשרומפּן. בעת אין אייראָפּע זיינען ס׳רוב סאָציאַליסטישע פּאַרטייען סוף כל סוף אַרויס געשטאַרקט פון די שווערסטע נסיונות און דערשיטערונגען, איז דאָ געווען פאַרקערט. פריער די אָפּשפּליטערונגען בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, שפּעטער די קאָמוניסטישע שפּאַלטונגען און לסוף די שפּאַלטונג פון 1936 — דאָס אַלץ האָט אַ תל געמאַכט פון די פּאָזיציעס און פּרעסטיזש, וואָס די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט מיט שווערער מי געהאַט דעראָבערט.

אַלס דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון יידישן סאָצ. פאַרבאַנד, האָט נ. כאַנין זיך באַטייליקט אין דער אינערלעכער פּאָליטיק פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, פון וועלכער דער פאַרבאַנד איז געווען אַ באַשטאַנד־טייל. אין 1928 איז ער געווען איינער פון די דעלעגאַטן צום אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין בריסעל. גאָר אַקטיוו איז כאַנין אויך געווען בעת דער לעצטער פּאַרטיי־שפּאַלטונג אין יאָר 1936, אין שייכות מיט דער דעקלאַראַציע, וואָס די פּאַרטיי־קאָנווענשאָן האָט אָנגענומען אין יאָר 1934 אין דע־טראָיט.

היינט, אין דער פּערספּעקטיוו פון 10 יאָר צייט, קען מען שוין זאָגן מיט פולער זיכערקייט, אַז יענע שפּאַלטונג איז געווען אַ פאַטאַ־לער טעות. ס׳איז גאָר קיין פראַגע נישט, אַז יענע שפּאַלטונג איז גע־ווען כמעט אַ טויט־קלאַפּ פאַר דער שוין אַזוי אויך שטאַרק אָפּגע־

שוואַכטער פּאַרטיי. זי האָט קיין גוטס נישט געבראַנגט ביידע צדדים. און אין דער אמתן איז נישט געווען קיין גענוגנדיקער גרונט פאַר אַ שפּאַלטונג. דער הויפּט־שטרייט איז געווען וועגן 2 פּונקטן פון דער פּרינציפּן־דערקלערונג: ערשטנס, וועגן סאָציאַליזם און דעמאָקראַטיע; צווייטנס, די קעגנערשאַפט און די קאַמף־פאָרמען קעגן מלחמה. די מערהייט פון דער פּאַרטיי איז אויך געשטאַנען פאַר דער אָרגאַנישער פאַרבינדונג צווישן דעמאָקראַטיע און סאָציאַליזם, זי האָט אָבער צו־געלאָזט אָפּווייכונגען אין באַשטימטע פאַלן; דאַקעגן האָט זי ניט דער־לאָזט קיין שום אָפּווייכונגען אין דער אַבסאָלוטער קעגנערשאַפט צו מלחמה. די „אַלטע גוואַרדיע" האָט באַשולדיקט די מערהייט, אַז זי וועט די פּאַרטיי דערפירן צום קאָמוניזם. אָט די מורא האָט זיך שפּע־טער אַרויסגעוויזן צו זיין אַן איבערגעטריבענע. די ס. פּ. איז ניט געוואָרן קיין צוטשעפּעניש צו דער קאָמוניסטישער באַוועגונג און האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין שטאַנדהאַפטיק קעגן קאָמוניסטישע באַצילן. און אַ מאָטיוו פאַר אַ שפּאַלטונג האָט אויך ניט געקאָנט זיין דער כלומרש־טער ווידערשפּרוך צווישן יינג און אַלט, וואָס איז אַ צייט פּערזאָניפי־צירט געוואָרן אין די צוויי פירער — נאָרמאַן טאָמאַס און מאָריס היל־קוויט, (בעת דער דעטראָיטער קאָנווענשאָן האָט שוין הילקוויט ניט געלעבט). אַזעלכע ווידערשפּרוכן און קאָנפליקטן דאַרפן אַנדערש באַ־זייטיקט ווערן, ווי דורך מעכאַנישע צעטיילונגען. פיל מער באַרעכ־טיקט וואָלט געווען אַ שפּאַלטונג שפּעטער, אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען די ס. פּ. האָט פאַרנומען די פאַלשע און אומפאַרציילעכע פּאַציפיסטישע איזאָלאַציאָניסטישע שטעלונג, בעת די מענטשהייט איז געשטאַנען אין גורלדיקן בלוטיקן געראַנגל מיטן נאַציזם און פאַשיזם. ס'איז אָבער ניט זיכער צי די ס. פּ. וואָלט די זעלבע שטעלונג פאַרנומען, ווען פון אירע רייען וואָלטן ניט אַרויס די „אַלטע גוואַרדיע" און אירע אָנהענגער, וועלכע זיינען אין איזאָלאַציאָ־ניסטיש־פאַרפעסטעטן אַמעריקע געווען פון די ערשטע און אַקטיווסטע צו רופן צום באַוואָפנטן קאַמף קעגן נאַצי־שונא. אויב די מערהייט פון ס. פּ. האָט מיט אייגענע כוחות זיך דערוויטערט פון קאָמוניזם, אפשר וואָלט זי מיט דער הילף פון דער מינדערהייט, וואָס האָט געבילדעט

אַ חשובן און איינפלוסרייכן טייל פון דער פּאַרטיי, געוואָרן בויגזאַמער אין דער פראַגע פון קריג.

אַחוץ די פּרינציפּיעלע טענות קעגן דער נייער פּאַרטיי־דעקלאַראַציע, האָט די מינדערהייט אויך געמאַכט אַנדערע פּאָרוואורפן דער אָנפירונג: זי איז געווען קעגן דער טאַקטיק פון איינהייטלעכן פראָנט מיט די קאָמוניסטן און קעגן אַריינגעמען טראָצקיסטן אין דער ס. פּ. אין דאָזיקן שטרייט איז דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו אָן ספק באַגאַנגען אַ גרויסן חטא. מיטן אויסשליסן אַ באַדייטנדיקן טייל פון דער פּאַרטיי, די ניו־יאָרקער אָרגאַניזאַציע, האָט די העכסטע פּאַרטיי־אָנפירונג עובר געווען אויף די עלעמענטאַרסטע כללים פון אינערלעך־פּאַרטייאישער דעמאָקראַטיע און געעפנט טיר און טויער פאַר אַן אַלגעמיינער שפּאַלטונג.

אויף דער זייט פון דער הילקוויט־ריכטונג איז אויך געווען נ. כאַנין. ווי תמיד, האָט ער אויך אין דעם פאַל מיט טעמפּעראַמענט און ענערגיע זיך געוואָרפן אין קאַמף. ניט בלויז די פּאַרטיי אַלס אַזעלכע האָט זיך געשפּאָלטן, נאָר אויך איר אָרגאַניזירטער ייִדישער טייל — דער פאַרבאַנד, וואָס איז געווען, ווי אַ קינד, אויסגעטראָגן אויף כאַנינס שויס. אפשר איז פּאַסיק אין געזעלשאַפטלעכן לעבן די „פּאָדשעווקע" פון טריישאַפט, ליבע און אַנדערע אידעלע אייגנשאַפטן, וואָס מענטשן ווייזן אַרויס אין זייער באַציאונג צו געטער אין וועלכע זיי גלויבן, צו טעמפּלען אין וועלכע זיי זיינען מתפּלל. ווי אַ לייביכע, ביי וועלכער מ׳וויל אַוועקרייסן איר אויסגעטראָגן קינד, אַזוי האָט דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון ייִדישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד מיט ציין און נעגל, מיט געברום און קראַפט זיך געשלאָגן קעגן יענעם טייל, וואָס איז ווייטער געבליבן טריי דער ס. פּ. און זיך אָרגאַניזירט ווי אירס אַ ייִדישע סעקציע.

פאַר כאַנינען איז די דעקלאַראַציע פון דעטראָיטער קאָנווענשאָן געווען אַ „האַלב־קאָמוניסטישע". אין אַן אָפּשאַצונג פון דער סאָציאַליסטישער קאָנווענשאָן אין דעטראָיט געפינען מיר כאַנינס פאָלגנדיקע ווערטער: „ווען איך האָב דורכגעלייענט די רעזאָלוציע (וועגן סאָוועט־רוסלאַנד) און געזען די נעמען, וועלכע זיינען אונטערגעשריבן

אונטער איר, האָב איך געפילט, אַז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פון אַמעריקע, דורך אירע פירער, פאַנגט אָן צו דערנענטערן זיך צום קאָמוניזם. אָבער נאָך מער בלינדקייט און באָלשעוויסטישע ריקזיכטס־לאָזיקייט האָט די מערהייט פון דער קאָנווענשאָן אַרויסגעוויזן ביים וויילן די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע״. („דער וועקער״, נ. 518, 1934). און אין זעלבן אַרטיקל ווערט ווייטער געזאָגט: „ניט וועגן שפּאַלטן די פּאַרטיי האַנדלט זיך איצט. עס האַנדלט זיך איצט וועגן אויסראָטן אַ גייסט אַ האַלב־קאָמוניסטישן, וואָס האָט זיך איינגעוואָרצלט אין דער פּאַרטיי און שטעלט די פּאַרטיי אַוועק אין דער גרעסטער געפאַר״.

די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז פאָרט געשפּאָלטן געוואָרן. ווי געוויינלעך אין אַזעלכע פאַלן, וויל קיינער ניט טראָגן די שולד דער־פאַר און רוקט זי אַריין דעם צווייטן אין בוזעם. די שולד פאַר שפּאַלטן די ס. פּ. קען מען אָבער ניט צושרייבן בלויז צו איין צד. ביידע צדדים האָבן זייער חלק. די מערהייט האָט ניט געטאָרט זיין אַזוי פאַרשטייפט ביים אויסנוצן איר איבערגעוויכט; די מינדערהייט האָט געמוזט האָבן מער גערולד און אויסהאַלטן דעם פּעריאָד פון אָפּאָזיציע. די גאַנצקייט פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וואָס איז אַ פאַר־הנחה פאַר איר דערפאָלג, איז אין דעם פאַל געווען וויכ־טיקער פאַר די חלוקי־דעות. און דאָס האָבן ביידע ריכטונגען ניט געהעריק אָפּגעשאַצט.

## 18. אין געדרוקטן וואָרט

דער אָנהויב פון כאַנינס שרייבן איז געווען אין תפיסה. פון לובלינער טורמע האָט ער אַרויסגעשיקט בריוו, וואָס זיינען פאַרעפנט־לעכט געוואָרן אין דער בונדישער פּרעסע. דאָס זיינען געווען זיינע ערשטע געדרוקטע זאַכן.

נחום כאַניק, וועלכער האָט פאַרמאָגט די בויטיקע אייגנשאַפטן צו זיין אַ פּראַקטישער טוער און רעדנער, האָט ניט געפילט אין זיך קיין ספּעציעלן דראַנג צו ווערן אַ שרייבער. אויב ער איז עס פאָרט געוואָרן, איז עס לכתחילה געווען בעל כרחו. אָנגעהויבן זיין שרייבערי־

שע קאַריערע „אויף פּעסט“, האָט ער אין „וועקער“. אַלס דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד, האָט ער אין כמעט יעדן נומער געדאַרפט באַריכטן וועגן דער טעטיקייט פון דער אָרגאַניזאַציע און אירע ברענטשעס. פון צייט צו צייט האָט ער געמוזט באַהאַנדלען געוויסע פּראָבלעמען און ציען די אויפמערקזאַמקייט צו זיי. דאָס איז געווען דער ערשטער עטאַפּ.

אין די וויטערדיקע יאָרן האָט כאַנין אויך אַ סך געשריבן אין „פאָרווערטס“ און אַנדערע אויסגאַבעס. און זינט 1936, ווען ער איז, נאָכן טויט פון פ. געליבטער, געוואָרן דער בילדונג־דירעקטאָר פון אַרבעטער־רינג, איז ער אויך רעדאַקטאָר פון דער מאָנאַטלעכער צייטשריפט „קולטור און דערציאונג“ און איז אַ מיטגליד פון רעדאַקציע־קאָלעגיע פון דער „קינדער־צייטונג“ — ביידע אויסגאַבעס פון „אַרבעטער־רינג“. אין ביידע זשורנאַלן שרייבט ער זייער אָפט. אין „וועקער“ שרייבט ער סיסטעמאַטיש „בריוועלעך צו אַ פריינד“.

אַחוץ די פיל־צאָליקע אַרטיקלען אין צייטונגען און זשורנאַלן, זיינען פון זיין פעדער אויך אַרויס דריי ביכער. צוויי זיינען אַ פּראָדוקט פון זיינע נסיעות איבער אַנדערע לענדער און איינס — אַן אויטאָביאָגראַפישע דערציילונג פון זיינע יוגנט־יאָרן.

דאָס ערשטע בוך — „סאָוועט־רוסלאַנד“ (דערשינען 1929) איז אַ פּראָדוקט פון זיינס אַ נסיעה אין דאָזיקן לאַנד. צו סאָוועט־רוסלאַנד האָט כאַנין געהאַט פון ערשטן מאָמענט אָן אַ גאָר שטאַרקן אינטערעס. קודם־כל ווי צו אַן אייגן געבורט־לאַנד, די היימישע שטעט און שטעטלעך, אין וועלכע עס לעבן אַזוי פיל נאָענטע, אַ לאַנד וואָס איז פאַרבונדן מיט די שענסטע יוגנט־טרוימען. דער דאָזיקער נאַטירלעכער אינטערעס איז פאַרשאַרפט געוואָרן דורך דעם, וואָס סאָוועט־רוסלאַנד איז געוואָרן אַ מיטל־פּונקט פאַר טיפע חלוקי־דעות אין דער אַרבעטער־באַוועגונג.

נ. כאַנין איז ניט קיין מענטש פון טעאָריע. ניט פון טעאָרעטישע סכעמעס קומט ער צו פּראַקטישע אויספירן. זיינע אויספירן זיינען אַ רעזולטאַט פון פערזענלעכע באַאָבאַכטונגען. ער פאַרמאָגט אַן אויג, וואָס זעט, און אַ גראַדן שכל, וואָס קאָן דאָס געזעענע אָפּוועגן און אָפּמעסטן.

דאָס איז אי זיין שטאַרקייט, אי זיין שוואַכקייט. טעאָרעטישע פאָרמו־לירונגען זיינען ווערטלאָז און פאַרוואַנדלען זיך אין אַבסטראַקטע שפּעקולאַציעס, אויב זיי זיינען ניט געבויט אויפן פעסטן פונדאַמענט פון טאָג־טעגלעכע באַאָבאַכטונגען פון פליסנדיקן לעבן. אַן אומאויפהער־לעכער דראַנג און איינגעבוירענע פעאיקייט צו זען דאָס לעבן און אַ גראַדער שכל צו מאַכן די נויטיקע אויספירן — זיינען כאַניגס מעלות און שטאַרקייט. די שוואַכקייט שטעקט דערין, וואָס ניט תמיד קלעקט דאָס. אַן אַ ברייטן און טיפן וויסן קען דאָס אַמאָל פאַרפירן.

צו זען זיין אַלט היים־לאַנד, פאַר וועלכן ער האָט אין זיין האַרץ געטראָגן אַזוי פיל וואַרעמקייט, און צו קאָנטראָלירן זיין באַציאונג צום סאָוועטישן רעזשים, איז כאַניג געקומען אַהין נאָך אַ באַזוך אין פראַנקרייך, בעלגיע, דייטשלאַנד און פּוילן. אין 1928 איז ער געפאָרן אַלס דעלעגאַט פון יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד אין אַמעריקע צום אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין בריסעל. אין פּוילן איז ער אַרויסגעטרעטן מיט רעדעס אויף אַ ריי בונדישע פאַרזאַמלונגען, ווי אויך אויף אַ גרויסן צוזאַמענפלי פון יוגנט־בונד „צוקונפט" פון וואַרשעווער ראַיאָן. פון פּוילן האָט זיין וועג געפירט קיין סאָוועט־רוסלאַנד.

זעענדיק דאָס נייע רוסלאַנד אונטערן סאָוועטישן רעזשים, פרעגט כאַניג זיך אַליין: אפשר איז פאַרט מעגלעך אַ פשרה, אפשר איז פאַרט מעגלעך זיך פרייען מיט דעם אַלעם? אין בוך „סאָוועט־רוסלאַנד" זאָגט דער מחבר:

„ווען איך פלעג באַגעגענען אין רוסלאַנד מענטשן, וואָס זיינען גליקלעך אַפילו אין זייער אומגליק, וואָס וואַרעמען זיך מיט דעם גליק פון זייער צוקונפט, פלעגט מיר ווערן אָנגענעם. זייער גליק פלעגט מיך אויך אַ ביסל דערוואַרעמען. און אַז עס פלעגט אַמאָל צו מיר דער־גיין אַזאַ קליינינקער פונק פון גליק אָדער צופרידנהייט, פלעגט מיר ווערן אַזוי גוט. וואָרעם אין דעם איצטיקן רוסישן לעבן וועט איר געפינען זייער ווייניק מענטשן, וואָס זאָלן אייך קאָנען דערוואַרעמען און דערפרייען".

וואו איז דער ליכטיקער פונקט, צוליב וועלכן מ'זאָל פאַרקוקן

די שוואַרצע פלעקן, וואו איז די זיכערקייט, אַז דער מאָרגן וועט פאַרגיטיקן פאַר די ליידן פון היינט? כאַנין האָט אַזאַ פּונקט און אַזאַ זיכערקייט ניט געפונען. דערפאַר איז ער געקומען צום אויספיר, אַז דאָס וואָס די קאָמוניסטן האָבן געטאָן פאַר דער צייט, „וואָס זיי זיינען ביי דער מאַכט, איז אין גרעסטן ווידערשפּרוך צום סאָציאַליזם". „פאַר די צרות פון רוסישן פאָלק האָבן זיי על־פי־טעות פאַרשריבן אַ מע־דיצין, פון וועלכער אַ גאַנץ פאָלק ראַנגלט זיך צווישן לעבן און טויט. אין זיינע אַנגסטן און מאַטערנישן קאָן זיך דאָס פאָלק ניט טרייסטן מיט דעם, וואָס די קאָמוניסטן האָבן געהאַט גוטע כוונות אים צו ראַ־טעווען".

דער לעבעדיקער מענטש איז דער צענטער פון אַלעם. אַלע טעאָריעס פון באַוועגונגען און אַלע האַנדלונגען פון אַ רעזשים ווערן קאָנטראָלירט דורך זייער ווירקונג אויפן מצב פון דער באַפעלקע־רונג. כאַנין האָט די באַפעלקערונג בכלל און די יידן בפרט געפונען אין אַזאַ טרויעריקן עקאָנאָמישן און פאָליטישן מצב, אַז ס'איז פאַר אים געווען קלאָר ווי אין ליכטיקסטן זונען־טאָג וואָסער אויספירן צו מאַכן — און די אויספירן זיינען געווען פעסימיסטיש־שוואַרץ. רייזנדע זאָגן געוויינלעך, אַז זיי פאָרן זען נייע לענדער, נאַטור־שיינ־קייטן, שטודירן אַנדערע לעבנס־באַדינגונגען אאַז"וו. אַנדערש ביי כאַנינען. פון קינדוויַיז אָן איז ביי אים געווען אַ שטאַרקער וואַנדערונג־לוסט. ער האָט געוואָלט זען נאָך מער מענטשן, ריידן מיט זיי, געוואָר ווערן ווי אַזוי זיי פילן און טראַכטן. אַנדערע קענען זיך אפשר באַ־פרידיקן מיט לייענען ביכער וועגן די אָדער יענע מענטשן, כאַנין דאַרף זיי האָבן לעבעדיקע פאַר זיך, דריקן זייער האַנט, אַריינקוקן אין זייערע אויגן, פילן דאָס קלאַפּן פון זייער האַרץ. דער מענטש און דאָס מענטשלעכע איז דער עיקר.

אין פאָרוואָרט צו זיין בוך „אַ רייזע איבער צענטראַל־ און דרום־אַמעריקע" (דערשינען 1942) זאָגט כאַנין:

„מיינע רייזעס זיינען זעלטן געווען לוסט־רייזעס, ווייל ווינציקער פון אַלץ אינטערעסירט מיך אַזאַ רייזע. ווען איך בין געפאָרן, האָט מיך געטריבן אַן אינערלעכער טיפער דראַנג צו זען מענטשן, צו זען

וואָס זיי טוען און ווי זיי לעבן. דאָס ערשטע מאָל, ווען מען האָט מיך אַרעסטירט פאַר געהערן צום „בונד״, האָב איך זיך מיט דעם אַרעסט געפרייט, ווי מאָדנע דאָס זאָל ניט קלינגען. איך האָב אַזוי פיל זיך אָנגעהערט וועגן די רוסישע טורמעס, ווי אַזוי מען לעבט דאָרטן, אַז מיר האָט זיך פּשוט געוואָלט זיי זען מיט מיינע אייגענע אויגן און דורכטראָגן דאָס טורמע־לעבן אויף מיינע אייגענע פּלייצעס״.

טיף און צאַפּלדיק מוז זיין דער אינטערעס אין לעבן פון אַנדערע מענטשן, כדי מיט צופרידנהייט צו צאָלן דעם שווערן פּרייז פון איי־גענעליידן פאַרן גליק פון לערנען, אַפילו אויף דער אייגענער הויט, די ליידן פון די אַנדערע.

די צוויי רייזע־ביכער, פּונקט ווי די אומצאָליקע אַרטיקלען אין „פאָרווערטס״, „וועקער״ און אַנדערע אויסגאַבעס, פאַרכאַפּן ניט מיט זייער שרייבערישן גלאַנץ און סטיל. און אויב דער לייענער לייענט פאָרט מיט טיפן אינטערעס דאָס, וואָס קומט אַרויס פון כאַנינס פען, איז עס, ווייל ער ווערט צוגעשמידט דורך דער אוממיטלבאַרקייט און אויפריכטיקייט, וואָס שלאָגן אַרויס פון די שורות. אונטער די טרו־קענע ווערטער איז פאַראַן אַ האַרציקע וואַרעמקייט, אַ מענטשלעכע זאָרג, וואָס גיט זיך אומבאַמערקט איבער פון שרייבער צום לייענער.

אַ באַזונדער אָרט פאַרנעמט „בערעלע״ — „אַ מעשה פון אַן אָרעם יינגעלע, וואָס איז אויסגעוואַקסן אַ קעמפער״. אין דער דאָזיקער אוי־טאָביאָגראַפישער מעשה, וואָס איז דערשינען אין 1938, האָט כאַניך צו פאַרצייכענען אַ גרויסע שרייבערישע דערגרייכונג. צו די פריער־דערמאָנטע מעלות פון כאַנינס שרייבן קומט נאָך דאָ צו פּשטות. די שווערקייט פון אַ דערוואַקסענעם צו ריידן צו קינדער ניט געקינסטלט, אויף אַ פאַרשטענדלעכער שפּראַך, האָט כאַניך, ווען מען ס׳פעלט טיילמאָל געהעריקע שרייבערישע מיטלען ווען ער רעדט צו גרויסע, גראָד אין דעם פאַל אויסגעצייכנט באַהערשט. און אַ דאַנק דעם וועט „בערעלע״ בלייבן איינס פון די בעסטע שאַפונגען אין דער יידישער קינדער־ליטעראַטור. די פּשטות און אינטימקייט פון די ווערטער מאַכן פאַר־שטענדלעך און נאָענט די ווייטע פאַרטונקלטע וועלט פון בערעלען — זיינע העלדישקייטן און יסורים.

## 19. אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן

פילזייטיק איז כאַנינס געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. דאָס פעלד פון זיין אַקטיווקייט איז ניט באַגרענעצט בלויז צו איין אָרגאַניזאַציע. ער געפינט זיך אין אויבנאָן פון אַ ריי וויכטיקע יידישע אַרבעטער־ און פאָלקס־אינסטיטוציעס.

פון 1936 איז ער דער בילדונגס־דירעקטאָר פון אַרבעטער־רינג. פאַר די לעצטע 10 יאָר האָט די שול־ און קולטור־אַרבעט פון אַרבעטער־רינג ברייט זיך אַנטוויקלט. זיין פאַרבינדונג מיט דער יידישער וועלטלעכער שול אין אַמעריקע, זיין קאַמף פאַר איר עקזיס־טענץ און אָנערקענונג דויערט שוין אַ סך לענגער. שוין אין יאָר 1915, דעמאָלט נאָך אַ „גרינער" אין אַמעריקע, באַטייליקט זיך כאַנין, אַלס איינער פון די איניציאַטאָרן אין גרינדן די ערשטע יידישע סאָציאַ־ליסטישע שול אין האַרלעם־קוואַרטאַל פון ניו־יאָרק. אין די שפּעטערע יאָרן, ווען מ׳האָט געדאַרפט אין אַרבעטער־רינג, און אין די סאָציאַ־ליסטישע רייען בכלל אויסקעמפן „בירגער־רעכט" פאַר דער יידיש־וועלטלעכער שול, איז כאַנין צווישן די אייפריקסטע פאַרקעמפער. אין די רייען פון אַרבעטער־רינג, ווי אויף קאָנווענשאָנס פון דער יידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע איז ער געווען פון די ראש המדברים פאַר דער גרינדונג פון די יידישע שולן, און פאָלעמיזירט מיט די קעגנער, צווישן וועלכע ס׳האָבן זיך אויך געפונען די פּראָמינענטסטע פירער. ווען דער סאָציאַליסטישער קאָנגרעסמאַן מאיר לאָנדאָן האָט אין 1925 אויף אַ קאָנווענשאָן פון אַרבעטער־רינג גערעדט דערפאַר, אַז מ׳זאָל זיך אַמעריקאַניזירן, האָט אים כאַנין געענטפערט: „מיר זיינען ניט קעגן ענגליש, אָבער מיר ווילן, אַז אויך אונזער יידישע קולטור זאָל געאַכטעט ווערן פון אונזערע קינדער". צוליבן טיפן אינטערעס אין דער קולטור־ און שול־אַרבעט איז כאַנין געווען טעטיק אין בילדונג־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג נאָך אַ סך יאָרן פריער, איידער ער איז געוואָרן דער בילדונגס־דירעקטאָר. אין די לעצטע 10 יאָר, אונטער כאַנינס פירערשאַפט, האָבן די קינדער־שולן פון אַרבעטער־רינג באַ־קומען אַ מער נאַציאָנאַלן אינהאַלט.

במשך פון די לעצטע 12 יאָר, פון ערשטן מאָמענט אָן, איז ב. כאַנין אַקטיוו אין יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט, אין וועלכן ער שפּילט אַן אָנפירנדיקע ראָל. אַלס פּאָרזיצער פון אַדמיניסטראַטיוון קאָמיטעט באַווירקט ער די טאָג־טעגלעכע אַרבעט פון דער דאָזיקער וויכטיקער אָרגאַניזאַציע, וואָס פאַרטרעט אַ האַלבן מיליאָן יידישן אַרבעטער פון אַמעריקע. די וויכטיקסטע באַשלוסן און האַנדלונגען פון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט זיינען דורך אים באַאיינפלוסט געוואָרן. באַזונדערס פיל האָרץ און מי האָט ער אַריינגעלייגט אין דער גרויסער הילף־ און רעטונג־אַרבעט אין די יאָרן פון אונזער גרויסער פאָלקס־קאַטאַסטראָפע, בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, און נאָך איר.

הגם ניט אין אַזאַ מאָס, ווי אין יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט, ווירקט ער אויך מיט אין „אָרט". ווען כאַנין האָט זיך אומגעקערט פון זיין נסיעה אין סאָוועט־רוסלאַנד, איז ער געקומען מיט אַ הייסן פאַרלאַנג צו טאָן עפּעס ממשותדיקעס פאַר די דאָרטיקע יידן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין אַ שווערער לאַגע. אויף זיין אָפּיל ווערט אָנ־געהויבן דער געצייג־קאַמפּיין פון „אָרט" — אַ קאַמפּיין, וואָס האָט אַריינגעבראַכט קרוב אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר אויף אַרבעטס־מכשירים און מאַשינען פאַר דעקלאַסירטע יידן אין סאָוועט־רוסלאַנד.

ווען דער „דזשאָינט" נויטיקט זיך אין זיין הילף, איז ער אויך גרייט. אין יאָר 1941 האָט ער אין שליחות פון „דזשאָינט" באַזוכט בראַזיליע און דאָרט געפירט אַ קאַמפּיין. ער האָט דעמאָלט אויך באַזוכט אַרגענטינע, אורוגווייַ און סאַן דאָמינגאָ. אומעטום איז ער אויפגענומען געוואָרן, ווי אַ פאָרשטייער פון די יידישע אַרבעטער און ווי אַ שליח פון די אַמעריקאַנער יידן.

ווי אַזעלכן האָט מען אים אויך אויפגענומען אין אייראָפּע, וואו־הין ער איז נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה געקומען אין שליחות פון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט צו באַקענען זיך פּראַקטיש מיט די נויטן פון די יידישע שארית הפליטה און אָרגאַניזירן הילף־אַרבעט. חדשים לאַנג האָט ער פאַרבראַכט מיט די לעבן־געבליבענע יידן, צוזאַמען מיט זיי מיטגעוויינט, זיי געטרייסט און געמוטיקט.

באַלדיקע הילף און בויען דויערנדיקע אינסטיטוציעס — דאָס האָט געהאַט פאַרן אויג דער פאָרשטייער פון יידישן אַרבעטער־קאָמי־טעט. איינע פון די שענסטע און וויכטיקסטע אַנשטאַלטן, וואָס איז דורך כאַנינס זיין געשאַפן געוואָרן אין פראַנקרייך, איז די וולאַדעק־היים. אויסער דער הילף פון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט, איז לויט כאַנינס איניציאַטיוו אָרגאַניזירט געוואָרן דורך דער יוגנט־אָפּטיילונג פון אַר־בעטער־רינג אַ קאַמפּיין צו שאַפן 100 טויזנט דאָלאַר פאַר דער קינדער־סאַנאַטאָריע אויפן נאָמען פון ב. וולאַדעק.

ב. כאַנין האָט זיך קיינמאָל ניט אָפּגעריסן פון זיין שטאָם — פון זיין אַלטער היים. תמיד האָט ער געטראַכט וועגן די נויטן און פּראָב־לעמען פון דאָרטן, און געזוכט איינצוהאַלטן דעם פּערזענלעכן קאָנ־טאַקט, וואָס זאָל פאַרבינדן אונזער לעבן אויף ביידע קאָנטינענטן. אויב ס'איז אמת, אַז די פעלקער און ראַסן פון אַלע קאָנטינענטן זיינען „איין וועלט", איז אוודאי אמת, אַז אַלע יידן בכל תפוצות ישראל — יידן פון פאַרשידענע שפּראַכן און קולטורן — זיינען איין פאָלק. דער אָקעאַן קען ניט איבעררייסן די פעדים, וואָס פאַרבינדן די יידישע מאַסן פון אַמעריקע מיט זייערע ברידער און שוועסטער אויף יענער זייט. שלוחים פון אייראָפּע פלעגן קומען אַהער. זיי זיינען געוועזן דער לעבעדיקער אויסדרוק פון דער קרובהשאַפט, וואָס האָט עקזיסטירט צווישן די יידישע אַרבעטער אויף ביידע זייטן אָקעאַן. מיט כאַנינס אַקטיווסטער מיטהילף זיינען דורך די היגע יידישע אַרבעטער־אָרגאַ־ניזאַציעס אַראַנזשירט געוואָרן די לעקציע־טורס פון די בונדישע פירער אין פוילן — נח, בייניש מיכאַלעוויטש, הענריק ערליך, וויקטאָר אַלטער, גרשון זיבערט, ישראל ליכטענשטיין, אַרטור זיגעלבוים, שלמה מענדעלסאָן און אַנדערע. דאָס זעלבע איז בנוגע די לעקציע־טורס פון ר. אַבראַמאָוויטש און דוד איינהאָרן. ס'איז אין דעם געווען עפּעס מער ווי אַ געוויינלעכער טויש פון מאַטעריעלער הילף דאָרט פאַר גייסטיקער הילף דאָ. די קעגנזייטיקע באַזוכן — פון אַמעריקאַנער יידישע אַרבע־טער־פירער אין אייראָפּעאישע און אייראָפּעאישע אין אַמעריקע — זיינען געווען אַן אויסדרוק פון אַ ווילן איינצוהאַלטן אַ גייסטיקע און סענטי־

מענטאַלע נאָנטקייט צווישן די יידישע אַרבעטער, וועלכע זיינען דורך גרויסע שטרעקעס געאָגראַפיש דערווייטערט געוואָרן איינע פון די אַנדערע.

איינהאַלטן די גייסטיקע און סענטימענטאַלע נאָנטקייט העלפט אויך שטאַרק צו די יידישע קולטור. און קודם העלפט זי צעמענטירן די יידן אין אַמעריקע, פאַרהיט זיי פון דער סכנה פאַרפרעמדט צו ווערן, פון דער סכנה צו ווערן אויס כלל און צעפאַלן זיך אויף איינצלנע שטויבעלעך. נ. כאַנין איז אויך דאָ איינער פון די ענערגישסטע בויער. איינער פון די הויפּט־איניציאַטאָרן און גרינדער פון דער צענטראַלער יידישער קולטור־אָרגאַניזאַציע (ציקאָ) און פון איר פאַרלאַג, שטייט ער ביזן היינטיקן טאָג בראש פון איר. צווישן די, וועלכע האָבן אין 1941 מחיה מתים געווען דעם עלטסטן יידישן זשורנאַל, „די צוקונפט“, און געהאָלפן דאָ אין אַמעריקע ווייטער אַרויסגעבן די אַלגעמיינע יידי־שע ענציקלאָפּעדיע, איז אין דער ערשטער ריי געווען נ. כאַנין. און אַ ריי יידישע שרייבער האָבן געהאַט זיין מאַטעריעלע און מאָראַלישע מיטהילף ביים אַרויסגעבן זייערע ביכער. אויך אַנדערע יידישע קינסט־לער האָבן אין אים אַ וואַרעמען פריינד און העלפער.

נ. כאַנין וויל ניט רוען אויף זיינע לאָרבער. באַלאָדן מיט שווערער, פאַראַנטוואָרטלעכער אַרבעט, איז ער שטענדיק גרייט אונטערצושטעלן אַן אַקסל אומעטום, וואו ער פילט, אַז זייןביישטייער וועט זיין נוצלעך.

***

דאָס איז דער לעבנס־וועג פון נחום כאַנין.

אין נויט געוואַקסן, אין ערלעכקייט און גלויבן געהאָדעוועט. באַ־שטראַלט פון אַ גרויסן אידעאַל, באַהאָפטן מיט מוטיקע מחנות, זזיז ער געגאַנגען באַזיגן די פינצטערניש און אומרעכט. געשמידט אין קייטן, אַ געפאַנגענער אין שונאס הענט, האָבן פאַרצווייפלונג און ביטערניש זיין גייסט ניט געבראָכן, דעם שוואונג פון זיינע פליגל ניט אָוועקגענומען. אויף נייער ערד שיינט פאַר אים די אַלטע, יעדן טאָג זיך באַנייענדיקע זון פון אַ טיפן גלויבן, פון אַ שטאָל־פעסטע איבער־

צייגונג, אַז די וועלט און אירע קינדער גייען פאָרט פאָראויס — צו שיינקייט און גערעכטיקייט. שטייט ער אויף צוריק נאָך יעדער שטרויכ־לונג, גלייכט ער ווידער אויס דעם רוקן נאָך יעדער אַרויפגעפאַלענער לאַסט, אָטעמט ער אין זיך אַריין ריינע לופט נאָך יעדן דומפּיקן ווינקל — אין סטיל פון גאַנצע, שטאַרקע מענטשן, וועלכע האָבן אַ גרויסן ציל אין לעבן, אַ הייליקע מיסיע צו דערפילן.

חרב ומוחרב און בלוטיק־פאַרשניטן איז די וועלט פון כאַנינס יוגנט. אין אים, ווי אין זיינע מעשים, זיינען פאַרבאָרגן די זאַפטן פון יענער וועלט. אין מינסק און לובלין האָט ער זיי אין זיך איינגעזאַפּט און געטראָגן — זיין הייליקסטן אוצר — דורך סיבירער טונדרעס, דורכן אָקעאַן, דורך מרחקים און צייטן. שוין צענטליקער יאָרן אַזוי. דער קאָפּ שוין גרוי — אָבער נחום כאַנין איז נאָך אַלץ אין מאַראַטאָן־לויף מיטן אומאויסלעשלעכן פלאַם אין זיין האַרץ.

ר. אַבראַמאָוויטש

# דער מענטש און סאָציאַליסט

וואָס איז היינט אַ „סאָציאַליסט״? אַ מענטש, וואָס גלויבט אין קאָלעקטיווערווירטשאַפט, הויכע שכירות פאַר אַרבעטער און סאָציאַ־לער פאַרזיכערונג? אַ מענטש, וואָס האָט פיינט דעם קאַפּיטאַליזם און קען ניט פאַרטראָגן די אומגערעכטיקייט פון אַן אָרדנונג וואו ס׳הערשן עקספּלואַטאַציע, קריזיסן און אַרבעטסלאָזיקייט? אַן עקאָנאָ־מיש דענקענדער מענטש, וואָס שטעלט פעסט דורך טיפן אַנאַליז, אַז די סיסטעם פון פּלאַנירטער און רעגולירטער ווירטשאַפט איז פּראָ־דוקטיווער און העכער ווי די כאַאָטישע „פרייע״ ווירטשאַפט פון קאַ־פּיטאַליזם? איז דאָס אַלץ גענוג צו זיין אַ סאָציאַליסט און צו ווערן באַטראַכט אַלס סאָציאַליסט?

מיט אַ יאָר 40 צוריק וואָלטן מיר אויף דער פראַגע געענטפערט מיט אַ הילכיקן „יאָ״. אָט די אַלע סימנים, וואָס איך האָב אויסגע־רעכנט, זיינען געווען די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון אַ סאָציאַליסט, צום אונטערשיד פון אַ בורזשואַזן דעמאָקראַט. היינט איז דאָס מער ניט אַזוי. היינט זיינען פאַראַן גענוג מענטשן, וואָס האַלטן זיך ביי דער מיינונג, אַז די צוקונפט געהערט דער קאָלעקטיווער און פּלאַנירטער ווירטשאַפט, אָבער קיין סאָציאַליסטן זיינען זיי ניט: זיי קענען זיין „טעכנאָקראַטן״, „פּלאַניסטן״, קאָמוניסטן, נאַציס, פאַשיסטן און נאָך אַנדערע „איסטן״, אָבער זיי מוזן ניט זיין אומבאַדינגט סאָציאַליסטן אין אונזערן זין פון וואָרט. אַפילו שנאה צום קאַפּיטאַליזם און קעגן סאָציאַלער אומגלייכהייט, אַפילו אָנערקענונג פון קלאַסן־קאַמף זיינען איצט ניט קיין זיכערער באַווייז פון סאָציאַליסטישער געזינונג. אַנטי־קאַפּיטאַליסטן קענען זיין און זיינען אָפט פאַשיסטן, ראָמאַנטיש־רעאַק־ציאָנערע פויערים־גרופּעס, וואָס האָבן פיינט די שטאָט מיט דעם הענד־לער, אַנטיסעמיטישע קליינבירגערלעכע גרופּעס, אאַז״וו.

סאָציאַליזם איז עפּעס אַנדערש: דאָס איז אַ סיסטעם פון אַנשוי־אונגען, וואָס זיינען אַנגעזאָפּט מיט אַ מאָראַלן פּאַטאָס, דעם פּאַטאָס פון פרייהייט, מענטשלעכקייט, הומאַניזם, ברידערלעכקייט. דער „סאָ־ציאַליזם" פון דיקטאַטור, טויט־שטראָף, קאָנצענטראַציע־לאַגערן און — נאַציאָנאַליזאַציע פון אינדוסטריע איז פאַר אונז קיין סאָציאַליזם ניט. אָבער דערלויבט מיר צו גיין נאָך ווייטער: אַפילו ניט יעדער איינער, וואָס נעמט אָן די פּלאַטפאָרם פון הומאַניטאַרן און פרייהייט־לעכן סאָציאַליזם, איז ביי מיר אַן אמתער און עכטער סאָציאַליסט, פּונקט אַזוי ווי פאַר מיר איז אַן אמתער קריסט ניט יעדער, וואָס גייט אין קירך און טראָגט אויפן האַלז אַ קייטעלע מיט אַ צלם. מען מוז דעם סאָציאַליזם ניט נאָר אָנערקענען אין ביכער און אַרטיקלען אָדער עפנטלעכע רעדעס, מען מוז אויך אין האַרצן האָבן דעם סאָציאַליזם, ווי אַ מין אינעווייניקסטע רעליגיע, ווי אַן אייגנשאַפט פון כאַראַקטער, ווי אַ כאַראַקטעריסטיק פון דער נשמה. און ווען איך שטעל אַרויס אַזאַ מין באַדינגונג, וויל איך דערקלערן וואָס איך מיין.

***

איך האָב געהאַט די געלעגנהייט צו זיין נאָנט באַקאַנט און אַפילו באַפריינדעט מיט אַ ריי באַוואוסטע, צום טייל באַרימטע, סאָ־ציאַליסטן פון פאַרשידענע לענדער. געווען צווישן זיי מענטשן מיט גלענצנדע רעדנערישע און טעאָרעטישע פעאיקייטן, גרויסע שרייבער, גרויסע געלערנטע, געוואַלטיקע פאַרלאַמענטאַריער אָדער יוניאָן־פּי־רער. און דאָך זיינען זיי ניט געבליבן אין מיין זכרון ווי סאָציאַליסטן. זיי זיינען געווען פּראַקטיקער אָדער טעאָרעטיקער פון סאָציאַליזם, פּונקט אַזוי ווי אַנדערע זיינען פּראַקטיקער און טעאָרעטיקער פון סאָציאָ־לאָגיע אָדער מאַטעמאַטיק: זיי ווייסן אַלץ, זיי קענען אַלץ דערקלערן אויף זייער געביט, האָבן גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער פּאַרטיי. אין זייער אינעווייניקסטן מהות, אין דער טיפעניש פון זייער האַרצן זיינען זיי אָבער געווען קליינבירגער, אינדיווידואַליסטישע אינטעליגענטן, וואָס זיינען אַריין אין דער אַרבעטער־באַוועגונג מיט זייער מאַרך, אָבער ניט מיט זייער נשמה. אַזעלכע מענטשן קען מען אַכטן, רעספּעקטירן,

אָבער פאַרערן זיי אַלס סאָציאַליסטישע פירער, אַלס לערער פון יענעם טיפן, עכט־סאָציאַליסטישן לעבנס־באַנעם, קען מען ניט. יעדנפאַלס, איך האָב דאָס קיינמאָל ניט געקאָנט פילן אַזוי. אַפילו דאַן, ווען טעאָ־רעטיש און פּאָליטיש בין איך מיט זיי געווען אינגאַנצן מסכים.

עס זיינען געווען אויך אַנדערע: אַזעלכע, מיט וועמען איך בין לחלוטין ניט געווען איינשטימיק אין די וויכטיקסטע טעאָרעטישע און פּאָליטישע פראַגן, וואָס זיינען אָבער „איינגעבאַקן" געוואָרן אין האַרצן, געוואָרן פאַר מיר די פאַרקערפּערונג פונם עכט־סאָציאַליסטישן מענטשן, פון דעם שענסטן טיפּ מענטשן, וואָס איך האָב ווען ניט איז געטראָפן.

איך וויל ברענגען בלויז איין ביישפּיל. ווען איך האָב זיך דאָס ערשטע מאָל געטראָפן מיטן אַלטן עדואַרד בערנשטיין, דעם פירער פון די „רעוויזיאָניסטן", איז ער פאַר מיר געווען אַ כופר בעיקר, אַ מענטש מיט גאַנץ פאַלשע טעאָרעטישע אָנשויאונגען. אַלץ וואָס ער האָט געשריבן און געלערנט אין יענעם מאָמענט, איז געווען פאַר מיר ניט אָננעמבאַר און בכלל ניט־סאָציאַליסטיש. אָבער דאַן האָב איך זיך מיט אים נעענטער באַקאַנט, און פאַר מיר איז אַנטפּלעקט געוואָרן די וואונדערבאַרע געשטאַלט פון גאָר אַ נייעם בערנשטיין. קיין בערלין זיינען דעמאָלט, גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, געקומען טויזנטער יידן פון פּוילן, רוסלאַנד און אַנדערע מזרח־אייראָפּעאישע לענדער. אָפטמאָל אָן וויזעס, אָן געלט, אָן אַרבעטס־דערלויבענישן. קריגן וואוינרעכט, באַקומען דאָס רעכט צו דינגען אַ דירה אָדער צו פאַרנעמען אַ שטעלע, איז געווען ניט קיין לייכטער ענין. בערנשטיין, דער זקן מיט דער גרויסער גרויער באָרד, איז געווען יענער, צו וועמען אַלע מזרח־יידישע לינקע פלעגן זיך קודם־כל ווענדן. ער פלעגט קיי־נעם ניט אָפּזאָגן: אַ גראַדנער יידיש מיידל, וואָס האָט געוואָלט אָנ־קומען אין אוניווערזיטעט, פלעגט קומען צו בערנשטיינען. אַ בער־דיטשעווער יינגער שרייבער, וועלכן מען האָט געוואָלט אַרויסשיקן פון דייטשלאַנד, ווייל ער איז אַהין געקומען אָן אַ וויזע, פלעגט לויפן נאָך הילף צו בערנשטיינען. אַ רוסישער פּאָליטישער עמיגראַנט, וואָס האָט ניט געקאָנט באַקומען פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג קיין דערלויבעניש צו דינגען אַ דירה, פלעגט קומען מיט מיינער אַ רעקאָמענדאַציע־בריוו צו בערנשטיינען.

ער האָט קיינמאָל קיינעם ניט אָפּגעזאָגט. אין די יידישע קרייזן פון בערלין פלעגט מען זיך ווּיצלען, אַז יעדער מזרח־אייראָפּעאישער ייד אין בערלין האָט אין זיין קעשענע צום ווייניקסטן איין בריוו פון בערנשטיינען.

בערנשטיין האָט ניט בלויז געגעבן בריוו. אָט וואָס עס האָט מיר דערציילט אַ יידישער שרייבער, וואָס איז שפּעטער געשטאָרבן אין אַמעריקע. ער איז געווען ביי בערנשטיינען מיט מיינער אַ רעקאָמענ־דאַציע. בערנשטיין האָט אים געגעבן אַ בריוו און געהייסן פאָרן צום פּאָליציי־פּרעזידענט, שטייט דער שרייבער אין דער נאָענטסטער גאַס און וואַרט אויף דעם אויטאָבוס. דער טאָג איז געווען אַ רעגנדיקער און אַ קאַלטער. מיט אַמאָל גיט אים עמיצער אַ ריר פאַר דער פּלייצע. ער דרייט זיך אום און זעט דעם אַלטן בערנשטיין, אָן אַ היטל, אָן אַ מאַנטל, אַ פאַרסאָפּעטן. וואָס איז? ער האָט דעם שרייבער געגעבן ניט דעם ריכטיקן נומער פון אויטאָבוס, איז ער אים נאָכגעלאָפן, כדי יענער זאָל ניט פאַרבלאָנדזשען. בערנשטיין איז דעמאָלט געווען נאָענט צו 80 . . .

איר וועט איצט פאַרשטיין וואָס איך מיין, ווען איך זאָג, אַז ניט יעדערער, וואָס האַלט גוטע סאָציאַליסטישע לעקציעס, איז אַ גוטער סאָציאַליסט. איך האָב געזען סאָציאַליסטן, וואָס האָבן געהאַט אַ גרויסן נאָמען, אָבער מענטשלעך זיינען דאָס געווען עגאָאיסטן מיט קאַלטע הערצער, וואָס וואָלטן זיך אויסגעלאַכט, ווען מען וואָלט זיי געבעטן אָפּזאָגן זיך פון זייער באַקוועמלעכקייט צוליב אַן „אָנגעלאָפענעם" ווילד־פרעמדן מענטשן.

***

ווען איך טראַכט וועגן מיינע סאָציאַליסטישע חברים, טייל איך זיי שטענדיק איין אין צוויי קאַטעגאָריעס: עכטע סאָציאַליסטן און פאָרמעלע סאָציאַליסטן. פאָרמעלע זיינען די, וואָס זיינען קאָפּ־סאָציאַ־ליסטן: זיי ווייסן אַז סאָציאַליזם איז נויטיק, זיי זיינען אַפילו גרייט צו קעמפן פאַר אַ נייער וועלט, אָבער אין זייערע מענטשלעכע באַ־ציאונגען און צוגאַנגען לעבן זיי נאָך אַלץ אין דער אַלטער וועלט, זיי זיינען ניט קיין סאָציאַליסטן אין דער טיפעניש פון זייער האַרץ. דער

אייגענער איך, די אייגענע באַקוועמלעכקייט, די אייגענע מאַטער־יעלע און אַנדערע אינטערעסן פאַרנעמען ביי זיי דעם אויבנאָן. די עכטע זיינען ביי מיר די, וואָס זיינען סאָציאַליסטן, קאָלעקטיוויסטן, אי אין זייערע איבערצייגונגען און אָנשויאונגען, אי אין זייער לעבנס־שטייגער, אי אין זייערע באַציאונגען מיט אַנדערע מענטשן, — דאָס זיינען די קאָפּ־ און האַרץ־סאָציאַליסטן.

נחום כאַנין איז ביי מיר פאַרעכנט שוין לאַנג, באַלד נאָכדעם ווי איך האָב זיך מיט אים נעענטער באַקאַנט, אין דער לעצטער קאַטע־גאָריע. ניט ווייל ער איז אַ געוועזענער אַרבעטער. איך האַלט ניט פון דעם, אַז נאָר אַן אַרבעטער קען זיין א גוטער און עכטער סאָציאַליסט. בערנשטיין איז ניט געווען קיין אַרבעטער, און פּיער רענאָדעל מיט זיין „גאָלדן האַרץ" איז ניט געווען קיין אַרבעטער, און לעאָן בלום איז ניט קיין געוועזענער אַרבעטער. אַרבעטער זיינען אָפט פּונקט אַזוי האַרט אָדער נאָך האַרטער, עגאָאיסטישער און וויניקער סאָציאַל אין פּער־זענלעכן און געזעלשאַפטלעכן לעבן, ווי ניט אַרבעטער. כאַנין איז געקומען צום סאָציאַליזם אַלס אַרבעטער; זיין פּראָטעסט קעגן אָרעמ־קייט, נויט און דחקות, אין וועלכע ער און זיינע אַרבעטס־חברים האָבן געמוזט לעבן, זיין רעוואָלט קעגן אומגערעכטיקייט און סאָציאַלער אומגלייכהייט שטאַמען זיכער פון אַרבעטאַרישע, פּראָלעטאַרישע קוואַלן. נאָר אַ מענטש, וואָס קומט אַרויס אַליין פון אונטן, פון די אונטער־דריקטע און הונגעריקע, קען אינערלעך, ניט מיטן קאָפּ נאָר מיטן האַרץ, פאַרשטיין וואָס עס מיינט פאַר זיין קלאַס די האָפענונג אויף סאָציאַלער באַפרייאונג, אויף גלייכהייט מיט אַנדערע מענטשן. אָבער זיין רעוואָלט און זיין סאָציאַלע קעמפערישקייט האָבן אים ניט געמאַכט פאַר אַ האַסער, אַ רופער צו שנאה און נקמה. די אָפּשטויסונג פון אומ־יושר און אונטערדריקונג האָט אים ניט געמאַכט פאַר אַ פאַראַכטער פון יושר און אַ „קעגן־אונטערדריקער". זיין באַציאונג צו אַנדערע מענטשן איז פון געזעלשאַפטלעכער סאָלידאַריטעט, מענטשלעכקייט און הילפס־גרייטקייט.

דאָס איז ניט אַזוינס, וואָס מען קען איינפלאַנצן אין אַ מענטשן דורך פּראָפּאַגאַנדע, דורך ביכלעך און בראָשורן. מען דאַרף זיין אַזוי געבוירן. די נייע דורות אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט וועלן

אפשר אַזאַ צוגאַנג צו אַנדערע מענטשן באַקומען דורך דערציאונג. אָבער מענטשן, אַרויסגעוואַקסענע און אויפגעהאָדעוועטע אין דער אַלטער קלאַסן־געזעלשאַפט, האָבן דאָס רוב ניט יענעם כאַראַקטער, וואָס איך האָב געשילדערט אויפן ביישפּיל פון עדואַרד בערנשטיין. די וואָס האָבן יאָ, האָבן דאָס ניט פון דערציאונג, דאָס איז ביי זיי אַ נאַטור־זאַך, אַן איינגעבוירענע אייגנשאַפט.

כאַניך איז אַ סאָציאַליסטישער מענטש לויט זיין כאַראַקטער, לויט זיין אינעווייניקסטן מהות, און ער איז דעריבער אַ געבוירענער מענטש־לעכער, הומאַניטאַרער סאָציאַליסט. ער פאַרלאַנגט דעם סאָציאַליזם פאַר דעם מענטשן, פאַר דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט. דער סאָציאַליזם איז ביי אים אַ מיטל, כדי העלפן דעם מענטשן, אָבער דער מענטש איז ביי אים ניט בלויז אַ מיטל אָדער אינסטרומענט צום סאָציאַליזם. שבת איז געמאַכט פאַר דעם מענטשן און ניט דער מענטש איז געמאַכט פאַר פראַווען שבת.

אָט דאָס איז כאַניך, איינער פון יענע עכטע סאָציאַליסטן, וואָס נאָר אין זיי ליגט די האָפענונג אויף סאָציאַליזם. אַמאָל בין איך מיט כאַנינען ניט מסכים אין פאַרשידענע סאָציאַליסטישע פּראָבלעמען, אָבער וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָבן די דאָזיקע חלוקי־דעות אין פאַר־גלייך מיט יענעם פונדאַמענטאַלן פאַקט, וואָס כאַניך איז שטענדיק אַ סאָציאַליסט, אַפילו אין זיינע פעלערן, אַפילו דאַן ווען ער איז ניט גערעכט. ער איז אַ סאָציאַליסט וואָרעם ער איז אַ מענטש, אַ האַרציקער מענטש, שטענדיק גרייט צו סאָלידאַריטעט און הילף, שטענדיק גרייט צו קרבנות פאַר אַנדערע. און ער איז אַ מענטש, אַן עכטער סאָציאַ־לער מענטש, וואָרעם ער איז ביז צו דער טיפעניש פון זיין האַרצן אַ סאָציאַליסט, וואָס לעבט און שאַפט ניט פאַר זיך, נאָר פאַרן קאָלעקטיוו.

## הלל ראָגאָף

# נ. כאַנין ווי אַ פירער

נ. כאַנין איז געוואָרן אַ פירער אין דער יידישער אַרבעטער־באַ־וועגונג אין אַ קריטישן מאָמענט. דאָס איז געווען נאָך דער שפּאַלטונג פון 1921, ווען די קאָמוניסטן האָבן צוגענומען אַ גרויסן טייל פון די מיטגלידער און פירער. ער איז דעמאָלט געווען אומבאַקאַנט און אומ־דערפאַרן.

די אויפגאַבע, מיט וועלכער ער איז אָנפאַרטרויט געוואָרן, איז געווען ניט בלויז אַ שווערע, נאָר אויך אַן אומדאַנקבאַרע. זיין אויפ־גאַבע איז געווען איינצוהאַלטן די רעשטלעך פון דער צעבראָכענער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און אָפּשטעלן די כוואַליע פון קאָ־מוניזם וואָס האָט דעמאָלט געהאַלטן אין שטייגן און געדראָט צו פאַרפלייצן די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, די יידישע יוניאָנס, דעם אַר־בעטער־רינג און אַלע אַנדערע יידישע אַרבעטער־אינסטיטוציעס.

אין די 25 יאָר, וואָס זיינען זייט דעמאָלט פאַרלאָפן, איז כאַנין אויסגעוואַקסן צו איינעם פון די וויכטיקסטע און פעאיקסטע פירער אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. זיין נאָמען איז באַוואוסט אי־בערן גאַנצן לאַנד, וואו עס איז נאָר פאַראַן אַ יידיש עפנטלעך לעבן. ער איז צווישן די ערשטע אין דער פאַרוואַלטונג און אין דער גייס־טיקער פירערשאַפט פון אַרבעטער־רינג, יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט, „פאָרווערטס“, יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד, „ציקאָ“. זיין וואָרט האָט גרויס געוויכט אין די געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס פאַר יידי־שע טעטיקייטן, וואָס האָבן צו טאָן מיט הילף, קולטור און סאָציאַלע ענינים.

דעם הויכן אָרט האָט כאַנין פאַר זיך דערוואָרבן ניט מיט דעם כוח פון די אָרגאַניזאַציעס, מיט וועלכע ער איז פאַרבונדן, אויך ניט דורך דעם וואָס ער באַזיצט די אייגנשאַפטן פון אַגרעסיוויקייט אָדער

איינגעשפּאַרטקייט, מיט וועלכע די מערסטע פירער צייכענען זיך אויס. כאַנין האָט זיך דערוואָרבן זיין הויכן אָרט מיט דעם כוח פון זיין אייג־געבאָרענער אינטעליגענץ, מיט זיין קאָמען־סענס און טאַקט און מיט זיין אויפריכטיקייט און לאָיאַליטעט צו די באַוועגונגען, וואָס ער דינט און צו די אידייען, אין וועלכע ער גלויבט.

די אַלע הויכע אַמטן, וואָס כאַנין האָט געהאַלטן און וואָס ער האַלט היינט, האָט ער ניט געזוכט. זיי האָבן אים געזוכט. די אַלע שליחותן, אויף וועלכע ער איז געשיקט געוואָרן און וועלכע האָבן אַזוי פיל ביי־געשטייערט צו פאַרגרעסערן און פאַרשענערן זיין נאָמען, זיינען אויף אים אַרויפגעצוואונגען געוואָרן. די איינלאַדונגען צו העכערע אַמטן, די אָנבאָטן צו פאַראַנטוואָרטלעכע אויפגאַבן זיינען אים געמאַכט געוואָרן אַלס רעזולטאַט פון זיינע דערפאָלגן אין אַלץ, וואָס ער האָט פריער אונטערנומען, אין אַלץ מיט וואָס ער איז פריער אָנפאַרטרויט געוואָרן.

מיר איז ניט באַקאַנט קיין איין פאַל, אין וועלכן כאַנין זאָל האָבן אַנטוישט אין די דערוואַרטונגען, קיין איין פאַל ווען אַן אָרגאַניזאַציע זאָל האָבן חרטה געהאַט פאַר אָנפאַרטרויען אים אַן אַמט אָדער אַן אויפגאַבע.

עס זיינען פאַראַן זייער ווייניק פירער, וואָס ווערן ניט קאַליע אין פאַרלויף פון צייט; איבערהויפּט איז דאָס דער פאַל מיט דערפאָלגריי־כע פירער. אַ טייל פון זיי ווערן פאַרדאָרבן דורך דער מאַכט וואָס זיי באַקומען, אַ טייל ווערן קאַליע דורך די לויב־געזאַנגען וואָס ווערן זיי געשאָנקען. דיביידע זאַכן — מאַכט און לויב — ווירקן ווי אַ זשאַווער אויפן כאַראַקטער פון מענטש.

כאַנין געהערט צו די אויסנאַמען. ער איז ניט קאַליע געוואָרן. פאַרקערט, ער איז היינט מער פאָפּולער, מער אָנערקענט און באַליבט ווי ווען עס איז פריער. מיר דאַכט זיך, אַז דאָס איז צו פאַרדאַנקען צוויי אייגנשאַפטן וואָס כאַנין באַזיצט אין אַ גרויסער מאָס. די צוויי אייגנ־שאַפטן האָבן אים אויסגעהיט פון די שטרויכלונגען וואָס דערפאָלג ברענגט מיט זיך. די צוויי אייגנשאַפטן זיינען — אַ הויכער רעספּעקט פאַר וויסן און פאַר קולטור און נאָך אַ העכערער רעספּעקט פאַר די גרויסע פשוטע מאַסן.

כאַנין האָט דרך־ארץ פאַר אינטעליגענץ, פאַר קענטעניש, פאַר

טאַלאַנט. מען וועט פון אים קיינמאָל ניט הערן קיין וואָרט פון ביטול קעגן דענקער, שרייבער, קינסטלער. פאַרקערט, ער באַציט זיך צו זיי מיטן גרעסטן דרך־ארץ, אַפילו ווען זיי געהערן צו אַן אַנדערן אָדער קעגנערישן חדר ווי זיינער, אַפילו ווען ער שטייט אין קאַמף מיט זיי. צו אָט דער באַציאונג פון רעספּעקט פאַר וויסן, פאַר פעאיקייט, פאַר טאַלאַנט קען צוגעשריבן ווערן זיין דערפאָלג אויף דעם פּאָסטן פון בילדונגס־דירעקטאָר פון אַרבעטער־רינג און די ווערטפולע דינסט זיינע אין די אַלע קולטורעלע אָרגאַניזאַציעס, אין וועלכע ער איז טעטיק.

און כאָטש ער האָט דרך־ארץ פאַר דער מאַסע פּשוטע מענטשן, ער האַלט זיך ניט גרעסער פון זיי, ער קוקט אויף זיי ניט פון אויבן אַראָפּ. דער פאַקט וואָס ער איז אַ פירער מאַכט אים פילן נאָך מער פאַראַנט־וואָרטלעך, מער פאַרזיכטיק אין זיין באַציאונג צו זיי. די מאַסן, צו וועלכע ער רעדט, פילן אָט די באַציאונג זיינע אינסטינקטיוו און דער־פאַר גלויבן זיי אים און האָבן צו אים צוטרוי. דאָס איז דער סוד פון זיין דערפאָלג אויף דער פּלאַטפאָרמע. ער נעמט ניט דעם עולם מיט זיין אָראַטאָרישער קראַפט, ניט מיט דעם כוח פון דער שטימע אָדער פראַזע, נאָר מיט דער ערלעכקייט און אויפריכטיקייט, וואָס ליגן אין זיינע ווערטער און מיט דער פריינדשאַפט און אינטימקייט, וואָס ער שאַפט צווישן זיך און די צוהערער.

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז כאַנינס ראָל אין קאַמף קעגן דער קאָ־מוניסטישער באַוועגונג. ער האָט זיין ערשטן פּאָסטן אַלס באַאַמטער, אַלס פירער באַקומען טאַקע אין דעם קאַמף. שפּעטער איז ער אַריבער צו אַנדערע פאַרשידענע פּאָסטנס אין דער באַוועגונג. ער איז געשטיגן העכער און העכער. זיינע טעטיקייטן האָבן אים געשטעלט אויף פאַרשי־דענע געזעלשאַפטלעכע פּאָסטנס. אָבער וואו ער איז ניט געקומען, וואו ער האָט ניט געאַרבעט, האָט ער קיינמאָל ניט פאַרגעסן, קיינמאָל ניט פאַרנאַכלעסיקט זיין ערשטע אויפגאַבע — דעם קאַמף קעגן די שעד־לעכקייטן פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג. אים איז אויסגעקומען אין לויף פון זיינע טעטיקייטן צו מאָדיפיצירן זיין שטעלונג אין מאַנכע פראַגן, צו מאַכן קאָמפּראָמיסן אין די אינטערעסן פון העכערע אויפ־גאַבן אונטער דעם דרוק פון די נויטן פון פאָלק אָדער פון דער באַוועגונג. אָבער אין איין פּרט האָט ער קיינמאָל ניט געענדערט זיין

שטעלונג, קיינמאָל ניט געמאַכט די מינדסטע פשרה — און דאָס איז אין דער פראַגע פון קאָמוניזם. ער איז נאָך היינט דער זעלבער קעגנער פון קאָמוניזם ווי ער איז דאָס געווען אין דעם הייסן ברענענדיקן מאָמענט, ווען דער קאַמף האָט זיך צום ערשטן מאָל צעפלאַקערט מיט קרוב דריי צענדליק יאָר צוריק.

פאַר אַ פירנדער פערזענלעכקייט אין דעם יידישן לעבן, ווי כאַנין איז, איז דער קאַמף קעגן דער קאָמוניסטישער באַוועגונג פאַרבונדן מיט גרויסע סכנות. באַזונדערס אין די לעצטע יאָרן האָט זיך געפאָדערט גרויסער מוט, פיזישער און גייסטיקער, זיך צו האַלטן פעסט. עס זיינען געווען מאָמענטן, ווען עס האָט אויסגעזען, אַז די קאָמוניסטן פאַרכאַפּן די גאַנצע יידישע גאַס. זיי איז געלונגען אַריינצודרינגען אין אַלע ווינקלען פון דעם יידישן עפנטלעכן לעבן, זיי איז געלונגען אָפּצונאַרן און פאַרפירן אַפילו אַזוינע באַוועגונגען, ווי די ציוניסטישע און אָרטאָדאָקסישע, וועמען זיי האָבן באַקעמפט און פאַרשפּאָט צענטליקער יאָרן. אין דער מאַסן־משוגעת פון שלום מיט די קאָמוניסטן כלומרשט אין נאָמען פון יידישער אייניקייט האָט זיך געפאָדערט ניט בלויז שטאַרקקייט און פעסטקייט, נאָר אויך קלאָרער פאַרשטאַנד, איבערצייגונג, פּרינציפּן־טרייהייט, כדי ניט מיטגעריסן צו ווערן. כאַנין איז געווען איינער פון די געציילטע, וואָס האָבן געהאַט די אַלע זאַכן און וואָס האָבן ניט דערלאָזט, אַז די כוואַליע זאָל פאַרפליצן די גאַנצע יידישע גאַס. איצט זעען שוין פיל פון די געשטרויכלטע, אַז ער איז גערעכט געווען.

כאַנין איז אַ פעאיקער שרייבער. ער באַזיצט אַ זשורנאַליסטיש אויג און אַ בעלעטריסטישע פעדער. זיינע ביכער וועגן זיינע רייזעס אין רוסלאַנד און זיד־אַמעריקע האָבן אַ פערמאַנענטן ווערט. זיינע ביישטייערונגען אין דער יידישער פרעסע געהערן צו דער ערנסטער יידישער און אַרבעטער־זשורנאַליסטיק. אין זיינע בריוועלעך אין דעם „וועקער" ווייזט ער אַרויס אַ פיינע פעליעטאָניסטישע פעאיקייט. ביי כאַנינען איז דאָס שרייבן אַ ביי־זאַך, אַ צופעליקע אַרבעט, אָבער אַזוי ווי אין אַלץ וואָס ער טוט, באַציט ער זיך אויך צו זיין שרייבן מיט גרויסער פאַראַנטוואָרטלעכקייט און מיט אַ געפיל פון דרך־ארץ צו דעם לעזער.

## ש. מענדעלסאָן

# די גרונט־שטריכן

ב. כאַנינס פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע און לעבנס־שול איז געווען דער „בונד".

דאָרט האָט ער געלערנט פאַרשטיין די וועלט, די קונסט פון קעמפן פאַר באַפרייאונג, ליבע און צוטרוי צו דער פאָלקס־מאַסע און טיפע איבערצייגונג אין סאָציאַליזם. דאָס איז געווען אין ערשטן צענטליק פון אונזער יאָרהונדערט.

דער „בונד" איז געווען דער סימבאָל פון דינאַמישן רעוואָלוציאָניזם. ער האָט אָן אויפהער געוועקט און מאָביליזירט די רעוואָלט־געפילן פון דעם יידישן האָרעפּאַשניק. אין דער דאָזיקער וואונדערלעכער עפּאָכע איז נויטיק געווען פּאָליטיש און פסיכיש אַ טרייסל צו טאָן דעם יידישן אַרבעטער־מענטש, וואָס איז געווען נאָך טיף באַדעקט מיטן שטויב פון פּאַסיווקייט, דערשלאָגנקייט און רעזיגנאַציע.

און די שטים פון „בונד" האָט זיך אַריינגעריסן אין אַלע ווינקלען פון יידישן לעבן, זי האָט געלאָקט די אַרבעטער, בעל־מלאכות, אינטעליגענטן, ישיבה־בחורים און סתם אָרעמע יידן. אין דעם קליינעם שטעטל האָט זי דערגרייכט אַ ייִנגן, אומרואיקן, מיט דעם אייגענעם דלות אומצופרידענעם, באַוועגלעכן, דענקענדיקן יידישן אַרבעטער — ב. כאַנין. ער האָט אַ פאַרכישופטער נאָכגעפאָלגט די שטים פון „בונד" און צוזאַמען מיט צענטליקער טויזנטער אַוועק אין מאַרש צו דער מחנה רעוואָלוציאָנערן.

צוליב זיינע פעאיקייטן, דרייסטקייט און געטריישאַפט האָבן שנעל די פירער פון דער באַוועגונג באַמערקט דעם בחור, אים אָנגעהויבן אינטענסיוו אויסצונוצן, איבערצוגעבן וויכטיקע אַרבעטן. אין יענער שטורמישער צייט האָט מען ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט דעם, וועלכער

האָט זיך אויסגעצייכנט, אָנהויבן צו גרייטן פאַר די וויכטיקע אַרבעטן, וואָס שטייען אים פאָר און אַרויסבאַקומען פון אים אַלע פאַרבאָרגענע אייגנשאַפטן און מעגלעכקייטן. ניין, אַזעלכן האָט מען תיכף געוואָרפן אין דעם כוואַליענדיקן לעבן און געהייסן שווימען. דאָס איז געווען בויטיק און אין אַ געוויסן זין אויך גוט — האַסטיק האָט מען אַנט־וויקלט דאָס געפיל פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט און זעלבסטשטענדיקייט, אָבער אין דעם אופן איז אויך געווען אַ געוויסע עוולה, ווייל די יאָרן, ווען מען דאַרף אַרבעטן איבער זיך, זיך גייסטיק פאַרפאָלקאָמענען, זיינען זייער שנעל פאַרביי און דאָס פאַרלוירענע איז שוין ניט געווען צום קאָמפּענסירן.

נ. כאַנין איז אַוועק אין טורמע, פון דאָרט אין סיביר. צוזאַמען האָט ער דאָרט פאַרבראַכט 7 יאָר — די צייט, ווען אַ מענטש ווערט רייף, ווען זיין כאַראַקטער בילדעט זיך אויס. ער האָט די דאָזיקע שול דורכגעמאַכט מיט גרויסן נוצן. ער איז צוריקגעקומען פון סיביר רייי־כער און רייפער, ווי ער איז אַוועק. מיר דוכט, אַז די יאָרן אין טורמע און סיביר האָבן געהאַט די גרעסטע השפּעה אויף כאַנינס באַציאונג צום לעבן און אויף זיין כאַראַקטער.

דאָרט איז ביי אים ביז צו דער העכסטער שטופע געוואַקסן די ליבע, די פאַרליבטקייט אין פרייהייט, אין מענטשלעכער פרייהייט, ניט נאָר פון כלל, נאָר אויך פון יחיד. קייטן אויף די הענט און פיס — מול־טיפּיצירן דעם דראַנג צו יחידישער פרייהייט, זי ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ טרוים, פאַרפאָלגט דאָס גאַנצע לעבן. אַוודאי, קענען אַזעלכע יאָרן אויך אויסשמידן אַכזריות, האַרטקייט, פאַרביסנקייט. דאָס איז שוין אָפּהענגיק פון דעם כאַראַקטעראָלאָגישן באַגאַזש, וואָס מען ברענגט מיט זיך. כאַנין איז אַריין אין זיין ווייטערדיקן לעבן מיט אַ פרייהייט־ליידנשאַפט. ער איז ניט גרייט די פרייהייט פאַר עפּעס מקריב צו זיין. דאָס איז צומאָל ניט רעאַליסטיש. אין דער ביטערער וועלט, וואו עס ראַנגלען זיך מעכטיקע כוחות — איז יעדער צד אָפּט מקריב די פרייהייט, כדי דאָס זייניקע צו דערגרייכן. אויף דעם מלחמה־פראָנט פאַר די יסודות פון דער וועלט־אָרדענונג ווערט גאַנץ אָפּט דורך אַלע קעמפנדיקע צדדים צעטרעטן די מענטשלעכע פרייהייט. אמתע פריי־

הייט איז אַ צווילינג־שוועסטער פון גלייכהייט. ביי כאַנינען ליגט אָבער דער אַקצענט אויף דעם ערשטן.

דער צווייטער שטריך וואָס ער האָט דערוואָרבן אין „בונד" און שפּעטער אין טורמע און סיביר, איז זיין אינערלעכע באַציאונג צו דעם פּאָלקס־מענטש, צו דעם פּשוטן מענטשן. עס האַנדלט זיך ניט אין אַ פּרינציפּיעלער באַציאונג. ווער וועט עס פּרינציפּיעל אָפּלייקענען דעם ווערט און באַטייט פון דעם פּאָלקס־מענטש? בפרט וועט איר ניט געפינען קיין „פּאָליטישן טוער", וועלכער זאָל ניט ביי יעדער געלעגנ־הייט איבערחזרן זיין ליבע און פאַרשטענדעניש פאַר דעם פּאָלקס־מענטש. דאָס האָט אָבער גאָרניט צו טאָן מיט דער אמתער, וואָכעדיקער, טאָג־טעגלעכער באַציאונג צו דעם פּשוטן מענטשן. מען קען ליב האָבן די מאַסע און זיך פילן פרעמד, אומהיימלעך געלאַנגווייליקט מיט דעם מענטש פון דער מאַסע. עס פעלט אויס די געמיינזאַמע שפּראַך, די געמיינזאַמע אינטערעסן, עס שטייען ווי אַ וואַנט די פאַרשידענע לעבנס־שטייגערס. כאַנין פילט זיך גוט, היימיש, דערוואָרעמט אין דער סביבה פון דעם מאַסן־מענטש. ער האָט פאַרשטענדעניש פאַר זיינע קליינע דאגות, פאַר די קליינע פרייד. ער קען מיט אים פאַרברענגען, ער קען זיך צוזאַמען מיט אים פרייען און טרויערן, יום־טובדיק און וואָכעדיק זיין. ער קען זיך מיט אים מישב זיין, ווייל ער גלויבט אין דעם שכל־הישר, אין אינסטינקט פון איינפאַכן מענטשן. אין אַלע באַוועגונגען טרעפט איר אָפט אָן די שער — פּרינציפּיעלער גלויבן אין מאַסע, ליב־שאַפט צו איר, נאָר ביטול, איראָניע און פרעמדקייט צו יעדן יחיד פון דער מאַסע באַזונדער. כאַנינס וואַרעמקייט לגבי יעדן מענטשן פון מאַסע איז אַ זעלטענע דערשיינונג און פון גרעסטן ווערט. הומאַניזם, וואָס שוועבט ניט אין די הימלען נאָר שטעלט זיינע טריט אויף דער ערד, אין אונזער ווירקלעכקייט.

דער דריטער שטריך — גרייטקייט זיך איינצושטעלן פאַר איי־גענע איבערצייגונגען. דאָס איז אַ שווערער לעבנס־וועג. אָפּאָרטוניזם איז רענטאַבלער און לייכטער. בלייבן געטריי זיך זעלבסט פירט אָפט צו איינזאַמקייט. דאָס איז אַ גרויס פּראָבלעם פאַר באַוועגונגען אַלס גאַנ־צע און פאַר יחידים. ווי אָפט זעען מיר באַוועגונגען, וואָס זינדיקן קעגן

זיך, קענען אייגענעם גלויבן, ווייל מען האָט מורא צו פעלן דאָרט, וואו עס טומלט זיך, רוישט און קאָכט צייטווייליק. עס פעלט אויס מוט צו קעמפן פאַר אַן אמת, וועלכער קען דעראָבערן הערצער ערשט אין אַ צייט אַרום. פאַר יחידים איז עס נאָך שווערער.

דער שרייבער פון די שורות האָט ניט זעלטן ערנסטע חלוקי־דעות מיט כאַנינען דערפאַר, ווייל ער וויל זיך ניט אַנטקעגנשטעלן שטימונגען, וואָס באַרוישן צייטווייליק די גאַס, ווייל ער זוכט די צע־שטורעמטע צייט איבערצושווימען מיט דער הילף פון קלענערע אָדער גרעסערע פשרות. אָבער עס זיינען פאַראַן געוויסע גרונט־פּרינציפּן, פאַר וועלכע כאַנין שטעלט זיך איין אונטער אַלע אומשטענדן, אַפילו דאַן, ווען עס שוועבט די געפאַר פון בלייבן פאַרלאָזן און אַליין. און עס איז שוין דאַן ניט וויכטיק, צי איר זענט מיט די דאָזיקע פּרינציפּן אין הונדערט פּראָצענט מסכים אָדער ניט — איין איז נאָנט און טייער, אייך אימפּאָנירט די איינגעשפּאַרטקייט, די טריישאַפט צו זיך, צו דעם אייגענעם גלויבן. אין די איצטיקע צייטן, ווען אַזוי פיל אָנגעזאַמלטע מאָראַלישע און גייסטיקע אוצרות פון דער מענטשלעכער קולטור זיינען בלוטיק פאַרניכטעט און באַשמוצט, איז געטריישאַפט צו די אייגענע איבערצייגונגען איינע פון די וויכטיקסטע ווערטן אין אונזער געזעל־שאַפטלעכן לעבן.

דער פּערטער שטריך פון כאַנינס וועזן — זיין לעבנס־חכמה. יידיש האָט אַ סך באַצייכענונגען פאַר קלוגשאַפט, זייער אַ סך פאָלקס־ווערטלעך, וואָס באַצייכענען די פאַרשידענע אַרטן פון קלוגשאַפט. און דאָס איז ריכטיק. ווייל עס זיינען פאַראַן אַן אַ שיעור מינים פון מענטש־לעכער חכמה. מיר וועלן דאָ אָנווייזן נאָר אויף צווייערליי. פאַראַן אַ שכל, וואָס איז רייך, פלינק, אָריענטירנדיק — נאָר איז קאַלט ווי אייז. ער שניידט ווי אַ בלאַנקער חלף. ער איז אָן רחמנות. אַזאַ שכל אימפּאָ־נירט — אָבער ציט צו זיך ניט צו. פאַרקערט, ער שרעקט צומאָל אָפּ. ער איז נוצלעך, אָבער ניט סטימולירנדיק. אין פּאָליטישן לעבן פירט ער אָפּט צו אַ בלוטיקער האַרטקייט. עס פעלט אים די עלאַסטישקייט, וואָס זאָל אים שטעלן אין איינקלאַנג מיטן לעבן.

פאַראַן אַ קלוגשאַפט, וואָס האָט טעמפּעראַטור, זי איז אָנגעוואָ־רעמט. זי שטאַמט טאַקע פון מוח, אָבער איז אויסגעבאָדן אין דער

וואָרעמער פּליסיקייט, וואָס רופט זיך בלוט פון אונזער האַרצן. איר פעלט אפשר די בלישטשענדיקע שאַרפקייט, אָבער דערפאַר האָט זי אַזויפיל וואַרעמקייט!

כאַנינס חכמה געהערט צו דעם צווייטן מין. זי האָט אַלע אויסער־לעכע סימנים פון פּראַקטישקייט און אין דער אמתן איז זי אַ סך, אַ סך מער ווי גוטע פּראַקטישקייט, זי איז מענטשלעך וואַרעם, דערפאַר האָט זי אַזויפיל חן און איז — אַזוי האַרציק. אפשר איז דאָס פּאַראַ־דאָקסאַל, דאָך איז עס אמת — האַרציקע חכמה!

***

אַזעלכער איז כאַנין געקומען קיין אַמעריקע. די דאָזיקע אייגנשאַפטן זיינען ניט פאַרשוואונדן, ער האָט זיי איינגע־האַלטן, אָפּגעהיט, פאַרטיפט, אָבער זיי האָבן זיך צוגעפּאַסט צו די באַדינגונגען — אַ ביסל געענדערט. ער האָט זיי געבראַכט פון דער אַלטער היים מסתמא אין אַנגרייפערישער פאָרם, פרישער, אוממיטל־באַרער, יוגנטלעכער, העזהדיקער. כאַנין האָט זיך געווידמעט דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. ער איז געבליבן אויף דער יידישער גאַס. ער האָט קיינמאָל ניט געפּרוּווט פון איר זיך צו באַפרייען, צו ווערן אַ „חובב יידישע מאַסע", ער איז געבליבן איינער פון דער יידי־שער מאַסע גופא.

דאָס יידישע לעבן אין אַמעריקע פאַר די העכער 30 יאָר, וואָס כאַנין איז דאָ, האָט דורכגעמאַכט ערנסטע, שווערע קאַמפן. זיי האָבן אָבער קיינמאָל ניט געטראָגן אין זיך די התלהבות, דעם אינערלעכן ברען, דעם טראַגישן ערנסט, ווי די קאַמפן אין יידישן לעבן אויף יע־נער זייט ים. גענוג בלויז אָנצואווייזן אויף איין היסטאָרישן אָפּשניט — ציוניזם און בונדיזם. אויך דאָ האָט דער קאַמף געפלאַקערט, אָבער ער האָט פאַרט אַלס אָביעקט געהאַט ניט די יידישע מאַסן אין אַמעריקע, נאָר די יידישע באַפעלקערונג... אין אייראָפּע. דאָס האָט געמוזט לייגן אַ שטעמפּל אויף דעם כאַראַקטער און אַנגעלאָדנקייט פון די צוזאַ־מענשטויסן.

דאָס זעלבע אויף דעם סאָציאַליסטישן געביט. געווען גרויסע

שטרייטן אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. כאַנין האָט זיי אייפע־ריק מיטגעמאַכט, אָבער די סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז, לײדער, דאָ קיינמאָל ניט געווען קיין דעצידירנדיקער מאַכט־פאַקטאָר אין די יוניאָנס און קיין מאַכט־פּרעטענדענט אין לאַנד. דאָס האָט באַשטימט אין אַ געווויסן זין דעם גייסט און כאַראַקטער פון דער היגער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג.

און דאָס האָט אויך געווירקט אויף דעם אופן ווי אַזוי כאַנין האָט זיינע גרויסע פעאיקייטן און אויסגעצייכנטע אייגנשאַפטן אַנטוויקלט אויפן אַמעריקאַנער באָדן.

איך פאַנטאַזיר טיילמאָל — כאַנין איז געבליבן אין אייראָפּע און האָט דורכגעמאַכט די 20 יאָר „בונד” אין פּוילן — ווי באַפליגלט ער וואָלט געוואָרן.

כאַנין האָט קלאָר געזען דעם שווערן באָדן אין אַמעריקע פאַר דער ייִדישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. ער האָט געזען און געפילט דעם קריזיס, וואָס רוקט זיך אָן. עס זיינען געווען יאָרן, ווען ער האָט דרייסט געקעמפט קעגן אַלע שטערנדיקע כוחות, מעגן זיי זיך געפינען אַפילו אין די אייגענע רייען. עס זיינען געקומען צייטן פון מידקייט, פון צווייפל, סקעפּטיציזם. איז דער קאַמף געוואָרן שוואַכער, די קעמ־פערישקייט קלענער. ער האָט אָבער קיינמאָל ניט רעזיגנירט אָדער ניהיליסטיש אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און פילאָזאָפיש אָנגעהויבן שמייכלען. ער האָט ניט און וועט ניט קיינמאָל דעם וואָגן פאַרלאָזן, ווייל די וועגן זיינען פול מיט גרויסע, שפּיציקע שטיינער.

כאַנין איז יאָרן־לאַנג געווען טעטיק אין דער יוניאָן־באַוועגונג און אין סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד. שוין 10 יאָר, ווי ער האָט זיך איינגעשפּאַנט נאָך אין אַ שווערערן וואָגן — אין דער ייִדישער שול־באַוועגונג. ווייל ער ווייסט און פילט, אַז דאָס זיינען ניט באַזונדערע אָפּגעריסענע טיילן, וואָס יעדער קען לעבן פאַר זיך און מיט זיך. ווי אָפט ריידן זיך איין יוניאָן־פירער, אַז זיי קענען זיך באַגיין אָן אַ ייִדי־שער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און זיי פילן ניט, אַז די דאָזיקע באַגרענעצטקייט זעגט אונטער די צווייג, אויף וועלכער זיי זיצן. ווי אָפט טראַכטן ייִדישע אַרבעטער־טוער — וואָס פאַר אַ שייכות האָבן

זיי צו דער יידישער קולטור־ און שול־באַוועגונג, און זיי ווייסן ניט, אַז דער אונטערגאַנג פון דער יידישער שפּראַך און קולטור באַטייט גלייכצייטיק דער סוף פון אַ יידישער יוניאָן־באַוועגונג. בלויז די יידישע אָפּשטאַמונג פון דער פירערשאַפט שאַפט נאָך ניט קיין יידישע יוניאָן־באַוועגונג.

כאַנין האָט קיין מאָל פון דער דאָזיקער איינזייטיקייט ניט געליטן. פאַרקערט, ער ווייסט, אַז איינס איז געבונדן מיטן אַנדערן, אַז דער גורל האָט אַלע טיילן צווישן זיך ענג פאַרקניפּט. וואונדערט מען זיך, וואָס כאַנין איז אַזוי שטאַרק אַקטיוו אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, אין דער שול־ און קולטור־באַוועגונג, אין יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט, אין „פאָרווערטס" און — ווען מען דאַרף — אויך אין דער יוניאָן־באַוועגונג.

ווייל ער פילט און פאַרשטייט די אינערלעכע פאַרבינדונג, וואָס איז פאַראַן צווישן די כלומרשטע אָפּגעזונדערטע צווייגן.

דער יידישער קולטור־סעקטאָר איז דער שוועסטער, דער פאַראַנטוואָרטלעכסטער. ער מאָנט כסדר טאַט. ער פאַרטראָגט ניט רוטין, ער מוז כסדר געשטויסן ווערן פאָראויס. אָדער די קולטור־טעטיקייט איז באַפליגלט — אָדער זי איז פאַראורטיילט צו פויזשען צו איר אייגענעם אונטערגאַנג.

אויף דעם געביט מוז כאַנין באמת מאָביליזירן דאָס בעסטע, וואָס ער פאַרמאָגט, כדי צו דערגרייכן, כדי צו פירן. עס איז שווער. אַזאַ ניכטערער מענטש ווי כאַנין זעט מסתמא אָפט פאַר זיך דאָס גיריקע מויל פון אָפּגרונט, אָבער — מיר זיינען זיכער — אַז ביי דער אַרבעט וועט אין אים דערוואַכן די פלאַמיקע יוגנט, זיין גאַנצע פיינע טראַציקייט, זיין אימפּעט און דרייסטקייט.

***

שוין העכער 20 יאָר, ווי כאַנין איז טעטיק אַלס פּובליציסט. דאָס איז געשען — אַזוי צו זאָגן — פלוצלונג. ער איז אַרויסגערוקט געוואָרן אין 1921—בעת דער שפּאַלטונג—אויף אַ פּאָזיציע (סעקרעטאַר פון יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד), וואָס האָט אים געשטופּט

די פעדער אין האַנט אַריין. זיין שרייבן איז ווי זיין ריידן, ווי זיין כאַראַקטער — אַ סך שכל־הישר, קלאָרקייט און וואַרעם. ניט פינעזיע, ראַפינירטקייט איז זיין סטיל. ער שרייבט דירעקט, אָן ספּעציעלער גלאַנציקייט.

3 ביכער — רייזע־ביכער האָט ער אַרויסגעגעבן. איינס וועגן דער רייזע אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד (1928). ער האָט דערציילט דאָרט אַ סך זאַכן, וואָס זיינען צו יענער צייט געווען געוואַגטע אַפּיקורסות און שפּעטער מיט יאָרן געוואָרן באַקאַנטע אמתן. דאָס צווייטע בוך — אַ רייזע אין דרום־אַמעריקע. ווידעראַמאָל — אַ סך לעבנס־שטייגער, שטיקער פֿאָלקס־לעבן. און אַ דריט בוך — אַ רייזע אין דער פֿאַרגאַנגענהייט — „בערעלע״. דאָס אייגענע לעבן. פון בוך שלאָגט אַ ליבע און דאַנקבאַרקייט צום „בונד״ און אַ פֿאַרליבטקייט אין אַמעריקע.

כאַנין האָט זיך געשאַפֿן אַן אייגענע פֿאָרם „בריוועלעך צו אַ פריינד״. דאָרט שמועסט ער זיך דורך מיטן לעזער וועגן אַלע פראַגן, וואָס אינטערעסירן אים אין איצטיקן מאָמענט. אויך אין די „בריוועלעך״ איז איינגעהאַלטן די פשוטע אוממיטלבאַרקייט און דירעקטקייט.

מיר דוכט, אַז כאַנין פילט זיך אַמבעסטן בעת אַ רייזע. ער זעטיקט דערמיט זיין אומרואיקייט און אומצופרידנקייט. ער זעטיקט דערמיט — אויף אַ דירעקטן אופן די וויסן־גיריקייט.

***

צו איז כאַנין געבליבן אַ בונדיסט? מען שטעלט אים אָפט די פראַגע און ער שטעלט זיך אָפט די זעלבע שאלה. ער האָט אַמאָל געשריבן „איינמאָל אַ בונדיסט אַלעמאָל אַ בונדיסט״. דאָך ווי זעט דאָס אויס אין לעבן?

מיר דוכט, אַז כאַנינס אינערלעכע באַציאונג צום „בונד״ איז זייער אַן אייגנאַרטיקע. אַ מאַמע, אַ טיף־גלויביקע, וועלכע איז גרייט אַלץ אַוועקצוגעבן פֿאַר איר גלויבן, וועלכע ספּקט ניט אין דער ריכטיקייט פון איר אמונה. דער זון גייט צומאָל אַוועק פון איר גלויבן, ער צווייפלט, אַמאָל וואַקלט ער זיך. אָבער — אַלעמאָל זיינען זיינע אויגן געווענדט פול מיט האָפענונג און אינערלעכער ליבע צו דער גלויביקער מאַמע.

אין זיינע בלאָנדזשענישן פילט ער זיך גוט, וואָס די מאַמע איז אַזוי פעלזן־פעסט אין איר גלויבן.

כאָנין האָט ליב די בונדישע מאַמע!

***

ווער רעדט דאָס ניט וועגן פריינדשאַפט? ווען מען דוכט זיך דען ניט, אַז ער האָט אָדער איז עמיצנס אַ פריינד. אָבער אָפט איז דאָס אַן אילוזיע.

פריינדשאַפט איז אַ קונסט, מיט פעאיקייט צו פריינדשאַפט מוז מען געבוירן ווערן. אַ פּאָר זיסע ווערטער, אָפטע באַגעגענישן, אַמאָל טאָן אַ טובה — דאָס איז נאָך ווייט ניט פריינדשאַפט.

עס איז דעריבער ניט קיין וואונדער, וואָס אמתע פריינדשאַפט צווישן מענטשן איז באַשריבן געוואָרן, ווי אַ מיסטעריע.

כאָנין ווייסט דעם סוד פון פריינדשאַפט. טראָגן אין זיך אינערלעך באַציאונג צו אַ נאָענטן, אינערלעך אים ניט פאַראָטן — דאָס קען ער.

דערפאַר — אַזאַ אינערלעכע וואַרעמקייט, וואָס ציט זיך צו אים מצד זיינע פריינד.

ש. ניגער

## נ. כאַנין — אין דער אַלטער היים און אין דער נייער

די לעבנסגעשיכטע פון יעדן יידן, וואָס איז געקומען שוין אַ דער־וואַקסענער קיין אַמעריקע פון יענער זייט ים, ווערט אויפן נאַטיר־לעכסטן אופן איינגעטיילט אין צוויי טיילן — דעם אַלט־היימישן טייל און דעם אַמעריקאַנער. אָבער וואו ליגט דער שליסל צו אָט דעם לעבן — אין דעם ערשטן טייל אָדער אין דעם צווייטן? ווען מען טראַכט וועגן אָט־דער פראַגע, דערמאָנט מען זיך ניט ווילנדיק דעם פאַקט, וואָס דווקא די, וואָס זיינען שטאַרק אַמעריקאַניזירט געוואָרן, האָבן אָפּט ליב צו דערציילן מעשיות, נסים ונפלאות פון זייערע אי־דעאַליסטישע אויפטואונגען אויף יענער זייט ים. זיינען זיי, טראַכטן מיר, באמת טאַקע געווען דאָרט אַזעלכע גרויסע אויפטוערס? עס קאָן זיין, אַז יאָ; עס קאָן אָבער אויך טרעפן, אַז איינער זאָל האַלטן אין איין בלעטערן פאַר אונז דעם ערשטן, אייראָפּעאישן, קאַפּיטל פון זיין ביאָגראַפיע, נאָר דערפאַר, וואָס מיט דעם צווייטן, דעם אַמעריקאַנער, קאַפּיטל האָט ער זיך ניט שטאַרק וואָס איבערצונעמען. מער נאָך, עס קאָן געמאָלט זיין, אַז דאָרט, אַזוי ווי דאָ, האָט ער געהערט צו דעם פאַרשפרייטן מין מענטשן, וואָס נעמען אָן אומעטום און אַלעמאָל די פאַרב פון דער סביבה, צו וועלכער זיי זוכן זיך צוצופּאַסן. און אויב עס זאָל אַפילו זיין אמת, אַז אין רוסלאַנד אָדער אין פוילן איז פלוני בן פלוני, ווי ער אַליין דערציילט, געווען, זאָגן מיר, אַ מוראדיק־גרוי־סער קעמפער, איז עס, קאָן זיין, געווען נאָר דערפאַר, וואָס אין דער געזעלשאַפט, וועלכע האָט אים דאָרט אַרומגערינגלט, איז רויט געווען אַ שוץ־קאָליר. די נייע היים איז אַנדערש געפאַרבט, זי איז גרוי אָדער געל, זעט אויך ער אויס צו זיין גאָר אַן אַנדערער, אָבער טיף אינע־ווייניק איז ער דאָרט געווען פונקט אַזוי גרוי אָדער געל, ווי ער איז דאָ.

פונקט אַזוי ווינציק האָט זיך געענדערט דער טיפּ איינגעוואַנ־

דערטער ייד, וואָס צו אים געהערן אַזוינע, ווי אונזער ליבער יובילאַר, ב. כאַנין. עס איז געבליבן אין אים די יוגנטלעכע אומרואיקייט, עס ציט אים צו גרויסע געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, צו כלל־זאַכן; בשום אופן קאָן ער זיך ניט איינשליסן אין די ענגע און אומעטיקע פאַר איילן פונם פריוואַטן לעבן... ער חלומט זיינע אַמאָליקע חלומות, ער קאָן זיך פון זיי ניט אויסניכטערן. ער קאָן ניט ווערן „פראַקטיש", ווי אַ סך פון זיינע געוועזענע אָדער איצטיקע פריינד זיינען עס געוואָרן. אויב ער רעכנט זיך יאָ מיט דער אַמעריקאַנער סביבה, איז עס נאָר אינם פרט פון די מיטלען, וואָס ער ווענדט־אָן; זיינע צילן זיינען דאָ די זעלביקע, וואָס דאָרט: זיינע צילן זיינען, ווי געווען, פּראָגרעסיווע כלל־צילן.

ער האָט שוין אַ ביסל מער געדולד, ווי ער האָט געהאַט אין צאַרישן רוסלאַנד, אינם יידישן תחום, ער ברענט ניט מער אַ וועלט, אָבער — ער וויל זי נאָך אַלץ איבערמאַכן, זי שטעלט אים נאָך אַלץ ניט צופרידן, זי לאָזט אים נאָך אַלץ ניט רוען...

אין ב. כאַנינס אויטאָביאָגראַפישער דערציילונג „בערעלע" (ניו־יאָרק, 1938) האָבן מיר געלייענט, אַז ווען ער איז געקומען קיין אַמעריקע האָט ער אַפּט געהערט עצות פון גוטע פריינד: „גענוג צו אַרבעטן פאַר אַנדערע, גענוג צו בענקען און שטרעבן נאָך זאַכן, וואָס מען קאָן ניט דערגרייכן. גיי אַרבעטן, שפּאָר אָפּ אַ פּאָר הונדערט דאָלאַר — און גיי אַליין אין געשעפט. ביסט אַ מענטש אַן ענערגישער. ווען דו וועסט פאַר דיין געשעפט אַזוי אַוועקגעבן דיין האַרץ און נשמה, ווי דו האָסט אין רוסלאַנד אַוועקגעגעבן פאַרן „בונד", וועסטו ווערן רייך און זיין גליקלעך". (ז' 113). טויזנטער זיינען „רייך געוואָרן" און כאָטש זיי זיינען אפשר נישט גליקלעך, זיינען זיי פאַר אַ סך פון זייערע אַלט־היימישע פריינד און חברים אַ גרויסער יצר־הרע. בערעלען איז אָט דעם אַמעריקאַנער יצר־הרע ניט שווער געווען בייצוקומען. אויף אים האָט מער שליטה געהאַט דער אַלטער „יצר־הרע", דער אַלט־היימישער, — דער „יצר־הרע" פון „בענקען און שטרעבן"... די זאַכן, וואָס זיינע פריינד זיינען מיט אַמאָל געוואָרן זיכער, אַז „מען קאָן זיי ניט דערגרייכן", האָבן אים נאָך אַלץ צו זיך געצויגן. און וואָס שווערער עס איז באמת טאַקע געווען זיי צו דערגרייכן, אַלץ מער האָט אים געצויגן צו זיי.



נ. כאַנין מיט פרוי און קינדער

זיצן: נ. כאַנין, פרוי סאָניע;

שטייען, פון רעכטס צו לינקס: הערשל, סעלמאַ און מאָריס.



אין וואַרשע 1928. פון רעכטס צו לינקס זיצן: נח, נ. כאַנין, אברהם קאסטעלאַנסקי.
שטייען, פון רעכטס צו לינקס: הענריק ערליך, סאָפיע ערליך, בערטאַ קאסטעלאַנסקי, וויקטאָר אַלטער.



נ. כאַנין און לעאָן בלום באַגריסן זיך ביי אַ צוזאַמענקונפט פון יידישן אַרבעטער-קאָמיטעט אין ניו-יאָרק



נ. כאַנין מיט שילער פון דער א. ר.-שול אין לין, מאַס. בעת זייער באַזוך אין ניו-יאָרקער אָפיס פון א. ר.



אַ גרופּע תּלמידים פון פילאַדעלפיער און ניו-יאָרקער מיטל-שולן
(אין צענטער — נ. כאַנין)



נ. כאַנין און זיין רבי אבֿרהם לעווין



אבֿרהמל הימעלשטיין פון „קליינעם בונד".
דערשאָסן געוואָרן בעת דער מינסקער
דעמאָנסטראַציע אין יוני 1905.

און דאָס איז ניט די געוויינלעכע ראָמאַנטישע ירושה פון אַ מענטשן וואָס זיינע קינדער־ און יוגנט־יאָרן האָט ער פאַרבראַכט אין אַ סביבה פון געזעלשאַפטלעכן אידעאַליזם און רעוואָלוציאָנערן קאַמף. עפּעס איז פאַראַן, עפּעס מוז זיין אין זיין אייגענעם כאַראַקטער, נישט בלויז אין זיין געזעלשאַפטלעכער דערציאונג, — וואָס האָט אים נישט געלאָזן און לאָזט אים נישט גיין מיטן שטראָם. עפּעס אַ ריין פּערזענלעכע אייגנשאַפט האָט אים געטריבן צו זיין אַנדערש, והראיה, — אויך אין די ייִנגלשע יאָרן האָט אין אים געברענט אַ חשק צו ווערן עפּעס מער, ווי דאָס, וואָס ער איז געווען... אַמאָל, אין וואַלד, אויף אַן אומלעגאַלער פאַרזאַמלונג, האָט ער געהערט, ווי ער דערציילט, אַ רעדע וועגן סאָפיאַ פּעראָווסקאַיאַ און איר רעוואָלוציאָנערן ברען, האָט ער געטראַכט אַז ער וואָלט אויך וועלן זיין ווי סאָפיאַ פּעראָווסקאַיאַ"...

און אויב כאַנין איז פון אַ „פּראָסטן אַרבעטער" געוואָרן אַן אַרבעטער־פירער און פון אַ פּשוטן פאָלקס־מענטש — אַ מענטש, וואָס האָט אַ ווירקונג אויפן יידישן פאָלקס־לעבן אין אַמעריקע, — האָט דאָ געוויס געשפּילט אַ ראָל זיין איינעקשנען זיך און ניט אויפהערן צו „בענקען און צו שטרעבן" צו זאַכן, וואָס אַן אַנדערן וואָלט זיך געדוכט, אַז זיי זיינען „ניט צו דערגרייכן".

אָבער ניט נאָר זיין „ליטוואַקישע" איינגעשפּאַרטקייט, ניט נאָר זיין אידעאַליסטישע ענערגיע, זיין איינגעבוירענע אינטעליגענץ, זיין גלייכער שכל און אַנדערע רייך־פּערזענלעכע כאַראַקטער־שטריכן האָבן אים געהאָלפן. עפּעס, גלויב איך, האָט געמוזט זיין אין אונזער גאַנצן אַלט־היימישן יידישן פאָלקס־לעבן, עפּעס אַן אַנגעזאַמלטע פאָלקס־דערפאַרונג און פאָלקס־קלוגשאַפט, עפּעס אַ גייסטיקע און אַ מאָראַלישע עשירות, וואָס האָט אָנגעזעטיקט דעם באָדן, אָנגעפילט די לופט און גענערט און דערצויגן אַזוינע, ווי ב. כאַנין.

דער געדאַנק קומט מיר אויפן זינען, ווען איך לייען, וואָס ב. כאַנין שרייבט און זע, ווי ער שרייבט, — דערהויפּט זיינע רייזע־איינדרוקן. דאָס זיינען באמת, זע איך, זיינע אייגענע, פּערזענלעכע, איינדרוקן. עס איז דאָ אין זיי עפּעס אַן איבערצייגנדיקע דירעקטקייט און פּשוטקייט. צווישן אים און די זאַכן, וואָס ער האָט געזען, געהערט

און איבערגעלעבט, איז ניטאָ יענע מחיצה, וואָס פּראָפעסיאָנעלע שרייבער אָדער די, וואָס זיינען גאָר ניט קיין שרייבער, ליידן פון איר אַזוי אָפט.

צווישן זיי און דעם לעבן, וואָס זיי אָבסערווירן, כדי עס צו באַשרייבן, שטייט אַזוינס, וואָס איז ניט שייך ניט צו זיי אַליין און ניט צו דער סביבה, וואָס זיי שילדערן. דאָס רוב זיינען עס יענע אָנגענומענע פּאַרטיקע מיינונגען, יענע פּאַראורטיילן, וואָס פּילן־אָן, ווי אַ נעפּל, די לופט, און נעמען צו ביי דער ראיה פון דעם ניט־זעלבשטענדיקן מענטשן די קלאָרקייט און לאָזן אים ניט האָבן זיינע אייגענע איינדרוקן. כאַנין האָט זיין אייגענע דערפאַרונג. און נישט נאָר האָט ער זי, — ער פאַרלאָזט זיך אויף איר, ער געטרויט איר. ער איז זיכער אין זיין אויג, אין זיין אויער, אין זיין פאַרשטאַנד. אַזאַ זיכערקייט קאָן זיין ביי אַ מענטשן, וואָס איז ניט נאַאיוו, נאָר ווען ער טראָגט אין זיך באַהאַלטן אַ שטיק פאָלקס־געפיל, אַחוץ זיין אייגענעם געפיל, און אַ שטיק פאָלקס־שכל, אַחוץ זיין אייגענעם שכל. אין ב. כאַנינען פילט זיך אָט־די גליקלעכע שותפות צווישן דעם יחיד און דעם טרעגער פון אַ קאָלעקטיווער דערפאַרונג. ניט איינמאָל, לייענענדיק וואָס ער דערציילט (וואָס ער האָט דערציילט וועגן זיך אַליין, וועגן זיין רייזע איבער רוסלאַנד, וועגן זיינע דרום־אַמעריקאַנער נסיעות און ערשט דאָ ניט לאַנג וועגן זיין באַזוך אין דער חרובער אייראָפּע), — האָט זיך מיר געדוכט, אַז מיט זיין פען רעדט צו אונז די זיכערקייט און די וואַרעמע פעסטקייט פון אַ פאָלקס־שליח. דער זעלביקער געדאַנק קומט מיר אויפן זינען, ווען איך הער אים ריידן. אין זיין געלאַסנקייט, אין זיין זיכערקייט, טאַקט, אין זיין חוש (אין זיין זאָרג) פאַר די פעדים, וואָס פאַרבינדן אים מיט די אַרומיקע, פיל איך די געבענטשטע אייגנשאַפטן פונם בעסערן יידישן פאָלקס־מענטש אין ליטע און אין רייסן.

איך געדענק זייער גוט די זעלבסטשטענדיקייט, וואָס פריינד כאַנין האָט אַרויסגעוויזן בעת דעם קאַמף פאַר די אַרבעטער־רינג־שולן. ער, און די ניט גאָר גרויסע גרופּע פריינד, וואָס אויף איר האָט ער זיך געשטיצט, האָט געהאַט קעגן זיך שטאַרקע און פאַרעקשנטע קעגנער. אויב זיי האָבן זיך אונטערגעגעבן, און יידישע דערציאונגס־אַרבעט האָט אָנגעהויבן צו פאַרנעמען אַלץ אַ מער און מער חשובן

אָרט אין פּראָגראַם פון דעם יידישן אַרבעטער־אָרדן, האָבן מיר עס צום טייל צו פאַרדאַנקען דעם פאַקט, וואָס אין דער זעלבסטווירדע, מיט וועלכער כאַנין האָט זיך איינגעשטעלט פאַר די שולן, איז געווען אַ טיילכל פון דער אינעווייניקסטער תקיפות, וואָס עס האָט איינער, וועלכער פילט, אַז זיין שטים האָט אין זיך איינגעזאַפּט עפּעס פון דער פאָלקס־מאַנענדיקער שטומקייט.

דער מזרח־אייראָפּעאישער יידישער ישוב אין אַמעריקע איז, אמת טאַקע, נאָך בערך צו יינג און דאָס אַלגעמיינע אַמעריקאַנער לעבן איז נאָך ניט גענוג גייסטיק קאָנסאָלידירט, אַז דאָ זאָל קאָנען זיין דאָס, וואָס אין דער אַלטער היים. איידער זי איז חרוב געוואָרן, זיינען מיר געוואוינט געווען צו רופן עס מיטן נאָמען „פאָלק”. פאָלק איז טאַקע נישטאָ דאָ, אָבער עס איז אונז געבליבן פון אים עפּעס בירושה. דאָס עפּעס איז פאַרקערפּערט אין דער אַמעריקאַנער יידישער פאָלקס־אינ־טעליגענץ (מיר האָבן דאָ ניט קיין פאָלק, דאָך האָבן מיר אַ פאָלקס־אינטעליגענץ). נ. כאַנין, איינער פון אירע פיינסטע פאָרשטייער, האָט פון דער היים אַהער געבראַכט אַ חלק פון אירע באַהאַלטענע מעגלעכ־קייטן, און ניט נאָר האָט ער עס אויפגעהיט, ער האָט עס אַרויסגעבראַכט פון דער פאַרבאָרגעניש, ער האָט עס אַנטפּלעקט אין אַלע זיינע אַקטי־וויטעטן. און דערפאַר קאָן מען זאָגן, אַז ניט בלויז פאַרשעמט ניט דער אַמעריקאַנער טייל פון זיין לעבן זיינע יוגנט־יאָרן אין דער אַלטער היים, — פאַרקערט, ער באַלויכט זיי, ער ווייזט, אַז אויב אויך דאָרט און דאַן האָט ער זיין צייט און זיין ענערגיע אָפּגעגעבן כלל־זאַכן, האָט ער עס געטאָן ניט ווייל „אַלע” האָבן עס געטאָן, נאָר ווייל עס איז געווען און עס איז פאַראַן אין אים אַן אומרואיקייט, וואָס לאָזט אים ניט זיין גלייכגילטיק, הייבט אים פון אָרט — און זעצט אים אַוועק אויבנאָן, וואו זיינע פריינד — און דער שרייבער פון די שורות בתוכם — באַגריסן אים האַרציק צו זיין זעכציקסטן געבורטסטאָג און ווינטשן אים — בלייבן אַזוי יינג, אַזוי אַקטיוו און ענערגיש, ווי ער איז.

י. לעווין־שאַצקעס

# יידישע סאָציאַליסטן אין אַמעריקע

דער באָדן אין אַמעריקע איז ניט געווען פּרוכטבאַר פאַרן סאָ־ציאַליזם, ווייל יינג און האָפנונגספול איז געווען דאָס לאַנד — און טאַקע רייך מיט אַלערליי מעגלעכקייטן. דער ריזיקער שטח פון לאַנד — פון אַטלאַנטיק ביזן פּאַסיפיק, פון די ברעגעס פון קאַנאַדע ביז צום מעקסיקאַנישן אויסגוס — האָט באַשאַפן דעם „נאַטירלעכן אימפּעריאַ־ליזם". מען האָט ניט געדאַרפט לויפן זוכן גאָלד ערגעץ־וואו אין ווייטע, פרעמדע לענדער — אַמעריקע אַליין איז עס געווען. מען האָט ניט געדאַרפט אָרגאַניזירן קיין עקספּעדיציעס אויסצוגעפינען גרובנס, צו עקספּלואַטירן נאַטירלעכע אוצרות ערגעץ הינטער די הרי־חושך און באַשאַפן מיליטערישע שוץ פאַר די זוכער. מען האָט אַלץ געקענט טאָן אויפן אָרט, דאָ גופא... און מען האָט עס געטאָן!

טויזנטער האָבן „געמאַכט גאָלד" — און הונדערטער טויזנטער, מיליאָנען האָבן געוואַרט אויף זייער שאַנס צו מאַכן גאָלד, וואָס איז אָט־אָט „עראַונד דהי קאָרנער"... והא ראיה: איז דאָך דער און דער — נעכטן נאַקעט און אָרים — היינט אַריין אין גאָלד... און איז מען פאַר־טיק געוואָרן מיט איין געגנט איז מען אַריבער אין אַן אַנדער געגנט. אַזאַ רחבות! און איז מער אָדער ווייניקער אָנגעפילט געוואָרן די איסט, האָט מען איינגעשפּאַנט „פערד און וואָגן" און מען איז געגאַנגען וועסט...

אַזוי איז מען „געגאַנגען" — אָן אַרמייען, אַפילו אָן מיסיאָנערן... אַ פּיסטאָלעט איז געווען די באַוואָפענונג, פאַרשטייט זיך, ס'איז אויך געווען די יוגנטלעכע ענערגיע און דער יוגנטלעכער ברען צו „מאַכן גוט". און אַ סך האָבן טאַקע געמאַכט גוט.

איז צו וואָס טראַכטן און ענדערן דעם עקאָנאָמישן סיסטעם, אַז אָט האָט יעדערער אַ מעגלעכקייט אַליין צו קענען געניסן פון די אַלע

גוטע זאַכן, וואָס מען קען האָבן אונטער דער עקזיסטירנדיקער אָרדע־נונג. אַי, דערוויל איז שלעכט, דערוויל זיינען לאַנגע אַרבעטס־טעג, קליינע געהאַלטן, דחקות, סלאַמס — איז „נעוועד־מיינד": ס'איז נאָר ציטווייליק; ס'איז דער שווערער וועג צום גרינגן לעבן. אָט באַלד קומט די געלעגנהייט.

סאָציאַליזם? זיכערקייט אָנשטאָט געלעגנהייט? קאָלעקטיווע געזעלשאַפטלעכע אחריות אויפן אָרט פון אינדיווידועלער איניציאַטיוו?

דאָס אַלץ איז „אימפּאָרטירטע" סחורה פון דער אַלטער וועלט, פון דער דלותדיקער איראָפּע. דאָ איז די נייע וועלט, דאָ איז — אַ לאַנד פול מיט רייכקייט. מען דאַרף נאָר צוקומען... דאָ האָט יעדער איינציקער אַ מעגלעכקייט אַרויפצואַרבעטן זיך. ס'איז יעדן איינעמס ענין, ניט דער ענין פון כלל, פון קאָלעקטיוו. מען דאַרף אַליין, מיט די אייגענע הענט אויסגראָבן די אוצרות, נאָר ניט זיין קיין לא יוצלח... די אינטערעסן פון יחיד זיינען אַן אינדיווידועלער ענין...

וועגן דעם האָט מען געלערנט אין שול; וועגן דעם האָט מען געלייענט אין די טעקסט־ביכער, וועגן דעם האָבן אינפאָרמירט די ציטונגען, וואָס האָבן זאָרגפול צוגעשטעלט די פּאַסיקע „סטאָריס": פלוני בן פלוני, געבאָרן און דערצויגן אין די נידעריקסטע שיכטן, האָט גענומען זיין גורל אין די אייגענע הענט, אויסגענוצט די געלעגנ־הייטן, וואָס אונזער לאַנד באַזיצט, און זעט:

— ער איז איצט אויבנאָן;
— ער איז אַ מולטי־מיליאָנער!
— ער איז אַ פּרעזידענט!

דאָס איז אַמעריקע. דאָס מיינט זיין אַ גלייכער אַמעריקאַנער צווישן גלייכע אַמעריקאַנער.

וועגן די מיליאָנען וואָס האָבן אָפּגעפּינצטערט זייער לעבן פון וויגעלע ביזן קבר — וועגן זיי האָט קיינער גאָרניט דערציילט, גאָרניט געשריבן — און יעדער איינער האָט געוואָרט אויף זיין „טשענס"...

...ניט פּרוכטבאַר איז געווען דער באָדן אין אַמעריקע פאַר יידישקייט, ד"ה פאַרן געדאַנק פון יידישער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אייגנאַרטיקייט און זעלבסטשטענדיקייט.

דאָרטן, אין אייראָפּע — יאָ. דאָרטן שלאָגט מען, דאָרטן פּאָגראָ־מירט מען, דאָרטן באַליידיקט מען, דאָרטן שפּייט דיר אין פּנים יעדער „נאַטשאַלניקל“, יעדער קנעפּל; דאָרטן איז תחום המושב, שפיכת דמים...

אָבער דאָ, אין דער פרייער אַמעריקע? דאָ, וואו אַ ייד קען זיין אַפילו אַ פּאָליסמאַן, אַ שעריף, אַ דזשאַדזש, אַ דיסטריקט אַטוירני, אויב ניט נאָר העכער, — דאָ באַדערן זיך מיט ספּעציפישע יידישע פּראָבלעמען??!

ס׳איז אַלץ אימפּאָרטירט פון איישישאָק. גרינהאָרן־ביזנעס. „איר קענט ניט אַמעריקע“. גיכער אויסגרינען זיך; גיכער בייקומען דעם „טי־אייטש“ — און שוין, פאַרטיק. נו, וועלן מיר ניט באַווייזן — וועלן באַווייזן אונזערע קינדער. „פּאָלנע“ אַמעריקאַנער — און יוצא. אַלץ דערליידיקט.

און פיינלעך, אויסערגעווויינלעך פיינלעך איז געווען דער גורל פון אַ יידישן סאָציאַליסט אין אַמעריקע.

ספּעציעלע אייגנשאַפטן האָט מען געדאַרפט באַזיצן, כדי ביי אַזעלכע באַדינגונגען זיך ניט לאָזן מיטרייסן מיטן מעכטיקן שטראָם פון היינט און דאַקעגן זיך לאָזן שווימען קעגן שטראָם צום ליכטיקערן מאָרגן — ניט בלויז פאַר זיך, נאָר פאַר אַנדערע, פאַר אַלעמען.

קודם־כל האָט מען געדאַרפט קענען זען ווייטער פון דער אויבנ־אויפיקער פאָרמול פון „איישישאָק—ניו־יאָרק“ און אַריינקוקן טיפער אין פּראָצעס פון דער ווירטשאַפטלעכער און פּאָליטישער אַנטוויקלונג פון אונזער לאַנד — אין דעם פּראָצעס, וואָס איז פוקציאָנעל אַנדערש, אָבער אָרגאַניש איז ער אומעטום דער זעלביקער. מען האָט געדאַרפט קאָנען באַנעמען, אַז קיינע ניסים וועלן דאָ ניט פאָרקומען, און אַז דער אָרטיקער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם פון עקספּלואַטאַציע און פּראָפיטן — אין תוך דער זעלביקער סיסטעם ווי אַנדערשוואו — איז אומפאַר־מיידלעך פאַרבונדן מיט קריזיסן, מיט קאָנפליקטן פון קעגנזעצלעכע אינטערעסן — מיט איין וואָרט — מיט קלאַסן־קאַמף. בלויז די פאָרמען זיינען אַנדערע, ווייל אַנדערש זיינען דאָ די געאָגראַפישע, פּאָליטישע און במילא די פּסיכאָלאָגישע באַדינגונגען.

שטאַרק האָט געדאַרפט זיין די וויזיע פון סאָציאַליסטישן אידעאַל צו קענען זען די נעגל פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, וועלכע זיינען דאָ אַזוי זאָרגפול צוגעדעקט מיט די פיינסטע הענטשקעס...

און אַ סך פאַרשטענדעניש האָט מען געדאַרפט האָבן פאַרן יידישן לעבן, כדי דאָ, אין דער באמת אַזוי סימפּאַטישער אַמעריקע, צו פאַרשטיין מיט יאָרן און יאָרן צוריק — אין דער פאַר־היסטאָרישער, פאַר־היטלער־צייט — די פאַרבינדונג, וואָס איז פאַראַן צווישן סאָציאַלער גערעכטיקייט און נאַציאָנאַלער גלייכהייט, און אויך זען די געפאַר, וואָס עס שטעקט אין סאָציאַלער קנאה און שנאה פאַר די שוואַכע פעלקער בכלל און פאַר אונז, יידן, בפרט... אַזוי פיל האָבן עס אַזוי שפּעט באַנומען...

האָט מען געדאַרפט זיין:

אַן אמתער סאָציאַליסט ניט בלויז מיטן מויל, נאָר מיט מעשים — און ניט פאַר יענעם, נאָר פאַר זיך.

אַן אמתער ייד, ניט אָפּקומענדיק מיט געפילטע פיש, מיט יאָר־צייט און מיט אַ מצה־העם־סענדוויטש.

אַן אמתער אַמעריקאַנער — ניט מיט דעם, וואָס מען האָט גע־נומען זאָגן „ווינדאָו" אָנשטאָט פענצטער און „מיסטעיק" אָנשטאָט טעות, נאָר טאַקע זען די אמתע אַמעריקע מיטן גאָלדענעם אוצר פון גליק פאַר אַלעמען, ניט בלויז פאַר גליקלעכע יחידים; קעמפן פאַר דער אמתער אַמעריקע ניט בלויז פון „אַלע זיינען געבאָרן גלייך", נאָר אַלע זאָלן לעבן גלייך... און אַז זיי זיינען געווען די אמתע אַמעריקאַנער, אויף דעם זיינען עדות — יודזשין דעבס און סינקלער לואיס און אַפּטאָן סינקלער און פרענקלין ד. רוזוועלט.

און חוץ דעם אַלעמען האָט מען געמוזט פאַרמאָגן אידעאַליזם, אמתן אידעאַליזם, ווייל גרויס, — באַזונדערס פאַר די ניט־דורכשניט־לעך פּייאיקע, ענערגישע מענטשן — איז געווען דער נסיון אויסצו־לייזן זיך איידער אויסצולייזן די ליידנדיקע מענטשן, אַליין אַרויפצו־שפּרינגען אויף די העכערע שטאַפּלען פון לעבן איידער שלעפּן אַלעמען באַרג אַרויף.

צו אונזער גליק און צום גליק פון אונזער לאַנד האָבן זיך געפונען מענטשן, האָבן זיך געפונען יידישע סאָציאַליסטן אָט מיט אַזוינע אייגנשאַפטן.

דאָס האָבן מיר זיי צו פאַרדאַנקען, וואָס אויף דעם שטיין־האַרטן באָדן זיינען אויסגעוואַקסן טרייד־יוניאָנס, דער אַרבעטער־רינג און אַרבעטער־חשיבות; סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס און סאָציאַליסטישע אויפטואונגען, פון וועלכע עס האָבן שפּעטער אַזוי ברייט און רחבותדיק געגאָסן אַזוי פיל, וועלכע האָבן אַזוי ווייניק געהאַלטן פון די אַלע „אימפּאָרטירטע" זאַכן... און ניט נאָר ניט געהאַלטן, נאָר אָפט־מאָל באַגלייט די סאָציאַליסטישע אַרבעט און אויפקלערונג מיט חוזק און שפּאָט. און ניט נאָר האָבן אַזוי געהאַנדלט קעגנער און שונאים פון דעם הערשנדיקן קלאַס, נאָר אָפט, שוין צו אָפט „קליגער" און „פּראַקטישער" געוואָרענע טיילן פון אייגענעם קלאַס מענטשן און יידן . . .

טאַקע דעריבער איז דאָס געווען אַזוי שווער. מיטן בלוט פון אייגענעם האַרצן האָט מען געדאַרפט אָנהאַלטן די בלוט־צירקולאַציע פון דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. די אייגענע נערוון זיינען געווען די שטריק, מיט וועלכע מען האָט געדאַרפט שלעפּן די מענטשן פון דעם תהום, פון געמויזעכץ, וואָס איז געווען אַ געמיש פון גן־עדן פאַר נאַראָנים, פון פוסטע אילוזיעס און פון פאַלשע איינריי־דענישן...

זיינען טאַקע אַ סך פון די ווייניקע, וואָס האָבן זיך איינגעשפּאַנט אין דער אַרבעט, געפאַלן פאַר דער צייט.

אייניקע האָבן אויסגעהאַלטן און גייען עקשנותדיק ווייטער, טראָץ אַלע אַלטע און אַלע ניי אַנטשטאַנענע מניעות.

איינער פון זיי איז —

נ. כאַנין.

זיין 60 יאָריקן יובל פייערן מיר דעריבער איצט מיט אַ באַזונדערן געפיל פון אָנערקענונג.

מיר האָבן אים געדאַרפט.

מיר דאַרפן אים.

און מיר וועלן אים ערשט דאַרפן.

אויף די אַמעריקאַנער יידן, און ספּעציעל אויף דער אַמעריקאַנער יידישער אַרבעטערשאַפט, פאַלן אַזעלכע גרויסע, נייע אחריותן,

וואָס זיינען אַ פועל־יוצא פון דעם בלוטיקן חורבן פון דעם אייראָפּע־אישן יידנטום.

און נייע אחריותן פאַר אַמעריקע, אויף וועלכע עס קוקט אַזוי אַרויס די פאַרפּייניקטע מענטשהייט.

סאָציאַליסטישער קאַמף און סאָציאַליסטישע עקשנות; סאָציאַליזם און טאַקע יידישער סאָציאַליזם — וואָסערע שווערע אויפגאַבן.

זעט וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט, קוקט אַריין אין די יידישע וואונדן, — און איר וועט זען, אַז די אויפגאַבן מוזן דערפילט ווערן, וואָרום ווען ניט...

אל תפתח פה לשטן...

....מיט כאַנינען האָבן מיר מער מוט און בטחון, אַז מיר וועלן אונזער אויפגאַבע דערפילן. ס׳איז היימלעכער, זיכערער.

דעריבער זיינען יידישע סאָציאַליסטן אַזוי אויפריכטיק אין דער פייערונג פון כאַנינס 60 יאָריקן יובליי און אַזוי אמתדיק אין ווינטשן אים אריכת ימים.

ד״ר עוזיאל נאַקס

# דער קולטור־טוער

יבנה — דאָס איז די וואונדערלעכסטע יידישע טראַדיציע. יבנה — דאָס איז געווען דער עמוד האש אין דער געשיכטע פון אונזער פאָלק אין משך פון די לעצטע צוויי טויזנט יאָר. יבנה — דאָס באַטייט, אַז וואו עס לעבן יידן און וואו עס שאַפט זיך יידישע קולטור, יידישע ווערטן און יידישער גייסט, — דאָרט איז אייגן לאַנד, דאָרט איז היים. מיט יבנה זיינען מיר פאַרבליבן עד־היום אַ פאָלק; אָן יבנה וועלן מיר פאַרוועלקן, וועלן מיר גאָרניט ניט זיין אַפילו אין די ד׳אמות פון אַן אייגענער מאַטעריעלער היים.

נחום כאַנינס דערקען־צייכן, ווי אַ יידישער קולטור־טוער, איז קודם־כל דער מערקווירדיקער פאַקט, וואָס ער איז אַ גאַנצער מענטש ווי אַ ייד, וואָס ער איז אַ געטרייער און איבערגעגעבענער בירגער פון יבנה־לאַנד. אַז כאַנין פאַרמאָגט אַ שאַרפן פּאָליטישן חוש, וועט קיינער ניט לייקענען. און דאָך האָט ער אויסגעמידן זיך צו אידענטיפיצירן מיט וועלכער עס איז פּאָליטיש־טעריטאָריעלער גרופּע אָדער באַוועגונג. אויף זיין אייגענעם אופן, סיי מיטן אינסטינקט פון דעם פאָלקס־מענטש און סיי מיטן גראַדן שכל פון דעם קלאָר־זעעווודיקן געזעלשאַפטלעכן פירער, האָט ער דערשפּירט, אַז יידן זיינען אַ וועלט־פאָלק, אַז יידישע קולטור איז אַ וועלט־קולטור און אַז אמתער יידישער קיום איז אוממיטלבאַר פאַרבונדן מיט דעם ווייטערדיקן פאַנאַנדערבלי פון אַט־דער פאָלקס־קולטור.

און כאַנין אַליין פאַרקערפּערט אין זיך, אין זיין טאָג־טעגלעכן לעבן, אין זיינע באַציאונגען מיט מענטשן, די פאָלקס־אידייע. זיין געמיט איז ניט קיין געשפּאָלטענער. מיט זיינע גרויסע פעאיקייטן, מיט זיין וואָגיקן איינפלוס אין די אַמעריקאַנער סאָציאַל־דעמאָקראַטישע קרייזן און אין די יוניאָנס, גייט ער דאָך ניט אַרויס פון דעם גדר פון

דער יידיש־ריידנדיקער און פון דער יידיש־שאַפנדיקער פאָלקס־מחנה. מיט איר האָט ער פאַרקניפּט זיין גורל, און דורך איר, מיט דער וועלט. זיין געמיט — ווי זיין צונג — איז ניט קיין געשפּאָלטענע, און דאָך איז ער ניט קיין קולטורעלער געטאָ־מענטש. די יידישע פאָלקס־קולטור — דאָס איז פאַר אים סיי אַ פּראַכטפולער זעלבסטשטענדיקער בנין מיט פאַרשידנאַרטיקע חדרים, סיי אַ גרויס און ליכטיק פענצטער, דורך וועלכן ער זעט די וועלט, אָדער אַן אָפענע טיר, וואָס פירט אים צו דער וועלט.

ס׳איז אפשר אַ צופאַל וואָס כאַנין איז געוואָרן דער בילדונגס־דירעקטאָר פון אַרבעטער־רינג אין אַ באַשטימטער שעה. בכלל אָבער איז שוין גאָרניט קיין צופאַל וואָס כאַנין איז געוואָרן דער בילדונגס־דירעקטאָר, דער קולטור־לייטער פון דער גרעסטער יידישער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע. דאָס איז געווען אַ זיווג מין השמים. דער אַרבעטער־רינג איז אַן אָרדן מיט אַ סאָציאַל־פּאָליטישן לעבנס־באַנעם און האָט זיך דעריבער גענייטיקט אין אַ קולטור־דירעקטאָר מיט געזעלשאַפט־לעכן באַוואוסטזיין און שוואונג. און כאַנין, פון זיין זייט, איז אַ פּאָלי־טיש־באַוואוסטזיניקער מענטש מיט אַ ברייטן אינטערעס אין דער פאָלקס־קולטור, וואָס האָט זיך ניט געקאָנט באַגנוגענען בלויז מיט „טרוקענער״ פּאָליטישער טעטיקייט און האָט זיך געניייטיקט אין אַ קול־טור־טעטיקייט, וואָס זאָל אים דאָך ניט אָפּרייסן פון זיינע פּאָליטישע התחייבותן, נאָר, פאַרקערט, זאָל אים העלפן אַריינטראָגן אין זיי אַ גרע־סערן זין און אינהאַלט.

איז טאַקע דעריבער געשען, אַז די בילדונגס־אָפּטיילונג פון אַרבעטער־רינג איז געוואָרן אַ צענטראַלער קולטור־פּונקט אין יידיש־פּראָגרעסיוון לעבן, וואו עס דערשיינען צוויי חודשלעכע זשורנאַלן — איינער פאַר דערוואַקסענע און איינער פאַר קינדער, וואו עס ווערן אַרויסגעגעבן ביכער — פאַר דערוואַקסענע און פאַר יינגוואַרג, וואו עס איז אָוועקגעלייגט געוואָרן דער גרונט־שטיין פון דער ציקאָ, וואו עס ווערן געשטיצט פאַרשידענע קולטור־אונטערנעמונגען, וואו עס ווערט אָנגעפירט מיט איבער הונדערט שולן, וואו עס ווערן דורכ־געפירט יידיש־פּעדאַגאָגישע קאָנפערענצן, וואו עס ווערן איינגעאָרדנט לעקציע־טורנעס און קאָנצערטן.

כּאַנינס אויפטו פאַר דער יידישער שול באַשטייט צווישן אַנדערע דערגרייכונגען אין דעם, וואָס ער האָט אַ הייב געטאָן איר פּרעסטיזש ווי אַ געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע דערשיינונג. עס זיינען איצט פאַראַן ווייניק־וואָס אַקטיווע קעגנער פון דער יידישער פאָלק־שול. ס׳איז אָבער פאַראַן אַ היבש ביסל גלייכגילטיקייט, און ביי די פּראַקטישע טוער אין די אָרדנס, איז אויך פאַראַן דער אוטיליטאַרער צוגאַנג און מאָס. די פראַגע איז בערך אַזאַ: וואָס פאַר אַ נוצן האָט די אָרגאַניזאַציע פון די שולן? וואָס גייט אונז אָן יידישע דערציאונג? פאַרוואָס זאָלן מיר דערציען „פרעמדע״ קינדער? פאַרוואָס זאָלן מיר ניט פאַרווענדן די קאָלאָסאַלע ענערגיע וואָס די שולן פאָדערן ביי אונז און דאָס געלט וואָס זיי קאָסטן אונז אויף אָרגאַניזאַציאָנעלע צוועקן? דערמיט גייט אויך אָפּטמאָל אַ געפיל פון אומצוטרוי צום טעאָרעטיקער, צום ריין־אידייאישן פּאַרטיידיקער פון דער פאָלק־שול ווי איינער וואָס לעבט אין אַן אַבסטראַקטער וועלט, אין אַן אויסגעחלומטער פּריוואַטער וועלט, ווי איינער וואָס הייבט די אויגן צו אַ הימל וואָס הענגט ניט איבער דער ווירקלעכער ערד.

כּאַנין האָט אָן אַ שיעור געהאָלפן, אַז דער אומצוטרוי זאָל קלע־נער ווערן און אַז די אייזיקע גלייכגילטיקייט זאָל צעגיין אין דער וואַרימקייט פון זיין טיפער ליבשאַפט פאַר דער יידישער פאָלק־שול. כּאַנין פאַרמאָגט אַ שאַרפע תּפיסה, און עס קומט אים ניט אָן שווער צו דערבליקן דעם סאַמע תּוך פון אַן אידייע אָדער טעאָריע. ער איז דאָך פון אונזערע בעסטע און האַרציקסטע פאָלקס־רעדנער, און דאָך אָפּערירט ער ניט מיט די געוויינלעכע פראַזן; ער רעדט זעלטן וועגן דער „שענערער און הערלעכער וועלט״ און אַוודאי באַנוצט ער זיך ניט מיטן וואָרט „סאָציאַליזם״ אָדער „יידישער אומגליק״ ווי אַ סוראָגאַט פאַר אינהאַלט. האָט ער דעריבער ניט פיינט דעם אידייען־מענטש, דעם „אינטעליגענט״, דעם „טעאָרעטיקער״; פאַרקערט, ער האָט זיי ליב און דערנענטערט זיי צו זיך — און אויך דעם יידישן קינסטלער און שרייבער — צו זיך און צו די אָרגאַניזאַציעס, וואו ער האָט אַ דעה. און כּאַנינען איז געלונגען, אַדאַנק זיין קלוגשאַפט, זיין הומאָר און אויך זיין גרויסן ערנסט, אַרויסצורופן דרך־ארץ און אַפילו שטיצע פאַר דער יידישער פאָלקס־שול און פאַר דער יידישער פאָלקס־קול־

טור דאָרטן, וואו עס האָט געהערשט אַפּאַטיע און אַפילו אַנטיפּאַטיע.

עס מוז אויך באַטאָנט ווערן, אַז אין זיין קאַמף פאַרן סטאַטוס, פאַר דער חשיבות פון דער יידישער שול האָט כאַנין זיך ניט באַגנוגנט מיטן גרינגן נצחון, דאָס הייסט, דערמיט וואָס ער האָט אַפּעלירט צו דעם ריין־אוטיליטאַרן אימפּולס, וואָס ער האָט זיך באַמיט צו באַווייזן, אַז די שולן שטייען אין דינסט פון די אָרגאַניזאַציעס. יאָ, ער האָט דאָס ניט אין גאַנצן פאַרלייקנט. אונזערע אָרגאַניזאַציעס זיינען די אַגענטורן, דורך וועלכע מיר קענען דינען אונזער פאָלק, און הלוואי וואָלטן אונזערע קינדער געהערט צו די אָרגאַניזאַציעס. דעמאָלט וואָלט אונזער יידישע וועלט אויסגעזען אַ היבש ביסל אַנדערש און עס וואָלט אונז געווען פרייליכער אויפן האַרצן. אָבער כאַנין האָט זיך אַלעמאָל איינגעשטעלט פאַר דער יידיש־פּראָגרעסיווער דערציאונג ווי אַ הייליקע אויפגאַבע וואָס שליסט אין זיך איין אירע אייגענע צילן און וואָס מוז פון אונז דורכגעפירט ווערן, אָפּגעזען פון די באַלדיקע נוצן וואָס זי קאָן יאָ אָדער ניט ברענגען דער אָדער יענער אָרגאַניזאַציע. כאַנין האָט אַפּנים דערפילט דאָס וואָס אונזערע אַמאָליקע חכמים האָבן אַזוי קלאָר פאַרשטאַנען, ווען זיי האָבן געזאָגט, אַז די וועלט עקזיסטירט אייגנטלעך אין דעם זכות פון קליינע קינדער וואָס לערנען תורה. די יבנה־טראַדיציע — דאָס איז דער סאַמע סטיל פון כאַנינס לעבן. און וויפיל ער זאָל ניט זיין פאַרנומען מיט פּאָליטישער און אַלגעמיין־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, וויס ער דאָך, אַז אונזער פאָלק וועט נאָר דעמאָלט האָבן אַ קיום, ווען אונזערע קינדער וועלן באַקומען אַ יידישע דערציאונג.

כאַנין דער קולטור־טוער, דער שול־פירער איז אַ גרויסער געווינס פאַרן יידיש־פּראָגרעסיוון פאָלקס־לעבן. כאַנין גיט זיך אָפּ מיט אַ סך וויכטיקע זאַכן, אָבער ווער קען דען אָפּשאַצן און ווער קען דען שילדערן דעם ווערט און באַדייט פון דער יידישער שול און פון דעם יידישער דערציאונג אין אונזערע איצטיקע טראַגישע און גורלדיקע טעג. מיט דער יידישער שול איז פאַרבונדן ניט בלויז אונזער צוקונפט, נאָר אויך אונזער היינט.

## זלמן יעפּרויקין

# נ. כאַנין — דער שול־ און קולטור־טוער

ווען איר באַקענט זיך מיט דעם אָנהויב פון דער יידישער אַר־בעטער־באַוועגונג, ווערט פאַר אייך קלאָר, אַז אירע פּיאָנערן, וועלכע זיינען ס׳רוב געווען אינטעליגענטן, האָבן אויף איר געקוקט נאָר ווי אויף אַ ריין סאָציאַלער באַוועגונג. זיי זיינען בעיקר געווען פאַראינ־טערעסירט אַריינצוציען די יידישע פאָלקס־מאַסן אין דער רעוואָלו־ציאָנערער באַוועגונג קעגן צאַריזם און שפּעטער זיי געווינען פאַר דעם סאָציאַליזם.

דער נאַציאָנאַלער מאָמענט האָט די פּיאָנערן ווייניק אינטערע־סירט. זיי האָבן אים כמעט ניט באַמערקט.

די אַמאָליקע יידישע אינטעליגענטן־סאָציאַליסטן זיינען געקו־מען פון אַ באַלעבאַטישער סביבה און, מיט קליינע אויסנאַמען, האָבן זיי זיך אין יידישע פראַגן געפונען אונטער דער השפעה פון דער אַסי־מילאַטאָריש־משכילישער אינטעליגענץ, פאַר וועלכער רוסיפיקאַציע איז געווען דער אידעאַל. אָט די אינטעליגענץ האָט אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג מיטגעבראַכט די קאַפּריזן, געפילן און שטימונגען פון די בורזשואַזע משכילים, וועלכע האָבן געטראָגן אין זיך אַ קראַנק־האַפטע שנאה צו דעם אַמאָליקן יידישן לעבן. אַסימילאַציע, קאָסמאָ־פּאָליטיזם זיינען ביי דער אינטעליגענץ געוואָרן סינאָנימען פון וועלט־לעכקייט און קולטור.

די דאָזיקע אידעאָלאָגיע האָט אויך באַאיינפלוסט די יידישע אַר־בעטער־באַוועגונג אין יענע צייטן, ווען זי האָט געטראָגן ניט מער ווי אַ קרייזל־כאַראַקטער. איר באַנקראָט איז געקומען ווען פון די קרייז־לעך ווערט אַ פּאַרטיי, ווען די יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס נעמען אָן די פאָרמען פון אַ מאַסן־באַוועגונג. אָבער אַלטע באַגריפן, טראַדי־ציעס האָבן שוין אַ טבע זיך עקשנותדיק איינצוהאַלטן אַפילו, ווען זיי

האָבן שוין לאַנג אָפּגעלעבט זייער צייט. עס איז שווער זיך צו באַ־פרייִען פון אַלטע געוואוינהייטן, פון אַלטע ווערטער — זיי האַלטן נאָך אָן אַפילו דעמאָלט, ווען די מעשים זיינען געוואָרן נאַציאָנאַלע. פון די קרייזלעך איז אַרויסגעוואַקסן דער אַלגעמיינער יידישער אַר־בעטער־„בונד", וועלכער איז פּאַקטיש געוואָרן אַ גוואַלטיקער נאַציאָ־נאַלער פאַקטאָר אין יידישן לעבן. ריידן רעדט מען אָבער נאָך אַ לאַנגע צייט וועגן „נייטראַליזם" און קאָסמאָפּאָליטיזם.

דער „בונד" איז געוואָרן דער טרעגער פון דער מאָדערנער יידישער קולטור־אידייע. אָבער עס זיינען אויך געווען איינצלנע, יחידים, וואָס האָבן געשטויסן די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין דער ריכטונג. ווער זיינען זיי געווען?

דזשאָן מילל אין זיין בוך: „פּיאָנערן און בויער" דערציילט וועגן זיי: „דאָס זיינען געווען די „האַלב־אינטעליגענטן", אַ שיכט, וואָס איז געשטאַנען צווישן דער אינטעליגענץ און די פאָלקס־מאַסן; זייער בילדונג איז געווען אַ היימישע, ניט קיין „פּאַטענטירטע" אין די רעגירונגס־שול־אינסטיטוציעס". ווי עס דערציילט דזשאָן מילל, זיינען דאָס געווען מענטשן, „וועלכע זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט דער פּסיכאָלאָגיע, טראַדיציעס און מנהגים פון די יידישע מאַסן." איינער פון זיי איז געווען א. ליטוואַק.

צו דער גרופּע האָט אויך געהערט א. ליעסין, וועלכער איז אויך ניט געווען קיין „פּאַטענטירטער" אָדער דיפּלאָמירטער אינטעליגענט. ליעסין איז אַרויסגעקומען פון אַ לומדישער יידישער היים און איז אַליין געווען דורכגעזאַפּט מיט יידישער תורה, מיט יידישן וויסן און מיט יידישע טראַדיציעס. „אין זייער אַרבעט (פון די יידישע סאָציאַ־ליסטן) האָט ער געוואָלט זען ניט בלויז סאָציאַליסטישע און אַרבע־טער־פּאָליטיק, נאָר אויך יידישע פּאָליטיק. באַטראַכטנדיק דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט ניט בלויז ווי אַ טייל פון דעם אַלוועלטלעכן פּראָלע־טאַריאַט, נאָר אויך ווי אַ טייל פון יידישן פאָלק, האָט ער ניט געקאָנט שלום־מאַכן מיט אַ יידישער אַרבעטער־מאַסן־באַוועגונג אָן יידישע נאַ־ציאָנאַלע פאָדערונגען" (זע „פּיאָנערן און בויער", זייטלעך 110—111).

צו זיי האָבן אויך געהערט די וועמען די יידישע מאַסע האָט אַרויס־

גערוקט, אַרויסגעהויבן פון זיך. איינער פון זיי איז געווען בערעלע—כאַנין. אויפגעהאָדעוועט אין קליינעם יידישן שטעטל אין נויט און אָרעמקייט, איז אים געווען ליב דאָס שטעטל מיט זיינע יידן, מיטן אָרנטלעכן פרומען טאַטן, וועלכער האָט שווער געאַרבעט און געלעבט לויט דעם כּלל: „מען טאָר ניט לייען, אויב מען ווייס ניט צי מען וועט קאָנען אָפּגעבן; בלויז מיטן שוויס פון מיין שטערן דאַרף איך דערנערן ווייב און קינדער". אים איז געווען ליב זיין שטענדיק פאַרהאָרעוועטע מאַמע מיט אירע שיינע יידישע מעשיות וועגן „די חשמונאים וואָס האָבן זיך געשלאָגן פאַר זייער לאַנד און פאָלק", און „אַז וועט משיח וועט קומען, וועלן אַלע יידן קומען צוריק אין זייער הייליקן לאַנד, אין דעם לאַנד פון אברהם, יצחק און יעקב. מענטשן וועלן ניט דאַרפן אַרבעטן, עס וועט אַלץ וואַקסן אויף די בוימער" („בערעלע" פון נ. כאַנין, זייטל 10), אים איז געווען ליב די מומע כאַשע, דער רבי און אַלע יידן פון זיין שטעטל. ער האָט זיי ניט געקענט פאַראַכטן, ווייל אַלץ, וואָס ער האָט געהערט און געזען אין שטעטל, האָט זיך איינגעבאַקן אין זיין נשמה. אין זיינע אויערן האָבן געקלונגען ווילד און פרעמד די רייד פון דעם אינטעליגענט ביי דער בונדיסטקע טאַניע אין שטוב, „אַז דאָס יידישע שטעטל און די יידן פון שטעטל זיינען אַן איבערבלייבעכץ פון דער אַלטער פאַרגאַנגענהייט", אַז „סיי אין שטעטל, סיי אין שטאָט דאַרפן (יידן) זיך צוזאַמענמישן מיט די גויים, מיט דער רוסישער קול־טור און זיי דאַרפן וואָס גיכער אויפהערן צו זיין אַ באַזונדער פאָלק".

זיין ערשטע דערציאונג האָט נ. כאַנין באַקומען אין חדר, אין דער תלמוד־תורה. ער געהערט אָבער צו די, וועלכע האָבן זיך אויפ־געהאָדעוועט אויף דער מאָדערנער יידישער קולטור. איר האָט ער אַ סך צו פאַרדאַנקען. דאָס ערשטע בוך, וואָס ער האָט געלייענט, איז געווען „יאָסעלע" פון יעקב דינעזאָן. זיין ערשטע וועלטלעכע שול איז געווען די „סכאָדקע" אין וואַלד, וואו מען האָט צו אים גערעדט, אַז מען דאַרף זיין מיט די „וואָס וועלן די וועלט באַפרייען פון שקלאַפעריי. עס טאָר ניט זיין קיין אונטערשיד צווישן ייד און קריסט. אַלע מענטשן זיינען ברידער", אויך די לעקציעס וועגן דער יידישער ליטעראַטור (ביי טאַניען אין שטוב). „ער איז געווען גליקלעך צו הערן, אַז עס זיינען דאָ שרייבער, וועלכע שרייבן מיט ליבשאַפט וועגן אַזעלכע שטעטלעך ווי זיינס".

אים זיינען געווען ליב די רייד פון איסאַקן, וועלכער האָט גע־רעדט: „וועגן צוויי־טויזנט־יאָריקן יידישן גלות, וועגן דער מאַרטירער־געשיכטע פון יידישן פאָלק, וועגן די יידישע פאָלקס־מאַסן, וואָס ליגן אין פינצטערקייט, ווייל די יידישע אינטעליגענץ איז אַוועק" און זיין אויסגעשריי: „מיר האָבן די זעלבע רעכט אויף אונזער שפּראַך און קולטור, ווי אַנדערע פעלקער".

„בערעלע האָט מיט אַ שטאַרקער ליידנשאַפט גענומען לייענען די ווערק פון די יידישע שרייבער". „וואָס מער בערעלע האָט געלייענט, אַלץ מער האָט ער אָנגעפאַנגען מיט פייערדיקער ליידנשאַפט ליב צו האָבן זיין פאָלק". „זיין לעבן האָט אַן אינהאַלט באַקומען". אַ דאַנק דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, אַ דאַנק דער מאָדערנער יידישער קולטור.

און ווען נ. כאַנין איז געקומען אין אַמעריקע „איז אים געווען שווער זיך צוצופּאַסן צו די נייע באַדינגונגען". ער האָט ניט געקענט פאַרשטיין „די פּראַקטישע רייד פון זיינע אַמאָליקע חברים". ער האָט אָבער גיך איינגעזען, אַז אויך אין אַמעריקע איז פאַראַן אַ קעמפערי־שע אַרבעטער־באַוועגונג און אַז זיין אָרט איז אין אירע רייען.

ער, וואָס האָט געהאַט אַזוי פיל צו פאַרדאַנקען דער מאָדערנער יידישער קולטור, ער, פאַר וועמען יידיש איז געווען די שפּראַך, דורך וועלכער ער האָט זיך פאַרבונדן מיט דער וועלט, די שפּראַך פון זיין טאַטע־מאַמע, פון די יידן אין זיין שטעטל — הערט זיך דאָ ניט צו צו די „פּראַקטישע" רייד. ער ווערט אַ קעמפער פאַר דער יידישער שפּראַך און קולטור דאָ אין לאַנד. ער ווערט דאָ איינער פון די פּיאָ־נערן פון דער יידיש־וועלטלעכער שול. ער, דער יינגער, שטאָלצער, רעוואָלוציאָנערער ייד, וועלכער האָט אין רוסלאַנד איינגעזאַפּט אין זיך דעם גלויבן אין דער אויפלעבונג פון די יידישע פאָלקסמאַסן און פון דער יידישער פאָלקסקולטור, האָט ניט געקענט זיין גלייכגילטיק צו דעם ביטול, מיט וועלכן אַ סך האָבן זיך באַצויגן צו די יידישע קולטור אַספּיראַציעס אין אַמעריקע. ער האָט גענומען קעמפן פאַר זיינע אידייען. אַזוי געפינען מיר אים, אין יאָר 1915, דריי יאָר נאָך זיין קומען אין אַמעריקע, אין דער גרופּע, וואָס גרינדעט די ערשטע יידישע

סאָציאַליסטישע (ניט נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע) שול אין אַמעריקע, אין האַרלעם, אויף דער 104טער גאַס.

אין דעם זעלביקן יאָר, אויף דעם צווייטן צוזאַמענפאָר פון דער יידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע, וואו ב. כאַנין איז געווען אַ דעלעגאַט פון האַרלעמער ברענטש, שטעלט ער צוזאַמען מיט דעלעגאַטן פון שיקאַגאָ און ניו־הייווען אַוועק די שול־פראַגע. הגם עס איז זיי ניט געלינגען דורכצופירן אַ קלאָרע רעזאָלוציע פאַר יידישע שולן, איז אָבער דאָך אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס „צו דערמוטיקן די ברענטשעס איבערן לאַנד צו עפענען סאָציאַליסטישע שולן. אויף וואָס פאַר אַ שפּראַך די שול זאָל געפירט ווערן, אויף ענגליש אָדער אויף יידיש, זאָל יעדער ברענטש פאַר זיך אַליין באַשליסן“ (ב. כאַנין אין „פריינד“, יאַנואַר, 1929).

אָט דער באַשלוס פון דער פעדעראַציע האָט אַ סך מיטגעהאָלפן, אַז אַן ענלעכן באַשלוס זאָל שפּעטער אויך אָננעמען אַן אַרבעטער־רינג־קאָנווענשאָן. אַזוי אַרום איז ב. כאַנין געווען איינער פון דער קליי־נער גרופּע, וואָס האָט געשטויסן, אַז עס זאָל אויפקומען די א. ר.־שול.

נאָכן אויפקומען פון דער א. ר.־שול האָט מען ערשט געדאַרפט פירן אַ קאַמף פאַר איר עקזיסטענץ. וואָרעם איר געבורט איז ניט באַגריסט געוואָרן מיט אַ באַזונדערער פרייד. עס זיינען געווען אַ סך, וועלכע האָבן איר געוואונטשן קורצע יאָרן און געוואַרט אויף איר גיכן טויט, די קעגנער האָבן זי גערודפט אויף טריט און שריט, פון איר חוזק געמאַכט. די שול האָט געדאַרפט אַ מוטיקן, שטאַלצן פאַר־טיידיקער, אַ פאַרטיידיקער, וועלכער זאָל צווינגען צוצוהערן זיך צו זיינע ווערטער.

נאָך אין 1925 טרעט אַרויס מאיר לאָנדאָן אויף דער קאָנווענשאָן פון אַרבעטער־רינג מיט אַזאַ מין טענה: „מיר מוזן זיך אַליין אַמע־ריקאַניזירן — און ניט מאַכן אונזערע קינדער פאַר גרינהאָרנס“. מאיר לאָנדאָן איז געווען אַן אָנגעזעענע פערזענלעכקייט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. ב. כאַנין האָט גענומען אויף זיך אָפּצושלאָגן זיינע טענות: „...צווישן די ראַדיקאַלע עלטערן און זייערע קינדער האָט ב. כאַנין געענטפערט — איז דאָ אַ גרויסער אָפּגרונט, פיל גרעסער ווי

ביי די אָרטאָדאָקסישע קלאַסן, און כדי דעם אָפּגרונט אָפּצושוואַכן, זיינען נייטיק די שולן. מיר זיינען ניט קעגן ענגליש, אָבער מיר ווילן, אַז אויך אונזער יידישע קולטור זאָל געאַכט ווערן פון אונזערע קינדער״. (דער „פריינד״, יוני־יולי, 1925). ווען אין יאָר 1926 האָט זיך אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אויפגעהויבן אַ קאָמוניסטישע כוואַליע, וואָס האָט צעשטערט ניט איין בנין — איז עס ווידער געווען נ. כאַנין, וועלכער האָט ניט דערלאָזט, אַז אויך די אַרבעטער־רינג־שול זאָל פון דער כוואַליע פאַרשלונגען ווערן. ער איז דעמאָלט געווען דער פאָר־זיצער פון בילדונגס־קאָמיטעט און מיט זיין גאַנצן כוח און ענערגיע האָט ער גענומען אָפּשלאָגן דעם אָנגריף פון די קאָמוניסטן.

וואָס איז געווען דער רעזולטאַט ? „דער וואוקס פון דער אַ. ר.־שול־באַוועגונג, וואָס האָט זיך געהאַט אָפּגעשטעלט אין 1926, איז באַנייט געוואָרן—און נאָך מיט מער פרישקייט און נאָך מיט גרעסערע רעזולטאַטן ווי פריער. אויב אין 1926 זיינען אין די א. ר.־שולן געווען מיט 450 קינדער ווינציקער ווי אין 1925, זיינען אין 1927 געווען שוין מיט 650 קינדער מער ווי אין דעם יאָר פון דער שפּאַלטונג און מיט 200 מער ווי אין 1925״.

„נאָך קענטיקער איז דער וואוקס געווען אין דער צאָל שולן : פון 83 שולן אין 1926, דאָס יאָר פון דער שפּאַלטונג, זיינען אין 1927 געוואָרן 103 שולן״ (ש. ניגער: „אין קאַמף פאַר אַ נייער דערציאונג״, זייטל 100).

פונקט אַזוי מוטיק און אומדערשראָקן טרעט נ. כאַנין אַרויס קעגן אַ צווייטן אָנגריף אויף די שולן. אין יאָר 1929, ווען עס איז אין לאַנד אויסגעבראָכן דער שרעקלעכער עקאָנאָמישער קריזיס, איז צוליב דעם קלענער געוואָרן די צאָל א. ר.־שולן. די אַלטע פאַרביסענע קעגנער פון די אייגענע רייען האָט זיך דעמאָלט אויסגעדוכט, אַז עס איז געקומען די צייט צו מאַכן אַ סוף צו די „שאָוויניסטישע״ שולן פון די, וועלכע ווילן כלומרשט פאַרבלייבן „גרינהאָרנס״. אב. קאַהאַן, דער רעדאַק־טאָר פון „פאָרווערטס״, האָט אין זיין צייטונג געעפנט אַ גרויסע דע־באַטע וועגן די שולן, וואָס האָט זיך געצויגן חדשים. פון אַלע זייטן האָט מען גענומען וואַרפן שטיינער, ווער קלענערע און ווער גרע־סערע.

אַלע האָבן מיט דעם גרעסטן אומגעדולד געוואַרט וואָס עס וועט זאָגן נ. כאַנין, וועלכער איז דעמאָלט שוין געווען דער פּרעזידענט פון אַרבעטער־רינג.

ריכטיק באַמערקט וועגן דער דעבאַטע ש. ניגער אין זיין בוך: „אין קאַמף פאַר אַ נייער דערציאונג״: „די גרונט־אידייען פון דער גאַנצער דעבאַטע זיינען אויסגעדריקט געוואָרן, פון איין זייט, אין די אַרטיקלען פון אב. קאַהאַן, און פון דער אַנדערער זייט, אין דעם ענטפער, וואָס אים האָט געגעבן נ. כאַנין״.

נ. כאַנין האָט ניט נאָר אַרויסגעבראַכט, אַז די שול־טוערס ווילן ניט, אַז זייערע קינדער זאָלן פאַראַכטן די יידישע שפּראַך, די יידישע קולטור, דאָס יידישע בוך, ער האָט ניט נאָר אַרויסגעשטעלט דעם דעמאָלט נאָך זייער פּאָפּולערן מאָטיוו: רעספּעקט צו די עלטערן. ער שרעקט זיך ניט אויך אַרויסצושטעלן די גרונט־אידייע, די תוכעדיקע סיבה, וואָס עס האָט אַרויסגערופן צום לעבן די אַרבעטער־רינג־שול, נעמלעך: „איך וויל, אַז די שפּראַך, אויף וועלכער איך רייד, אויף וועלכער עס ריידן די גרויסע יידישע פאָלקס־מאַסן, אַפילו דאָ אין אַמעריקע, אַז די שפּראַך זאָל אין לעבן פאָרטגעזעצט ווערן, באַרייכערט ווערן״.

ער שאַפט זיך אויך ניט קיין אילוזיעס. „איך ווייס—שרייבט ער — אַז די אָביעקטיווע אומשטאַנדן, די אויסנוויייניקסטע לעבנס־באַדינגונגען, זיינען פאַר אונזער שפּראַך דאָ אין לאַנד ניט קיין גינ־סטיקע״. „דאָס מיינט אָבער ניט — זאָגט ער אַז מיר דאַרפן זיך ניט ראַנגלען, אַז מיר דאַרפן ניט פּרואוון באַזייטיקן אָדער אָפּשוואַכן די ווירקונג פון יענע אומגינסטיקע אומשטאַנדן, וועלכע רינגלען אונז אַרום״ („פאָרווערטס״, פון דעם 7טן מערץ, 1931).

ריכטיק האָט נ. כאַנין אָפּגעשאַצט די גאַנצע דעבאַטע אויף דער שול־קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען סוף אַפּריל, 1931.

אין זיין באַגריסונג, אַלס פּרעזידענט פון א. ר., האָט ער דער־קלערט: „איך האָב ניט מורא פאַר דער דעבאַטע וועגן די יידישע שולן, ווייל אויף דער זייט פון די, וועלכע ריידן פאַר די שולן, שטייט אַן אָפּפערווויליקע גרופּע מענטשן, אָט די מענטשן גלויבן אין דער זאַך, וואָס האָט אידעאַליזם... אויף מאָרגן נאָך דער דעבאַטע וועלן די קעגנער

בלייבן ביי די אַרטיקלען. מיר וועלן בלייבן ביי דער שול־אַרבעט און ביי די שולן. און דערפאַר, און נאָר דערפאַר, בין איך דער רואיקסטער מענטש בעת דער גאַנצער דעבאַטע. אומרואיק דאַרף זיין דער, וועלכער וויל עפּעס קריגן און קען דאָס ניט קריגן. רואיק קען זיין דער, וועלכער האָט שוין דאָס באַקומען. אונזער אַרבעט מיינט אָפּטמאָל גיין קעגן שטראָם, און ווען איר וועט קוקן אויף דער אַרבעט מיט ברילן פון פּראַקטישקייט, מעגט איר זיך בעסער באַשעפטיקן מיט אַן אַנדער זאַך, אָבער זיגן זיגט אָפט ניט די פּראַקטישקייט פון היינט, נאָר דער ווייטער בליק אויף מאָרגן" („אונזער שול", מאַי, 1931).

ביי נ. כאַנינען איז די אַ.ר.־שול ניט געווען בלויז אַ פּראָבלעם פון „עלטערן־קינדער", אויך ניט בלויז אַן אינסטרומענט פאַר סאָציאַליסטישער דערציאונג, ווי אַ סך האָבן אין יענע צייטן געוואָלט איינריידן זיך און אַנדערע. זי האָט אין דער ערשטער ריי געהאַט פאַר אים אַ יידיש נאַציאָנאַל־קולטורעלן ווערט.

דעם שטאַנדפּונקט זיינעם ברענגט ער קלאָר אַרויס אין דעם אַרטיקל: „יידיש און סאָציאַליזם" („אונזער שול", אַפּריל, 1933).

עס האָט זיך אין יענער צייט געפירט אין דעם זשורנאַל אַ דיסקוסיע צי מען דאַרף אַרבעטן פאַר דעם, אַז די יידישע שפּראַך זאָל ווערן אַ לימוד אין דער פּאַבליק־סקול. די קעגנער פון אַזאַ מין פּראָיעקט האָבן געטענהט, אַז מיר זיינען ניט קיין „פּיור ענד סימפּל" יידישיסטן, מיר אַרבעטן פאַר די שולן קודם־כל „צוליב דעם סאָציאַליסטישן גייסט", אונזערע שולן זיינען „קודם־כל סאָציאַליסטישע און נאָך דעם ערשט יידישע, זיי זיינען אַ „קעגן־גיפט" קעגן דער פּאַבליק־סקול און איינפירן יידיש אין פּאַבליק־סקול וועט דעריבער זיין אַ טויט־קלאַפּ פאַר דער באַוועגונג".

אויף די טענות ענטפערט נ. כאַנין: „איך שטיי אויפן שטאַנדפּונקט, אַז אין די אַרבעטער־רינג־שולן איז די וויכטיקסטע זאַך די יידישע שפּראַך, די יידישע געשיכטע, די יידישע ליטעראַטור", „אַזוי ווי דער אַרבעטער־רינג איז אין גייסט אַ סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע, איז נאַטירלעך, אַז די שולן זאָלן זיין סאָציאַליסטישע".

ער דערציילט וועגן צוויי בחורים „איפּסלס", וואָס איינער פון זיי איז ניט געגאַנגען אין אַן אַרבעטער־רינג־שול. ביי דעם וואָס איז גע־

גאַנגען אין שול איז „זיין סאָציאַליסטיש ריידן און סאָציאַליסטיש דענקען נאַטירלעכער, זאַפטיקער. עס קומט אַלס אַ פאָרטזעצונג פון עפּעס, וואָס איז געווען פאַר אים". „ווען איך הער — שרייבט ער ווייטער — קינדער זינגען דעם אינטערנאַציאָנאַל, אַרט מיך ניט אין וועלכער שפּראַך זיי זינגען דאָס". „ווען איך הער אָבער די קינדער זינגען יידישע פאָלקס־לידער און יידישע אַרבעטער־לידער, ווערט מיין האַרץ פול מיט פרייד, ניט נאָר צוליב דעם וואָס זיי זינגען, נאָר איך פיל און אַזוי פילן אַלע, אַז אָט דאָס ליד, וואָס איך האָב געזונגען, וואָס מיר אַלע האָבן געזונגען, ווערט איבערגענומען און פאָרטגעזעצט פון דעם דור, וועלכער קומט נאָך אונז".

און ווייל ער גייט צו צו דער יידישער שול פון נאַציאָנאַלן שטאַנד־פּונקט, זעט ער אויך דעם גרויסן נאַציאָנאַלן ווערט, וואָס עס וואָלט געהאַט דאָס איינפירן דעם לימוד פון יידיש און יידישער ליטעראַטור אין דער פּאָבליק־סקול.

## ב.

אין יאָר 1936 איז ב. כאַנין געוואָרן דער בילדונגס־דירעקטאָר פון אַרבעטער־רינג.

אין זיין אויטאָביאָגראַפיש בוך „בערעלע" דערציילט ב. כאַנין: „אין חדר האָט בערעלע גאַנץ גיך צונויפגעשטעלט אַן אַרמיי פון סאָל־דאַטן מיט אָפיצירן און פאָלקאָווניקעס. ער אַליין איז געווען דער הויפּט־פאָלקאָווניק. ער האָט דעם „אַמט" ניט פאַרכאַפּט מיט גוואַלד, אים האָט ער באַקומען פאַר זיין איבערגעגעבנקייט און פאַר זיין קענט־ניש אין די סאָלדאַטישע שטיק".

ב. כאַנין האָט דעם אַמט פון בילדונגס־דירעקטאָר ניט געזוכט. מען האָט עס אים געגעבן פאַר זיין איבערגעגעבנקייט און געטרייקייט צו דער שול־באַוועגונג און ווייל עס איז ניט געווען נאָך איינער, וואָס זאָל אַזוי גוט זיין באַקאַנט און פאַרשטיין אירע נויטן. נאָענט צו פינף־און־צוואַנציק יאָר—לאַנג איידער דער אַ.ר.־שול־טיפּ האָט זיך אויס־פאָרמירט — איז די שול אין אַרבעטער־רינג געווען צוגעוויינט צו זען אין ב. כאַנינען איר איבערגעגעבנעם און אויפריכטיקן אידעאַ־ליסטישן פאַרטיידיקער און קעמפער פאַר איר עקזיסטענץ.

די לערערס און טוערס האָבן אין נ. כאַנינען געזען דעם וויכ־טיקסטן קעמפער פאַר דער יידישער שול. ער האָט שטענדיק זיך גע־פונען אין קאָך פון דער אַרבעט, איז שטענדיק געשטאַנען אויף דער וואַך. מען האָט געוואוסט, אַז ווי נאָר אַן עת־צרה — וועט נ. כאַנין זיך באַ־וויזן און קומען צו הילף. זיין הילף און מיטאַרבעטערשאַפט האָט גע־טראָגן מיט זיך וואָג — ווייל נ. כאַנין געהערט צו יענעם טיפ מענטשן, וועלכע לייגן אַרויף אַ שטעמפּל אויף זייער אַרומיקער סביבה, ווייל כאַ־נינס פּערזענלעכע ווירקונג האָט זיך געפילט אין אַלע טיילן פון דער יידי־שער אַרבעטער־באַוועגונג, באַזונדערס שטאַרק אין אַרבעטער־רינג. צו זיין וואָרט האָט מען זיך צוגעהערט מיט דער גרעסטער אויפמערק־זאַמקייט, זיינע אַרגומענטן האָבן געצוואונגען זיך צו פאַרטראַכטן.

חוץ דעם איז נ. כאַנין אויך געווען אַריינגעטאָן אין דער פּשוטער טאָג־טעגלעכער אַרבעט פון דער שול. האָט מען געדאַרפט געווינען אַן א. ר.־ברענטש — האָט מען געוואוסט, אַז ווען נ. כאַנין וועט דאָרטן זיין, וועט דער ברענטש געוואונען ווערן. האָט מען געדאַרפט האָבן אַ רעד־נער אויף אַ פאַרזאַמלונג כדי באַגייסטערן צו ווייטערדיקער און מער ענערגישער אַרבעט — האָט מען זיך געווענדט צו דעם בילדונגס־דירעקטאָר, כאַנינען. האָט אַ שול געוואָלט זיין זיכער מיט אַן עולם אויף אַ קאָנצערט, אָדער מיט אַ גינסטיקער זאַמלונג אויף אַ באַנקעט — האָט מען זיך ווידער געווענדט צו אים.

איז דעריבער געווען נאַטירלעך וואָס נאָך דעם אַזוי פּריצייטיקן טויט פון פיליפּ געליבטער איז אין מוח פון כמעט אַלע שול־טוערס און — עס קען געזאָגט ווערן מיט זיכערקייט — פון אַלע לערערס אויפגעקומען נ. כאַנינס נאָמען, אַלס דער ממלא מקום, אויפגעקומען און ניט פאַרשוואונדן. און ווען מען איז צום ערשטן מאָל געקומען צו כאַנינען ריידן וועגן איבערנעמען דעם אַמט פון בילדונגס־דירעקטאָר, איז ער געווען אין אַ פאַרלעגנהייט... ער האָט קיין באַשטימטן ענט־פער ניט געגעבן.

אויף דעם צענטן צוזאַמענפאָר פון די א. ר.־שולן (אַפּריל 23—25, 1937) האָט ער וועגן דעם געמאַכט פאָלגנדע דערקלערונג:

„מיר איז עס ניט געווען צום האַרצן. ניט צוליב דעם, ווייל די שול־באַוועגונג איז מיר פרעמד. איך בין מיט דער אַרבעטער־רינג־שול־

באַוועגונג געשטאַנען פון דעם ערשטן טאָג פון איר גרינדונג, געווען אַקטיוו אין אַלע פּאַרוואַלטנדיקע קערפּערשאַפטן פון דער אַרבעטער־רינג־שול. אויב אָבער מיר איז ניט געווען צום האַרצן איבערצונעמען דעם אַמט פון בילדונגס־דירעקטאָר, איז איינע פון די הויפּט־אורזאַכן געווען די, וואָס איך האָב פיינט דערהויבן צו ווערן צוליב דעם טויט פון אַ צווייטן. אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג האָב איך זיך אויסגעטרעטן מיינע וועגן. יעדער אַמט, וואָס איך האָב פאַרנומען, איז געקומען צו מיר ניט צוליב דעם אומגליק־פאַל פון אַן אַנדערן, נאָר אויף אַ נאַטירלעכן וועג, ווי אַ רעזולטאַט פון מיין אייגענער אַרבעט".

מיר קענען נאָר באַמערקן, אַז אויך אין דעם פאַל איז דער אַמט געקומען צו כאַנינען, ווי אַ רעזולטאַט פון זיין אייגענער אַרבעט, פון זיינע אייגענע פאַרדינסטן.

ב. כאַנין האָט איבערגענומען דעם אַמט אין אַ זייער שווערער און ביטערער צייט, אין אַ צייט, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן סימנים פון אַן אָנקומענדיקן שטורעם איבער דער וועלט און פון אַ שרעקלעכן חורבן אויף אונזער פאָלק. דאָס לאַנד האָט זיך נאָך געפונען אין מיטן פון דער דעפּרעסיע. די יידישע היים האָט געהאַלטן אין אויסליידיקן זיך פון יעדער קולטור. יידן האָבן אפילו גענומען פאַרלירן דאָס לשון. ענגליש האָט מען זיך ניט אויסגעלערנט, און דעם אַלטן היימישן יידיש האָט מען גענומען פאַרגעסן. עס האָבן גענומען פעלן ביי מענטשן ווערטער אויף אַרויסצוברענגען אַ געדאַנק. יידישע ביכער האָט מען גענומען אַראָפּטראָגן אין די קעלערן אָדער, אין בעסטן פאַל, אַוועקשענקען אין ביבליאָטעקן. אַנדערע האָבן זיי נאָך געהאַלטן פאַר אַ צירונג, אָבער ווי צו עפענען אַ בוך און לייענען האָט מען אָנגעהויבן פאַרגעסן. עס האָבן גענומען אויפקומען נייע דורות עלטערן, דורות וואָס זיינען געווען ווייט פון די געפילן און שטימונגען פון דעם עלטערן דור. דורות פאַר וועמען די יידישע פאַרגאַנגענהייט איז פאַרבליבן אַ פאַרמאַכט בוך. די אַסימילאַציע — אמת ניט קיין באַוואוסטזיניקע, און דאָך אַ געפערלעכע — האָט געשפרייזט איבער די יידישע היימען.

צו דער זעלביקער צייט האָט די יידישע אינטעליגענץ ביסלעכווייז אָנגעהויבן אַן „איבערשאַצונג פון ווערטן". אויך אין די רייען פון די

מאַסן, פון די יידישלעך געשטימטע מאַסן, האָט זיך באַוויזן אַ פאַר־לאַרנקייט, האָבן זיך אַריינגעגנבעט אין אַ צאָל ספקות.

אָט דאָס זיינען געווען די תנאים, אונטער וועלכע עס האָבן גע־לעבט די יידיש־וועלטלעכע שולן במשך פון די לעצטע צען יאָר, אונטער וועלכע עס איז אויסגעקומען נ. כאַנינען צו אַרבעטן אַלס דער בילדונגס־דירעקטאָר פון אַרבעטער־רינג.

קודם־כל האָט נ. כאַנין גענומען באַפעסטיקן די פאַראַנענע אינ־סטיטוציעס, וואָס האָבן גענומען זיך וואַקלען אין דער צייט פון דער דעפּרעסיע און פון מלוכה־„רעליעף״; הויבן דעם פּרעסטיזש פון די שולן און פון דער אַלגעמיינער קולטור־אַרבעט אין אַרבעטער־רינג, הויבן דאָס אָנזען פון די שולן אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט און — אויף וויפיל עס איז נאָר מעגלעך — פאַרבעסערן זייער מאַ־טעריעלן מצב.

אין יאָר 1935 זיינען געווען — 119 אַרבעטער־רינג־שולן. אין די יאָרן 1936 און 1937 (די ערשטע צוויי יאָר פון נ. כאַנינס אַרבעט אַלס בילדונגס־דירעקטאָר) גיט זיך די צאָל שולן אַ הויב ביז צו 145. די צאָל תלמידים איז אין 1935 געווען 6,043 אין 1936 — 6,412 און אין 1937 — 7,212.

אין יאָר 1934 איז דער בודזשעט פון אַלע שולן געווען אַרום 210 טויזנט דאָלאַר, אין 1937 — אַרום 350,000 ד. („אונזער שול״, מאַי 1937) און אין יאָר 1939 איז ער שוין געווען 406,000 ד. אַ יאָר („פאָר־ווערטס״, פון 1טן מאַי, 1939). אין יאָר 1934 האָט דער נאַציאָנאַלער אָפיס פון א. ר. בייגעטראָגן צו די שול־בודזשעטן די סומע פון 50,757.79 ד. אין יאָר 1936 — 67,000 ד. דאָס איז געטאָן געוואָרן ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס צוליב דער אַלגעמיינער פאַרקלענערונג פון דער צאָל א. ר.־מיטגלידער, האָט זיך אין יענע יאָרן באַדייטנד פאַרקלע־נערט די אַלגעמיינע סומע, וואָס קומט יערלעך אַריין פון שול־שטייער.

בכלל האָט זיך דער פּרעסטיזש פון די שולן אין משך פון די לעצטע יאָרן זייער שטאַרק געהויבן אין א. ר. די קעגנערס זיינען ביס־לעכווייז געוואָרן אויסגערונען אָדער שטיל געוואָרן. ס׳איז געוואָרן קלאָר די וויכטיקייט פון די שולן פאַר דעם יידישן לעבן דאָ אין לאַנד און

זייער באַזונדערס גרויסע ראָל אין דעם לעבן פון א. ר. די שולן הערן אויף צו זיין אַן ענין בלויז פון די שול־טוערס און לערערס, אָדער פון בילדונגס־קאָמיטעט. זיי ווערן אַן ענין פון גאַנצן א. ר. די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע, די צוזאַמענפאָרן פון די דירעקטאָרן און די אַלגעמיינע קאָנווענשאָנס פון א. ר. נעמען זיך ערנסט באַשעפטיקן מיט שול־פּראָבלעמען. מען הערט מער ניט אויף די קאָנווענשאָנס קיין אַרויס־טרעטונגען קעגן די שולן. דער צוגאַנג איז אַן אַבסאָלוט פּאָזיטיווער, און ניט קיין נעגאַטיווער, ווי אין די פריערדיקע יאָרן.

דער „פאָרווערטס" ווערט פּאַקטיש דער אָרגאַן פון די א. ר.־שולן. מיט דעם ערשטן טאָג פון נ. כאַנינס אַריינטרעטן אין אַמט פירט אײַן דער „פאָרווערטס" יעדן זונטאָג אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג אונטער דעם נאָמען „קולטור־ און שול־טעטיקייט אין אַרבעטער־רינג". אין „פאָרווערטס" דערשיינען גענויע באַריכטן וועגן יעדער וויכטיקער שול־אונטערנעמונג, און די צייטונג באַלייכט אויך אין לייט־אַרטיקלען די וויכטיקסטע געשעענישן אין א. ר. שול־לעבן.

נ. כאַנין האָט אויך געשטרעבט צו דעם, אַז די א. ר.־שול זאָל פון דער גאַנצער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אָנערקענט ווערן ווי אַ וויכטיקער צווייג פון דעם אַלגעמיינעם יידישן דערציאונגס־וועזן דאָ אין לאַנד, אַז זי זאָל ניט פאַרבלייבן איזאָלירט און פרעמד צו אַנדערע ריכטונגען. זיין ערשטער שריט איז געווען, אַז די שולן זאָלן אָנער־קענט ווערן פון די „קאָמיוניטי טשעסטס" און פון די יידישע „וועלפער באָאַרדס" אין די פאַרשידענע שטעט.

ער קומט מיט דעם פּלאַן צו דעם צענטן שול־צוזאַמענפאָר אין 1937, אויף וועלכן ער איז צום ערשטן מאָל אויפגעטרעטן ווי דער בילדונגס־דירעגטאָר. דער פּלאַן באַגעגנט אַן אָפּאָזיציע. די טענות: 1) די אַרבעטער־רינג־שולן קענען זיך ניט ווענדן נאָך „צדקה" צו בירגערלעכע אינסטיטוציעס; 2) די „וועלפעיר־פאָנדס" וועלן זיך אָנ־הויבן מישן אין דער פּראָגראַם פון די שולן.

וועגן אָנשליסן זיך אָן די „וועלפעיר באָאַרדס" ברענגט נ. כאַנין צו דעם 11טן צוזאַמענפאָר, אין 1939, אַזאַ באַריכט: „אין פאַרלויף פון די לעצטע צוויי יאָר האָבן אונזערע שולן איבערן לאַנד געמאַכט אַזאַ

פאַרזוך, און אין אַ ריי שטעט האָבן מיר געקראָגן סובסידיעס. צו אַזעלכע סובסידיעס זיינען מיר באַרעכטיקט. די מיטגלידערשאַפט פון אַרבעטער־רינג באַטייליקט זיך סיי מיט אַרבעט, סיי מיט באַשטייע־רונגען אין די „וועלפעיר־קאַמפּעינס". אין אַ גאַנצער ריי שטעט האָבן די וועלפעיר באָארדס אונזער פאַרלאַנג צוריקגעוויזן. מיר טאָרן זיך אָבער ניט אָפּשטעלן; מיר דאַרפן אין דעם פּרט אָנפירן דעם קאַמף ווייטער. די וועלפעיר־באָארדס" שטיצן תלמוד־תורהס און אַנדערע יידי־שע קולטור־אינסטיטוציעס און דאַרפן אויך שטיצן אונזערע שולן. אין אייניקע שטעט זיינען זיי געווען גרייט אונז צו געבן אַ יערלעכע באַ־שטייערונג, אָבער זיי האָבן פאַרלאַנגט צו האָבן אַ דעה איבער די לימודים אין אונזערע שולן. פאַרשטייט איר דאָך, אַז אַזאַ זאַך וועלן מיר ניט דערלויבן".

„אין אייניקע שטעט האַלטן די רעדל־פירערס פון די יידישע „וועלפעיר־באָארדס", אַז אין אונזערע שולן ווערט געלערנט קאָמוניזם, אָדער אַז מיר באַקעמפן רעליגיע. אָבער דאָס איז נאָר אַן אויסרייד. די גאַנצע יידישע וועלט וויס, אַז מיר זיינען ניט קיין קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציע און אַז אין אונזערע שולן זיינען ניטאָ קיין אַנטי־רעלי־גיעזע לימודים. עס איז אמת, אַז מיר האָבן אויך ניט קיין רעליגיעזע לימודים, אָבער דאָס האָט אויך ניט די אַמעריקאַנער פּאַבליק־סקול און קיינער וועט זי ניט באַצייכענען פאַר אַן אַנטי־רעליגיעזער אינסטי־טוציע".

נ. כאַנין האָט דעם קאַמף פאַר „אָנערקענונג" ניט אויפגעגעבן און אויף דעם 14טן צוזאַמענפאָר (אַפּריל 1946) קען ער באַריכטן וועגן אַ גאַנצער ריי שטעט, וואו די שולן ווערן „געשטיצט מיט אַ באַדייטנדער סומע פון די לאָקאַלע „וועלפעיר"־פאָנדן און אַז די אַלגעמיינע סוב־סידיע פון די פאָנדן באַטרעפט די סומע פון 75,000 ד. אַ יאָר. ער באַ־ריכטעט אויך, אַז אין אַ ריי שטעט זיינען פאַראַן ספּעציעלע יידישע בילדונגס־קאָמיטעטן, וואָס נעמען אַריין אין זיך אַלע טיפּן שולן, בתוכם די אַ. ר.־שולן און אַז „מיט אַ קליינעם אויסנאָם מישן זיי זיך ניט אין די לימודים פון יעדן שול־טיפּ".

זינט 1940 זיינען די א. ר.־שולן אין ניו־יאָרק אָנגעשלאָסן אָן דעם יידישן דערציאונגס־קאָמיטעט, וועלכער האָט ביי זיך געעפנט אַן

אָפּטײלונג פֿאַר די ייִדיש־װעלטלעכע שולן, װאָס פֿאַראײניקט פֿאַר געװיסע טעטיקײטן די א. ר.־שולן און די שלום־עליכם־שולן.

דאָס פֿאַרבינדן זיך מיט דעם ניו־יאָרקער־דערציאונגס־קאָמיטעט האָט, אגב, אַ סך מיטגעהאָלפֿן צו הייבן די חשיבות פֿון די שולן בײַ דער אַלגעמײנער ייִדישער געזעלשאַפֿטלעכקייט און בײַ די „װעלפֿעיר"־פֿאָנדן איבערן לאַנד.

ב. כאַניִן האָט גלײַך פֿון ערשטן טאָג, װי ער איז געװאָרן דער בילדונגס־דירעקטאָר, געזוכט אויסצובעסערן דעם אינערלעכן צושטאַנד פֿון די שולן. ער האָט געשטרעבט צו דעם, אַז עס זאָל אײַנגעשטעלט װערן, װי װײַט עס איז נאָר מעגלעך, אויב מען װיל נאָר ניט אָפּטויטן ביים לערער די איניציאַטיװ און צונעמען פֿון אים זײַן יחידישע פֿרײַ־הייט, אײַנהייטלעכקייט אין די לימודים. ער האָט געזוכט צו באַזאָרגן די שולן מיט פּאַסיקע מאָדערנע טעקסט־ביכער און צו אַנטװיקלען אַ ייִדישע קינדער־ליטעראַטור, כדי דאָס קינד, װאָס לערנט אין אַ ייִדישער שול, זאָל צוגעװײנט װערן צו לייענען ייִדישע ביכער.

אַזוי איז אין יאָר 1937 געבוירן געװאָרן דער פֿאַרלאַג „קינדער־רינג".

די נויט אין פּאַסיקע לערנביכער און לייענביכער האָט זיך תמיד געפֿילט אין די א. ר.־שולן. איין שול־צוזאַמענפֿאָר נאָכן צװייטן האָט זיך װעגן דעם אַרויסגעזאָגט. מער װי צופֿעליקע אײנצלנע פּרואװן אין דעם פּרט האָט אָבער דער בילדונגס־קאָמיטעט ניט געמאַכט. אַזוי האָט מען אין משך פֿון צװיי יאָר (1921 — 1923) אַרויסגעגעבן דעם זשורנאַל „קינדער־לאַנד". מ'האָט אַרויסגעגעבן חיים שויס' „געשיכטע פֿאַר שול און פֿאָלק" אין צװיי בענד, אײנצלנע קינדער־פּיעסן און ביאָגראַפֿיעס פֿון פֿרײַהייטס־קעמפֿער. בערך אין 1929 האָט זיך בכלל אָפּגעשטעלט יעדע פֿאַרלעגערישע טעטיקייט פֿאַר די שולן.

עס איז ניט געװען קיין גרינגע זאַך צו איבערצײַגן די טוערס פֿון א. ר., אַז אויב מען האָט שולן, מוז מען אויך זאָרגן פֿאַר לער־מכשירים. אַ סך האָבן געהאַלטן, אַז מיט דעם, װאָס מען סובסידירט די שולן און מען האָט איבער זיי אַן אַלגעמײנע אויפֿזיכט, טוט מען גע־נוג.

ניט אַלע האָבן געװאָלט פֿאַרשטיין, אַז עס איז אַ פֿליכט צו זאָרגן

ווענן פּאַסיקע ביכער, אַז אַזאַ וויכטיקע קולטור־אָרגאַניזאַציע, ווי דער אַרבעטער־רינג, קען אין דעם פּרט זיך ניט פּאַרלאָזן אויף צופעלי־קייטן, אויף דער איניציאַטיוו פון יחידים און אַז די אַרבעט דאַרף מען פּלאַנירן און מען מוז זי טאָן סיסטעמאַטיש.

אַ דאַנק זיין עקשנות און פעאיקייט צו איבערצייגן און געווינען מענטשן, איז נ. כאַנינען געלונגען צו גרינדן דעם פאַרלאַג „קינדער־רינג". איצט באַטראַכט עס דער גאַנצער אַרבעטער־רינג פאַר אַ וויכטיקן אויפטו און פאַר אַ וויכטיקע אינסטיטוציע.

דאָ איז ניט דאָס אָרט אויסצורעכענען די אַלע צענטליקער ביכער, וואָס דער פאַרלאַג „קינדער־רינג" האָט ביז איצט אַרויסגעגעבן. מען האָט אַרויסגעגעבן פון אַן א"ב ביז וויכטיקע ביכער פאַר דער מיטל־שול. אויך אַ ריי געזאַנג־ביכער און אָפּערעטעס מיט מוזיק פאַר די שולן. די ביכער זיינען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען אין צענטליקער טויזנ־טער עקזעמפּליאַרן. צווישן זיי זיינען פאַראַן ניט נאָר לערנביכער, נאָר אויך ביכער אויף צו לייענען און הנאה האָבן. זייערע טעמעס נעמען אַריין יידישע געשיכטע, מעשיות, פּאָעמעס, נאָוועלעס, ביאָגראַפיעס אין דער פאָרם פון אַ מעשה.

די אַלע ביכער זיינען באַצירט מיט רייכע אילוסטראַציעס פון פאַר־שידענע יידישע קינסטלער און — וואָס איז גאָר אַ נייס פאַר דער יידישער שול — טייל לערנביכער פאַרמאָגן אילוסטראַציעס אין פאַר־שידענע קאָלירן. זאָל דאָס יידישע בוך צוציען צו זיך דעם תלמיד אַפילו מיט זיין אויסערלעכקייט!

אַרויסגעגעבן האָט מען די ביכער פאַר די אַרבעטער־רינג־שולן, אָבער פּראַקטיש זיינען זיי געוואָרן די לערנביכער פון אַלע טיפּן־שולן. אין אַלע לענדער איבער דער וועלט — וואו עס איז נאָר פאַראַן אַ יידישע שול — געפינט מען קינדער לערנען פון די דאָזיקע ביכער. און אויב אַפילו זיי שטעלן ניט אין גאַנצן צופרידן יעדע שול־ריכטונג פון אידעאָלאָגישן שטאַנדפּונקט, באַנוצט מען זיך מיט זיי אין אַלע שולן צוליב זייער מעטאָדישן ווערט (אַן אויסנאַם אין דעם פּרט זיינען די „לינקע" שולן פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־אָרדן, וואָס גיט אַליין אַרויס ביכער יעדעס מאָל, ווען עס בייט זיך די „ליניע").

אין 1937 האָט דער אַרבעטער־רינג אויך גענומען אַרויסגעבן אַ מאָנאַטלעכן קינדער־זשורנאַל אונטער דעם נאָמען „קינדער־צייטונג״. דער זשורנאַל גייט אַרויס מיט רייכע אילוסטראַציעס אין צווי קאָלירן, ווען מען בלעטערט אים, באַמערקט מען באַלד, אַז זיין אינהאַלט איז דורך און דורך אַ יידישער. איר געפינט דאָרט ניט סתם מעשיות פאַר קינדער. עס דרוקן זיך אין אים יידישע מעשיות, יידישע אגדות. אין דעם זשורנאַל האָבן זיך, למשל, געדרוקט מעשיות וועגן מהרל, וועגן יידישן פויפסט, רבינו, גרשון, רש״י, יהודה חסיד, ר׳ מאיר פון ראָ־טענבורג, וולאַדימיר מעדעם, נח, ב. וולאַדעק, י. ל. פרץ, שלום עליכם און ענלעכע, וועגן אַמעריקאַנער יידישע העלדן ווי עמאַ לאַזאַרוס, אשר ליוויי, מרדכי נח און אַנדערע.

אונטער דעם נאָמען פעטער נחום דרוקט נ. כאַנין יעדן חודש אין דער „קינדער־צייטונג״ אַ בריוו צו יידישע קינדער. אויף אַ גרינגן און אינטערעסאַנטן אופן רעדט ער זיך דורך מיט די קינדער וועגן יידישע און אַלגעמיינע פּראָגעס.

צו דעם צוואַנציק־יאָריקן יובל פון די אַרבעטער־רינג־שולן (אין 1939) איז אַרויס ש. ניגערס בוך: „אין קאַמף פאַר אַ נייער דער־ציאונג״ (226 זייטלעך), אַ בוך וועגן די אַרבעטער־רינג־שולן, זייער אָפּשטאַם, אַנטוויקלונג, וואוקס און צושטאַנד.

7 יאָר האָט דער אַרבעטער־רינג אַרויסגעגעבן אַ מאָנאַטלעכן זשורנאַל: „אונזער שול״, פאַר עלטערן און לערערס. אַחוץ וואָס דער זשורנאַל האָט געהאַט פּאָפּולערע אַרטיקלען וועגן דערציאונגס־פּראָגן און פּראָבלעמען פאַר די עלטערן, האָט ער בעיקר געהאַט אין זינען דעם לערער און זיך אָפּגעגעבן מיט פּעדאַגאָגישע און מעטאָדישע פּראָב־לעמען. אין 1938 ווערט דער זשורנאַל פאַרוואַנדלט אין אַן אַלגעמיינעם קולטור־זשורנאַל, אונטער דער רעדאַקציע פון נ. כאַנין און ער קריגט אַ נייעם נאָמען: „קולטור און דערציאונג״. דאָס האָט געזאָלט ווייזן, אַז דער זשורנאַל וועט „באַדינען אַ ברייטן קרייז מענטשן, וואָס אינ־טערעסירן זיך מיט יידישע קולטור־פּראָבלעמען און מיט דעם יידיש־וועלטלעכן שול־וועזן״. מען האָט אויך פאַרגרעסערט דעם פאָרמאַט פון זשורנאַל. דאָס איז געטאָן געוואָרן, ווי עס דערקלערט די רעדאַקציע: „כדי צו קאָנען אַריינגעבן מער לייען־מאַטעריאַל און מיט דעם אַליין

אויסברייטערן און פאַרשטאַרקן דעם ווערט פון זשורנאַל. ביז איצט האָבן אין „אונזער שול" זיך געדרוקט כמעט נאָר פּעדאַגאָגישע אַר־טיקלען, וועלכע זיינען געווען וויכטיק און אינטערעסאַנט פאַר אונ־זערע איבער הונדערט לערערס". „איצט — זאָגט ווייטער די רעדאַקציע — וועלן מיר שטענדיק האָבן אַרטיקלען איבער אַלגעמיינע קולטור־פראַגעס, וואָס האָבן אַן אינטערעס פאַר ברייטערע יידישע קולטור־שיכטן". אָבער ניט נאָר אין דעם אַליין איז באַשטאַנען די ענדערונג. „קולטור און דערציאונג" איז געוואָרן אַ פרייע טריבונע פאַר די פאַר־שידנסטע ריכטונגען און מיינונגען אין יידישן קולטור־לעבן. און ווען עס נעמען אָנקומען אין דער רעדאַקציע בריוולעך מיט אָנפראַגעס: היתכן? — ענטפערט נ. כאַנין אין זיין אָפּטיילונג: „פון מיין שרייב־טיש": „מיר גלויבן אין פרייער פרעסע און מיר האַלטן אויך, אַז ווען יעדער איינציקער וועט האָבן די מעגלעכקייט פריי אַרויסצוזאָגן זיינע געדאַנקען וועגן פראַגעס, וואָס זיינען פון אַלגעמיינער וויכטי־קייט, וועט עס זיין געזינטער פאַר אונזערע שולן און פאַר אונזער קולטור־טעטיקייט („קולטור און דערציאונג", מערץ, 1938).

די „ענגע" לערערישע פּראָבלעמען האָבן דאָך זיך גענייטיקט אין אַן אייגענעם אָרגאַן. דעריבער נעמט דער א. ר. בילדונגס־קאָמיטעט אַרויסגעבן אין יאָר 1939 אַ „פּעדאַגאָגישן בולעטען" אונטער דער אויפזיכט פון פּעדאַגאָגן־ראַט און אונטער דער רעדאַקציע פון יודל מאַרק. פון 1941 אין דער בולעטען געוואָרן אַן אָרגאַן פון דער קאָמיסיע פאַר די יידיש־וועלטלעכע שולן ביי דער יידישער דערציאונגס־גע־זעלשאַפט אין ניו־יאָרק.

כאָטש דער פאַרלאַג איז געגרינדעט געוואָרן בעיקר פאַר קינ־דער־ליטעראַטור, גיט ער פון צייט־צו־צייט אויך אַרויס ביכער פאַר דערוואַקסענע. אַזוי האָט ער די לעצטע יאָרן אַרויסגעגעבן: „דער סוף פון די שונאי־ישראל" פון מ. אָשעראָוויטש, אין צוויי בענד; „אין צוויי רעוואָלוציעס" פון ר. אַבראַמאָוויטש, אויך אין צוויי בענד; „דאָס איז געווען דער אָנהויב" פון פּנחס שוואַרץ; צוויי זאַמלונגען פון יידישע לידער מיט מוזיק, צונויפגעשטעלט פון מיכל געלבאַרט: „לאָ־מיר זינגען" און „זינגט מיט מיר" (יעדעס בוך איז אַרויס אין 15,000 עקזעמפּליאַרן).

דער בילדונגס־קאָמיטעט דערמוטיקט אויך די שולן און ברענ־טשעס אַרויסצוגעבן צו זייערע יובילייען ווערטפולע יידישע ביכער. ווען נייטיק העלפט ער זיי אין דעם פּרט פינאַנציעל. אַזוי האָט ברענטש 124 פון פילאַדעלפיע געהאָלפן אַרויסגעבן אַ „וולאַדימיר־מעדעם" בוך. אין בוך גייט אַריין אַן אויספירלעכע ביאָגראַפיע פון מעדעמען און אַ ריי פון זיינע אַרטיקלען. דער גערשוני־ברענטש 247 האָט אַרויס־געגעבן דאָס „גריגאָרי גערשוני" בוך, די ביאָגראַפיע פון אַ יידישן העלד; דער ווילנער ברענטש 367 — דאָס גרויסע בוך „ווילנע" אונ־טער דער רעדאַקציע פון יעפים ישורין; דער פינסקער ברענטש 210 — דאָס בוך: „טוויזנט יאָר פינסק", אונטער דער רעדאַקציע פון ב. צביון; דער נואַרקער ברענטש 107 — צוויי בענד פון דעם יינגן, טאַלאַנטפולן שרייבער, ג. סינגאַלאָווסקי; דער יהואש ברענטש 521 — אַ ביכל לידער פון דעם באַקאַנטן עסעאיסט און פּאָעט י. י. טרונק; דער טרענטאָנער ברענטש 90 — דאָס „א. ליטוואַק־בוך", אונטער דער רעדאַקציע פון ח. ש. קאַזדאַן.

נ. כאַנין האָט קיינמאָל ניט געקוקט אויף זיך בלויז ווי אויף אַ שול־טוער. אייגנטלעך האָט אים זיין אינטערעס צו דער יידישער קול־טור געפירט צו דער יידישער שול. נאַטירלעך, אַז נ. כאַנינען איז נאָענט צום האַרצן יעדע וויכטיקע יידישע קולטור־אונטערנעמונג און ער טוט אַלץ אין זיינע כוחות אַרויסצורופן איניציאַטיוו אויף דעם געביט פון דער יידישער קולטור. ער אינטערעסירט זיך מיט דעם צושטאַנד פון דער יידישער קולטור אין אַלע וויכטיקסטע יידישע ישובים. די פּאָסט ברענגט אים טאָג־טעגלעך צענטליקער בריוו פון יידישע רעדאַקטאָרן, שרייבער, קינסטלער און אַקטיאָרן בכל תפוצות ישראל. יעדער איינער קומט צו אים מיט זיינע פּראָבלעמען. נייטיקט זיך אַ קולטור־אַרבעט, אין וועלכן ניט איז לאַנד אין הילף, וועט נ. כאַנין ניט רוען ביז ער וועט די הילף ברענגען. איז אַ יידישער שרייבער, אַ יידישער פּאָעט ערגעץ־וואו אויף צרות, וועט נ. כאַנין זען, אַז מען זאָל אים ניט פאַרגעסן.

יעדן טאָג קומען צו אים אין אָפיס יידישע קולטור־טוער, יידישע שרייבער. זיי ווייסן, אַז דאָ איז דאָס אָרט, וואו זיי וועלן קריגן אַ פריינד־לעכע אויפנאַמע, וואו מען וועט זיין גרייט אויסצוהערן אַלע זייערע

פּראָבלעמען. ניט אומזיסט איז נ. כאַנין שטענדיק פאַרנומען מיט שאַפן פאַרשידענערליי קאָמיטעטן.

קומט אויף אין יאָר 1931 אין בערלין די אידייע אַרויסצוגעבן אַן אַלגעמיינע ענציקלאָפּעדיע אין יידיש — ווענדט מען זיך צו נ. כאַנינען אין ניו־יאָרק. זינט דעמאָלט שטייט ער ביי דער זייט פון דער ענצי־קלאָפּעדיע און גיט איר אָפּ באַזונדערס פיל מי און ענערגיע זינט זי איז צוליב דער מלחמה אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין יאָר 1940 קיין ניו־יאָרק.

הערט אויף די „פאָרווערטס"־אַסאָסיאיישאָן אין ניו־יאָרק אַרויס־צוגעבן דעם זשורנאַל „די צוקונפט", איינעם פון די עלטסטע און וויכטיקסטע זשורנאַלן, איז נ. כאַנין דער, וועלכער נעמט אויף זיך די איניציאַטיוו צו גרינדן אַ „צוקונפט־געזעלשאַפט". דער רעזולטאַט — דער זשורנאַל גייט אַרויס ביז היינט און ווערט פאַרשפּרייט אין אַ גרע־סערער צאָל עקזעמפּליאָרן ווי פריער.

גרינדעט זיך דאָ אַ „קראַנשטאַדט־פאָנד" אַרויסצוגעבן די יידישע אגדה פון אַלע דורות, אָנהייבנדיק פון „בראשית", ווערט נ. כאַנין די נשמה פון דער אונטערנעמונג.

דאָס זיינען נאָר עטלעכע ביישפּילן פון זיין פילזייטיקער יידישער קולטור־אַרבעט.

פון באַזונדערער וויכטיקייט איז זיין אויפטו מיט דער גרינדונג (סוף 1937) פון דער צענטראַלער יידישער קולטור־אָרגאַניזאַציע („צי־קאָ") אין אַמעריקע — אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל קאָאָרדינירן די פאַר־שידענע יידישע קולטור־טעטיקייטן דאָ אין לאַנד און זיין דער צענטראַ־לער אַדרעס פון דער יידישער קולטור. ניט גרינג איז נ. כאַנינען אָנ־געקומען די אָרגאַניזאַציע צו שאַפן און ניט גרינג קומט אים אָן ביז היינטיקן טאָג זי אָנצוהאַלטן. מען האָט געדאַרפט צונויפברענגען פאַר־שידענע ריכטונגען אין יידישן וועלטלעכן קולטור־לעבן, מען האָט זיי געדאַרפט צוגעוויינען זיך אָנזעצן ביי איין טיש, פאַרגעסן אויף אַ ווייל דאָס וואָס צעשיידט און געדענקען נאָר דאָס, וואָס פאַרבינדט, כדי צו אַרבעטן צוזאַמען פאַר געמיינשאַפטלעכע אויפגאַבן. ניט גרינג איז נ. כאַנינען אָנגעקומען דעם געדאַנק דורכצופירן אַפילו אין זיין

אייגענער אָרגאַניזאַציע, אין אַרבעטער־רינג, און ניט גרינג קומט נאָך איצט אָן, נאָך דעם ווי די אָרגאַניזאַציע עקזיסטירט שוין עטלעכע יאָר, די פאַרשידענע עלעמענטן צונויפצוהאַלטן. עס טרעפט ניט איין מאָל, אַז איינער פון די שותפים רוקט זיך אויף אַ ווייל אַ ברוגזער אָפּ אָן אַ זייט פון דער ציקאַ־אַרבעט צוליב מאָטיוון, וואָס האָבן אַ קנאַפּן שייכות מיט די אינטערעסן פון דער יידישער קולטור דאָ אין לאַנד.

פאַרשטייט זיך, אַז נ. כאַנין באַמיט זיך שטענדיק צו אַנטוויקלען די אַלגעמיינע קולטור־אַרבעט אין אַרבעטער־רינג גופא. ער זעט, אַז דער אַרבעטער־רינג זאָל זיין אַקטיוו אין ציקאָ, אין איוואָ, אין דער ענצי־קלאָפּעדיע און אין דער צוקונפט־געזעלשאַפט.

כדי צו געבן אַ באַגריף ווי גרויס עס איז די קולטור־אַרבעט פון אַרבעטער־רינג (אַחוץ דער פאַרלעגערישער טעטיקייט), וואָס ווערט דירעקט אָנגעפירט פון נ. כאַנין, וועט גענוג זיין אָנצואווייזן, אַז אין ניו־יאָרק און אומגעגנט אַליין ווערן יערלעך דורכגעפירט אַן ערך 350 לעקציעס און אָפּען פאָרומס, און אויך בערך 450 קאָנצערטן. די אַר־בעטער־רינג־לעקציעס אין ניו־יאָרק און אין די וויכטיקסטע גרע־סערע שטעט פון אַמעריקע האָבן אין ווינטער 1945 — 1946 באַזוכט 150,000 מענטשן. (זע: „קולטור און דערציאונג", מאַי, 1946).

במשך פון די לעצטע יאָרן האָט זיך באַזונדערס שטאַרק געהויבן דער מצב פון די צוויי עלטסטע און וויכטיקסטע קולטור־אינסטיטו־ציעס פון אַרבעטער־רינג: די פרייע פאָלקס־בינע אין ניו־יאָרק, דער ניו־יאָרקער אַרבעטער־רינג כאָר און אויך די כאָרן איבערן לאַנד (19 אין צאָל). די פרייע פאָלקס־בינע האָט די לעצטע פיר יאָר געצויגן אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט און געוואָרן אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין דער יידישער טעאַטער־וועלט. אַנשטאָט די קליינע קונסט־אָוונטן, וואָס די פאָלקס־בינע פלעגט אין די פריערדיקע יאָרן דורכפירן, האָט זי גענומען שטעלן וויכטיקע יידישע פיעסן. די אויפפירונג פון שלום אַשס: „אַנקל מאָזעס", לעאָן קאָברינס: „ריווערסאַיד דראַיוו", ה. לייוויקס: „די אָרעמע מלוכה", שלום עליכמס: „דאָס גרויסע גע־ווינס" און באַזונדערס איציק מאַנגערס „אַ גאָלדפאַדען־חלום" אונטער דער רעזשי פון יעקב ראָטבוים און „מנחם מענדלס חלום" (לויט שלום־עליכם) אונטער דער רעזשי פון דוד ליכט — האָט אַרויסגערופן

באַגייסטערונג ביי די טעאַטער־קריטיקער פון דער יידישער און ענגלי־שער פרעסע. די „בינע״ פון אַמאַטאָרן, פון פּשוטע אַרבעטער, האָט זיך דערהויבן ביז צו דער מזרח־וואַנט.

דער אַרבעטער־רינג־כאָר, אונטער דער דירעקציע פון לאַזאַר וויינער, האָט די לעצטע עטלעכע יאָר זיך אַרויפגעאַרבעט צו דער מדרגה פון דעם בעסטן יידישן כאָר, וואָס מיר פאַרמאָגן. ער האָט באַוויזן וואָס פאַר אַ פּערפעקטקייט אַ כאָר, וואָס באַשטייט פון ניט פּראָפעסיאָנעלע זינגערס, קען דערגרייכן. יעדער קאָנצערט פון כאָר איז אַ וויכטיקע געשעעניש אין דער יידישער מוזיקאַלישער וועלט. אויף די יערלעכע אויפטרעטן פון אָט דער וויכטיקער אינסטיטוציע הערן מיר נייע כאָראַלע ווערק. באַזונדערס האָט דער כאָר זיך אויס־געצייכנט אין די קאַנטאַטעס: „צו דיר אַמעריקע״, „אַמאָל אין אַ צייט״ און אין יידישן פאָלקלאָר.

לאַזאַר וויינער איז אויך דער קאָאָרדינאַטאָר פון אַלע א. ר.־כאָרן איבערן לאַנד. עס איז איינגעשטעלט געוואָרן איינהייטלעכקייט אין דער אַרבעט פון די כאָרן. פאַר דעם צוועק האָט דער א. ר. אויך אַרויס־געגעבן די צוויי ביכער: „כאָרן זינגען״, דאָס און די אַלגעמיינע אויפ־זיכט פון לאַזאַר וויינערן האָט אַ סך געהאָלפן די אַלע א. ר. כאָרן אין זייער רעפּערטואַר און געגעבן זיי אַ מעגלעכקייט קינסטלעריש זיך צו פאַרפיינערן.

ג.

עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר נ. כאַנינען, וואָס ער איז פריי פון יעדן מין דאָגמאַטיזם. ער איז ניט קיין בלינדער שקלאַף פון זיינע מיינונגען, אָדער פון פראַזעס, וואָס ער האָט אַמאָל געהערט און גע־לערנט. זיין שענסטער שטריך איז, וואָס ער האָט געדולד זיך צוצו־הערן צו אַ צווייטער מיינונג, זיין טאָלעראַנץ צו איר און זיך אין איר אַריינטראַכטן. כאָטש ער איז כמעט פון קינדווייז אָן אַ פּאַרטיי־מענטש, האָט זיין גאַנץ לעבן פאַרבראַכט אין אַ פּאַרטיי און איז אויך איצט אַ פּאַרטיי־מענטש — איז ער אָבער פריי פון פּאַרטיי־פאַנאַטיזם. ער האַלט ניט, אַז אַלע מאָל איז זיין פּאַרטיי די גערעכטע, ער איז גרייט צו זען

דעם אמת ביי דעם אַנדערן צד. דעריבער איז ער אַזאַ אומקאָמפּראָמיס־לעכער קעגנער פון קאָמוניזם, וואָס פאַרלייקנט דאָס אַלץ. זיין נאַטור, זיין כאַראַקטער קען אַזאַ באַוועגונג ניט באַנעמען.

ער איז תמיד גרייט זיך צו לערנען פון אַ צווייטן, און באַזונדערס זיך צוצוהערן צו דער שטים פון לעבן. „לאָמיר זיך דורכריידן. ס'וועט קיינעם פון אונז ניט שאַטן. דורך אונזער דורכריידן זיך וועלן מיר איינע די אַנדערע באַווירקן און פון דעם וועט זיך אויסשמידן איין גאַנצע זאַך". (נ. כאַנין אין „קולטור און דערציאונג", מערץ 1938) אָט די ווערטער הערט איר אים אָפט ריידן און שרייבן.

עס איז זיין פאַרדינסט וואָס ער האָט איין מאָל פאַר אַלע מאָל געמאַכט אַ סוף אין אַרבעטער־רינג צו דעם אידייאישן פלאָנטער בנוגע דער שול און טיילוויז אויך בנוגע דער גאַנצער קולטור־אַרבעט.

איז די קולטור־ און שול־אַרבעט אין יידיש אַ צייטווייליקע ? איז די יידישע שול צוליב סאָציאַליסטישער דערציאונג, אָדער צוליב אַ נאַציאָנאַל־יידישער דערציאונג ?

אָט אַזוי האָט זיך פאַרדרייט אַ קנויל, וואָס עס איז שווער געווען אים פאַנאַנדערצופלאָנטערן. מענטשן האָבן אָפט געפילט און געטראַכט איין זאַך — און גערעדט אַ צווייטע זאַך. די טוערס און אויך לערערס פון די שולן האָבן אַ לאַנגע צייט פסיכיש זיך געפונען אין אַ סתירות־דיקער לאַגע. אין האַרצן האָט מען געוואָלט אַ יידיש־נאַציאָנאַלע שול מיט אַ סאָציאַליסטישן גייסט. אָבער כדי אָפּצושלאָגן די אַטאַקעס פון די אַסימילאַטאָרן־קאָסמאָפּאָליטן, האָט מען גענוצט די שפּראַך פון אַ פּראָלעטאַרישער קלאַסנשול. מען האָט אָבער ביסלעכוויז געמומען פילן אַז די שפּראַך איז ניט קיין אויפריכטיקע, אַז זי איז ניט אין הסכם מיט די מעשׂים. ביסלעכוויז האָט מען גענומען ריידן קלאָרע דיבורים. ספּעציעל נאָך דעם, ווען די „לינקע" זיינען, אין יאָר 1926, אַוועק פון די אַרבעטער־רינג־שולן. די פּראָגראַם־דערקלערונג פון 1927 רוקט שוין אָפּן אַרויס דעם נאַציאָנאַלן מאָטיוו. זי רעדט וועגן דעם, אַז די שול דאַרף דערנענטערן די קינדער ניט נאָר צו די עלטערן, ניט נאָר צום אַרבעטער־קלאַס, נאָר אויך צום יידישן פאָלק. מיט אַן אָפענעם מויל ווערט דער נאַציאָנאַלער מאָטיוו אַרויסגערוקט, נאָך דעם ווי נ. כאַנין

איז געוואָרן דער בילדונגס־דירעקטאָר, אין אַ לייט־אַרטיקל פון „אונ־זער שול", אין מאַי 1937 : „דער צענטער צוזאַמענפאָר, כאָטש קיין דעקלאַראַציעס זיינען וועגן דעם ניט אָנגענומען געוואָרן, האָט דורך אַלע אַרויסטרעטונגען, וואָס זיינען אויף אים געמאַכט געוואָרן, דורך די אַלע באַריכטן, וואָס זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן, קלאָר און דייטלעך אונ־טערגעשטראָכן דעם נאַציאָנאַלן ווערט פון אונזער שול און דעם נאַציאָ־נאַלן ווערט פון אונזער יידיש לשון פאַר דעם יידישן קינד אין אַמע־ריקע, פון וועלכער היים עס זאָל ניט קומען. פאַראַפראַזירנדיק אַ געוויסן זאָץ פון ד"ר חיים זשיטלאָווסקי, זאָגן מיר : דאָס יידישע קינד — דעם יידישן פאָלק, און דאָס וועט געמאָלט זיין נאָר דעמאָלט, ווען מיר וועלן האָבן אַ יידיש נאַציאָנאַלע שול אין דער יידישער שפּראַך, אין דער שפּראַך, אין וועלכער עס שאַפט און לעבט זיך קולטורעל אויס נאָך עד־היום דער רוב מנין און רוב בנין פון אונזער פאָלק".

אגב, איז עס געווען נ. כאַניך, וועלכער האָט אין זיין באַריכט צום צענטן צוזאַמענפאָר (זיין ערשטער באַריכט אַלס בילדונגס־דירעק־טאָר) געזאָגט :

„עס איז אמת, אַז אונזערע שולן זיינען אין גייסט סאָציאַליסטישע. אָבער פאַר דעם סאָציאַליזם פון אונזערע קינדער זאָרג איך זיך ניט. ווען זיי ווערן אין גייסט דערצויגן סאָציאַליסטיש, וועלן זיי זייער סאָ־ציאַליזם גרינטלעכער לערנען, ווען זיי וועלן עלטער ווערן. אויב אָבער מיר ווילן, אַז אונזערע קינדער זאָלן צוגעבונדן ווערן צום יידישן פאָלק, דאַרפן די יידישע לימודים געלערנט ווערן גרינטלעך און גוט".

און ווייטער :

„איר טוט די אַרבעט צוליב דעם, ווייל איר ווייזט אַרויס טרייהייט צו די אידעאַלן פונם יידישן אַרבעטער, איבערגעגעבנקייט צום יידישן פאָלקס־לעבן. דער אַרבעטער־קלאַס איז ניט קיין אָפּגעזונדערטער טייל פון זיין נאַציע. ער קאָן זיך פון איר ניט אויסשיילן, אירע מעלות זיינען זיינע מעלות און, פאַרקערט, אירע חסרונות זיינען אויך זיינע חסרונות. זייענדיק אַ סאָציאַליסטישע פאָלקס־שול, טאָרן מיר אויך ניט פאַרגעסן אַז זי איז ניט בלויז אין פאָרם, נאָר אויך אין אינהאַלט אַ יידישע שול. די שול לייגט אַרויף אויף אונז די אַחריות צוזאַמענצובינדן אונזערע

קינדער מיט אונזער פאָלק. מיט זיין געשיכטע פון אַמאָל, מיט די פריידן און טראַגעדיעס פון זיין היינט.״ (**באַריכט פון 10טן שול־צוזאַמענפאָר, געדרוקט אין „אונזער שול״, מאַי, 1937).**

**נ. כאַנין פאַרשטייט, אַז די שול קען זיין דורך און דורך אַ נאַציאָנאַלע און צו דער זעלביקער צייט אויך אַ סאָציאַליסטישע. איינס פאַרלייקנט ניט דאָס צווייטע.**

**וויבאַלד מען דאַרף לייגן אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט אויף די יידישע לימודים, כדי די תלמידים זאָלן קענען גוט יידיש, יידישע געשיכטע, דאַרף מען די שול באַזאָרגן מיט טעקסטביכער, וואָס זאָלן זיין צוגעפּאַסט הן מיט זייער מעטאָדע, הן מיט זייער אינהאַלט. און עס דאַרף אויך שטענדיק זיך געפינען אין האַנט פון לערער אַ פּאַסיקע פּראָגראַם, אַ פּראָגראַם וואָס זאָל ניט נאָר געבן קעפּלעך פון דעם וואָס צו לערנען, נאָר אויך זיין פאַרן לערער אַ וויכטיק הילפסמיטל, אַ האַנטבוך.**

**דאָ איז אַריינגעקומען נאָך אַ מאָמענט. שוין אין יאָר 1936 האָט גענומען ווערן קלאָר, אַז עס קומען אַריין אין די שולן אַלץ מער קינדער פון אַמעריקאַנער־געבאָרענע עלטערן, קינדער ביי וועמען יידיש איז ניט מער זייער נאַטירלעכע שפּראַך. אויב מען מיינט ערנסט מיט דער שול און מען האַלט ניט, אַז איר אויפגאַבע איז בלויז אַ צייטווייליקע, צו באַזאָרגן אַ געוויסע נויט אין אימיגראַנטישן לעבן, אויב מען קוקט אויף דער שול קודם־כל ווי אויף אַ נאַציאָנאַלן אינסטרומענט—דאַרף זי דעריבער זיך אָריענטירן אויף די נייע דורות. ממילא זיינען מער ניט צוגעפּאַסט די פריערדיקע פּראָגראַמען, די פּראָגראַמען וואָס מען האָט געשאַפן אין 1920, גלייך ביים אָנהויב, און אַפילו אויך ניט די פּראָגראַמען פון 1927 און 1931, וואָס האָבן געהאַט אין זינען אַ יידיש ריידנדיקע היים און אַ יידיש ריידנדיק קינד.**

**ווי נאָר נ. כאַנין איז אַריין אין אַמט, האָט דער בילדונגס־קאָמיטעט באַשטימט אַ פּעדאַגאָגישע קאָמיסיע בראש מיט יודל מאַרק אויסצואַרבעטן אַזאַ פּראָגראַם.**

**אַ פּראָיעקט פון אַזאַ פּראָגראַם האָט מען געבראַכט צו דעם 10טן שול־צוזאַמענפאָר אין אַפּריל, 1937. די לערערס האָבן די פּראָגראַם**

אויסגעפּרואווט אין משך פון 2 יאָר און עס איז ענדגילטיק באַשטעטיקט געוואָרן פון דעם שול־צוזאַמענפאָר, וואָס מען האָט אָפּגעהאַלטן אין יאָר 1939.

די פּראָגראַם, ווי עס האָט זיך אויסגעדריקט זיין מחבר, איז געווען געבויט „אויף פאַקטן פון אונזער לעבן". „עס איז אַ פאַקט, אַז די גוואַלטיקע מערהייט קינדער, וואָס קומען אָן אין אונזערע שולן, קענען אין אַ געוויסער מאָס יידיש. אויב זיי קענען אַליין זיך ניט אויסדריקן, פאַרשטייען זיי אין אַ היפשער מאָס וואָס מען רעדט צו זיי; קען מען שוין אויף עפּעס בויען". „אָבער יידיש איז מער ניט די נאַטירלעכע שפּראַך פון אונזערע קינדער. אויב די הי־געבוירענע ריידן יידיש, איז אַפילו אין אַזאַ פאַל יידיש זייער צווייטע שפּראַך".

אין איצטיקן מאָמענט אַרבעט ווידער אַ קאָמיסיע, כדי צוצוגרייטן אַ פּאַראַלעלע פּראָגראַם צו דער פריערדיקער פאַר קינדער, וועלכע קומען אין שול פון היימען, וואו טאַטע־מאַמע האָבן געהערט יידיש־ריידן, אָבער אַליין האָבן זיי שוין קיין מאָל יידיש ניט גערעדט, פאַר קינדער וועלכע ברענגען שוין גאָר ניט מיט, מען זאָל קענען „אויף עפּעס בויען".

אָט טאַקע די זעלביקע פאַקטן פון לעבן און אויך די שרעקלעכע אומגליקן, וואָס אונזער פאָלק האָט אין די פאַרגאַנגענע צען יאָר איבערגעלעבט, האָבן אַרויסגערופן נייע שטימונגען, נייע געפילן און אויך געשאַפן נייע באַגריפן, סיי ביי דער יידישער אינטעליגענץ און סיי ביי די יידישע פאָלקס־מאַסן פון איין זייט, ווען דאָס יידישע לעבן, די יידישע היים האָט דאָ גענומען ווערן ליידיקער, און פון דער צווייטער זייט— ווען נאָך אַ סך יאָרן שול־אַרבעט האָט מען גענומען איינזען, אַז מיט געבן קינדער יידישע ידיעות שאַפט מען נאָך ניט קיין יידישע דורות, אַז דאָס קינד דאַרף קודם־כל באַווירקט ווערן יידיש עמאָציאָנעל, אַז עס דאַרף געשאַפן ווערן אַ יידישע אַטמאָספער — האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַוועגונג אַריינצוטראָגן אין יידישן לעבן מער טראַדיציע, מער יידישן שטייגער. אַנדערע זיינען אַפילו אַוועק צו דעם עקסטרעם צו רופן די יידן „צוריק אין געטאָ", אָפּצוזונדערן די יידן פון די פעלקער פון דער וועלט. אַנדערע — ווי נ. כאַנין האָט זיך אויסגעדריקט — האָבן גענומען באַטראַכטן „דאָס יידישע פאָלק פאַר אַ „לעמעלע" און

אַלע אַנדערע פּעלקער פאַר „וועלף״, וואָס ווילן דאָס „לעמעלע״ דער־שטיקן, פאַרניכטן״ („קולטור און דערציאונג״, פעברואַר, 1941).

נאַטירלעך, אַז די שול ווי אַ לעבעדיקער פאַקטאָר אין היגן לעבן, האָט ניט געקענט בלייבן אָן אַ זייט פון דער באַוועגונג און איז אין איר אַריינגעצויגן געוואָרן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אידייאישער קאַמף אין דער אַרבעטער־רינג־שול. ער האָט זיך געפירט אויף זי־צונגען פון לערערס, שול־טוערס, אויף קאָנפערענצן און צוזאַמענפאָרן. דער שטרייט האָט גענומען ווערן אַלץ מער און מער פאַרביטערט.

נ. כאַנין איז געווען דער באַרואיקנדיקער פאַקטאָר אין דעם שטרייט. ער האָט געזוכט דעם גאָלדענעם מיטן. ניט דערפאַר, וואָס דער ענין איז אים ניט אָנגעגאַנגען, אָדער ווייל ער האָט ניט געהאַט זיין מיינונג. ער איז זיכער אויך ניט פון די שרעקעוודיקע, וואָס ווילן מיט אַ קאָמפּראָמיס איינשטעלן שלום. ניין, דאָס איז געווען דערפאַר ווייל נ. כאַנין, ווי מיר האָבן שוין אויבן אָנגעוויזן, האָט געדולד צו אַ צווייטער מיינונג, איז גרייט צו זען דעם אמת אויך ביים צווייטן צד. דאָ האָט אויך געווירקט זיין ליבע פּערזענלעכקייט און דער רעספּעקט, וואָס ער רופט אַרויס צו זיך מיט זיין גאַנצן וועזן.

וואָס שייך דער עצם זאַך האָט נ. כאַנין ערשטנס געהאַלטן און מיט רעכט: „אַז אונזערע שולן האָבן די קינדער, וואָס גייען אין זיי, ניט נאָר באַקאַנט מיט די שענסטע טראַדיציעס פון אונזער פאָלק, נאָר האָבן זיי אויך צוגעבונדן צו אַלץ, וואָס איז שיין אין דער געשיכטע און דעם לעבן פון אונזער פאָלק״ („קולטור און דערציאונג״, פעברואַר, 1941). די אַרבעטער־רינג־שול איז קיין מאָל ניט פאַרבליבן אידייאיש אויף איר אויסגאַנג־פּונקט, זי האָט אין דעם פּרט אין משך פון איר גאַנצער עקזיסטענץ געהאַלטן אין איין אַנטוויקלען און ענדערן זיך. פאַרגליווערט בלייבט נאָר אַ מומיע. ער פרעגט: „ווער זאָגט, אַז מיר דאַרפן אין אונזערע אָנגענומענע פּראָגראַמען בלייבן שטיין אויף איין אָרט? איז די אַרבעטער־רינג־שול אין גייסט און אין איר פּראָגראַם די זעלבע היינט, ווי זי איז געווען מיט אַכצן יאָר צוריק, אָדער, בעסער געזאָגט, מיט צוואַנציק יאָר צוריק, ווען זי איז געגרינדעט געוואָרן? („קולטור און דערציאונג״, מערץ, 1938).

„יעדער איינציקער — זאָגט ער — וואָס קאָן אונזער שול־באַוועגונג, וועט מוזן צוגעבן, אַז אין פאַרלויף פון די צוואַנציק יאָר זיינען מיר דורכגעגאַנגען אַ גרויסן מהלך.״

צווייטנס, האָט ער טאַקע וועגן דעם גאַנצן ענין געהאַט זיין מיינונג.

אין אַ לייט־אַרטיקל, געשריבן פון אים אין יאַנואַר־נומער פון דעם דערמאָנטן זשורנאַל, זאָגט ער:

„די לעצטע צייטן — נאָך אַ דערפאַרונג פון קנאַפע 20 יאָר — ווערט אונז אַלץ קלאָרער, אַז ווען מיר ריידן וועגן „משפיע זיין״, דאַרפן מיר שטאַרקער שטעלן דעם טראָפּ טאַקע אויף דער דערציאונג. ספּעציעל פילן מיר עס, ווען מיר ריידן וועגן דער יידישער השפעה פון אונזער שול. עס ווערט אַלץ קלאָרער, אַז ניט אַ זייטל יידיש לייענען, אַז ניט יידישע דעקלאַמאַציע, אַז ניט לערנען וועגן יידן — אַז ניט דאָס אַליין וועט מאַכן פון אַ מענטש אַ יידן. יידישקייט דאַרף אַריינדרינגען אין בלוט און פלייש פון תלמיד. אונזער שול דאַרף משפיע זיין די קינדער קולטור־שטייגעריש״.

און דעריבער:

„די שטייגער־פּראָגראַם פאַר אונזער שול קומט אַרויף אויף דער טאָג־אָרדענונג פון אונזער שול־אַרבעט. די פאָדערונג פאַר אַזאַ פּראָגראַם קלאַפּט אַלץ מער אין טיר, וואָס שטאַרקער עס ווערן די אַסימילאַציע־כוואַליעס אַרום אונז״.

און אין אַן אַנדער אָרט (מערץ 1938) שרייבט ער:

„היינט קאָן מען ניט זאָגן, אַז אונזער שול איז נאָר אַ סאָציאַליסטישע, זי איז אין גרונט אַ יידיש־נאַציאָנאַלע. סאָציאַליזם און יידישקייט גייען אין שול האַנט־אין־האַנט. קיינער קאָן ניט זאָגן, וואָס מיר זיינען מער און וואָס מיר זיינען ווייניקער. ווער ווייס, עס קאָן זיין, אַז אויפן נאַציאָנאַלן געביט האָבן מיר אַ ביסל געזינדיקט״.

און נאָך אין אַן אָרט, (פעברואַר, 1941) אַלס ענטפער צו די, ביי וועמען יידישע טראַדיציע און יידישע רעליגיע איז איין זאַך:

„עס איז ניט אמת, אַז יידישע טראַדיציע איז אַלעמאָל פאַרבונדן מיט יידישער רעליגיע״.

ווי מיר זעען, האָט ג. כאַנין אין דעם גאַנצן ענין געהאַט אַ קלאָרן שטאַנדפּונקט. ער איז קעגןביידע עקסטרעמען, קעגן די, וועלכע ווילן אַנטלויפן פון דער וועלט, זעען די רעטונג אין איזאָלירן זיך און אין פרום ווערן. ער איז אויך קעגן די, וועלכע ווילן גאָר ניט זען וואָס עס קומט פאַר אַרום זיי, וועלכע קענען זיך ניט באַפרייען פון תורות, וואָס מען האָט אַמאָל אין לעבן זיך אויסגעלערנט, ביי וועמען ווערטער זיינען אַ פעטיש און וועמען עס פאַרפאָלגן תמיד אַלטע שאָטנס.

ער האַלט אויך, אַז מיט היסטעריקע, מיט דעמאַגאָגיע, מיט וועלן אויסראָטן איינער דעם צווייטן קען מען נאָר חרוב מאַכן, אָבער ניט בויען, מען קען קיינעם ניט איבערמאַכן מיט גוואַלד און מיט צו להכעיס־פּאָליטיק.

אַזוי שרייבט ער אין זיין אַרטיקל: „די זשאַנדאַרן פון דער תורה" (פעברואַר, 1941):

„וואָס עס זאָלן ניט זיין די מיינונגען פון די צוויי ריכטונגען — אונזערע שולן וועלן זיך גיין זייער וועג, וועלן מסתמא געפינען דעם גאָלדענעם מיטן, וועלן אַריינגעמען פון ביידע ריכטונגען דאָס בעסערע, דאָס געזינטערע. פון די מיינונגס־פאַרשידנהייטן, אויב אין די דיסקו־סיעס וועט נאָר ניט אַריינגעבראַכט ווערן קיין היסטעריקע, וועט אונזער שול־באַוועגונג אַ סך געווינען. נאַטירלעך, אויב ביידע ריכ־טונגען וועלן איינע די צווייטע וועלן פאַרטיליקן, אויב עס וועלן אָנ־געווענדט ווערן דעמאַגאָגישע מיטלען, כדי צו מאַכן לעכערלעך דעם אָדער יענעם צד, קאָן דאָס ברענגען אויך גרויס שאָדן אונזער שול־באַוועגונג. איך בין אָבער איבערצייגט, אַז ביידע ריכטונגען וועלן געפינען דעם פּאַסיקן טאָן צו דיסקוטירן איינער מיט דעם צווייטן".

און טאַקע אַ דאַנק ג. כאַנינס איינפלוס האָט מען סוף־כל־סוף געפונען „דעם פּאַסיקן טאָן" און אויך „דעם גאָלדענעם מיטן".

אויף דעם לעצטן שול־צוזאַמענפאָר, סוף אַפּריל, 1946, האָט די דיסקוסיע זיך פאַרענדיקט מיט דעם, וואָס די פּראָגראַם פון די אַרבעטער־רינג שולן איז פון נאַציאָנאַל־יידישן שטאַנדפּונקט פאַרגרע־סערט און פאַרשטאַרקט געוואָרן. אין אַ גאָר גרויסער מאָס האָט מען

געגומען אין אַכט די נייע תנאים פון יידישן לעבן דאָ אין לאַנד און די געפילן פון די יידישע מאַסן.

צען יאָר איז נ. כאַנין דער בילדונגס־דירעקטאָר פון אַרבעטער־רינג. ווי שוין אָנגעוויזן, זיינען דאָס געווען צען גורלדיקע יאָרן אין יידישן לעבן. ממילא אויך צען שווערע יאָרן אין דער עקזיסטענץ פון די שולן. עס זיינען געווען מאָמענטן פון באַרג־אַרויף און מאָמענטן פון באַרג־אַראָפּ. עס האָבן צייטנווייז געווירקט כוחות, איבער וועלכע אַ כלל האָט אָפט קיין שליטה ניט, אפשיטא שוין אַ יחיד. דער יסוד פון די שולן איז אָבער פאַרבליבן שטאַרק און פעסט. עס איז תמיד געווען אַ וואַכזאַם אויג, אַ מענטש וואָס האָט זיך קיין מאָל ניט פאַרלאָרן, אַ מענטש פול מיט איניציאַטיוו, מיט ענערגיע, אַ מענטש וואָס שרעקט זיך ניט פאַר קיין נייע סיטואַציעס, אַ מענטש וואָס אָטעמט טאָג־טעגלעך מיט דער יידישער קולטור און אירע פּראָבלעמען, אַ מענטש וועמען די יידישע קולטור איז ליב און טייער — ווייל זי איז אַ טייל פון זיין איך.

נ. כאַנין האָט קיין מאָל ניט געקוקט אויף וועלכער ניט איז דערגרייכונג, ווי אויף זיינעם אַ פּערזענלעכן אויפטו.

מיר הערן אים אָפט ריידן:

„דאָס איז ניט קיין אויפטו פון איין מענטשן, נאָר פון אַ קאָ־לעקטיוו".

„אונזער שול־באַוועגונג איז דאָס קאָלעקטיווע שאַפן פון אַלע די, וועמען די יידישע וועלטלעכע קולטור איז נאָענט, פון אַלע די, וועלכע האָבן אַ טיפן אינטערעס אין דעם, אַז דאָס יידישע פרייע וואָרט זאָל לעבן און אַנטוויקלען זיך, זאָל אויך איבערלאָזן וואָרצלען ביי דער יידישער יוגנט". („אונזער שול", אַפּריל, 1937).

ווען ער האָט גערעדט וועגן פּריצייטיקן טויט פון פ. געליבטערן, האָט נ. כאַנין געזאָגט אויף דעם 10טן שול־צוזאַמענפאָר:

"עס איז אמת, אַז באַוועגונגען עקזיסטירן ניט אַ דאַנק איין מענטשן", „אָבער דאָך לייגט אַוועק די פּירערשאַפט איר שטעמפּל אויף אַ באַוועגונג".

אַוודאי און אַוודאי קענען מיר עס זאָגן וועגן נ. כאַנינען.

עס זיינען פֿאַראַן יחידים מיט אַ קאָלירלאָז לעבן. זיי גייען דורך אומבאַמערקבאַר זייער לעבנס־וועג. זיי זיינען אַזוי ווי אַלע און ציען ניט צו זיך קיין אויפמערקזאַמקייט. פֿאַראַן אָבער אַנדערע אויך. אַ דאַנק זייער כאַראַקטער און פּערזענלעכקייט, אַ דאַנק זייער אינדיווידואַליטעט הויבן זיי זיך אַרויס פֿון דער מאַסע. זיי זיינען אַ סטימול פֿאַר אַנדערע, אַ סטימול צו קעמפֿן, שאַפֿן און בויען.

צו דעם טיפּ געהערט נ. כאַנין.

ישעיה מינקאָוו

# וועגן יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט

בטבע איז כאַנין זייער אַן ענערגישער און אַקטיווער מענטש. זיינע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן כאַפּן אַרום אַ סך צווייגן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. ווען מען קוקט זיך אָבער נעענטער צו, זעט מען, אַז במשך די לעצטע 10 יאָר איז זיין גאַנץ לעבן געווען איינס מיטן לעבן פון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט.

דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט איז אויפגעקומען גלייך נאָך דעם, ווי היטלער האָט זיך באַוויזן. געקומען איז דער אַרבעטער־קאָ־מיטעט צו פאַראייניקן אַלע צווייגן פון דער דעמאָקראַטישער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. דער קאָמיטעט איז געוואָרן די פאַראייניקטע פאַראַנטוואָרטלעכע שטים פון די יידישע אַרבעטער אין אַמעריקע. סיי אונטער דעם פאַרשטאָרבענעם וולאַדעקן, דעם גרינדער און ערשטן פאָרזיצער, און סיי שפּעטער אונטער דער פירערשאַפט פון אַדאָלף העלדן, וולאַדעקס נאָכפאָלגער און איצטיקן פאָרזיצער, האָט זיך די אַרבעט פון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט אומגעהויער פאַנאַנדערגע־וויקלט. ניט בלויז איז די אַרבעט גופא געוואַקסן און געוואָרן אינטענ־סיווער, נאָר דער קאָמיטעט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ צענטראַ־לער אָרגאַניזאַציע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

כאַנינס נאָמען איז געווען פאַרבונדן מיטן יידישן אַרבעטער־קאָ־מיטעט פון דעם סאַמע אָנהויב אָן. דער אמת איז, אַז ער איז געווען איינער פון זיינע גרינדער און איניציאַטאָרן.

ווי באַוואוסט, באַשטייט דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט פון אַלע צווייגן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג — פון דער „פאָר־ווערטס"־אַסאָסיאיישאָן, טרייד־יוניאָנס, דעם אַרבעטער־רינג, דעם יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד און די לינקע פּועלי־ציון. די כוונה פון דער דאָזיקער פאַראייניקונג איז געווען צו באַשאַפן אַן איינציקע

נאַציאָנאַלע רעפּרעזענטאַנץ פון טרייד־יוניאָנס, פון פּראָטערנאַלע און פּאָליטישע צווייגן פון דער אַמעריקאַנער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. דאָס וואָס כאַנין איז געוואָרן אַזוי שטאַרק אידענטיפיצירט מיט אָט דער רעפּרעזענטאַנץ, קען מען פּסיכאָלאָגיש גאַנץ גרינג דערקלערן.

ווי אַ פּערזענלעכקייט, פּאַראייניקט נ. כאַנין אין זיך כמעט אַלע צווייגן פון אָט דער גרויסער יידישער אַרבעטער־משפּחה. אַליין אַן אַרבעטער, דערצויגן אין דער גרויסער טראַדיציע פון דער יידישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד, איז כאַנין אין אַמעריקע דורכגעגאַנגען פאַרשידענע שטאַפּלען פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. זיין טעגלעכע עובדא באַשטייט אין דינען דער גאַנצער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

## אין די טעג פון באָיקאָט קעגן דייטשלאַנד

דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט איז אויפגעקומען צו קעמפן פאַר יידישע רעכט, וואו נאָר זיי זיינען אין סכנה. אין אייראָפּע אַזוי גוט ווי אין אַמעריקע. ווי אַן אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, האָט דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט שטענדיק געהאַלטן, אַז מעשים און פּראַקטישע הילף זיינען פון דער גרעסטער וויכטיקייט אין אָט דעם קאַמף. מחמת דעם האָט דער קאָמיטעט, פון דעם ערשטן טאָג אָן, זיך אָפּגעגעבן מיט קאָנסטרוקטיווע הילף־אַקציעס. דער קאָמיטעט האָט מאַטעריעל געהאָלפן די קרבנות פון פאַשיזם און נאַציזם, און די אונטערערדישע באַוועגונגען אין די לענדער, וואו פאַשיזם און נאַציזם האָבן געהערשט. דער קאָמיטעט האָט נאַטירלעך אויך געהאָלפן דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין פּוילן, וואו ביז מיט אַ זיבן יאָר צוריק האָט עקזיסטירט אַ קעמפערישע פאַרצווייגטע באַוועגונג מיט פּאָליטישע, פּראָפעסיאָנעלע, קולטורעלע און קאָאָפּעראַטיווע אינסטיטוציעס. גלויבנדיק, אַז בלויז אַ שטאַרקע דעמאָקראַטישע און פרייע אַרבעטער־באַוועגונג קען זיך שטעלן קעגן דעם פאַרשפּרייטנדיקן גיפט פון אַנטיסעמיטיזם, האָט דער קאָמיטעט געטאָן אַלץ וואָס נאָר מעגלעך צו שטאַרקן די פּראָגרעסיווע אַרבעטער־כוחות אין זייער קאַמף אויף

לעבן און טויט קעגן דער רעאַקציע אין זייערע אייגענע לענדער און קעגן דעם אימפּאָרטירטן פאַשיזם פון דייטשלאַנד.

פּנים אל פּנים מיט דער גרויסער יידישער טראַגעדיע, וואָס איז אונז באַפאַלן, איז פּיינלעך צו ריידן וועגן דערגרייכונגען. דאָך מוז עס געזאָגט ווערן — ווען די אַליאירטע מלוכות וואָלטן זיך צו־געהערט צו די וואָרנונגען און שטימען פון דער אַלוועלטלעכער פּראָ־גרעסיווער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָלט מען אפשר פאַרמיטן די גאַנצע היטלער־קאַטאַסטראָפע. און זיי, די אַליאירטע, האָבן דאָס געקענט דערגרייכן ווען זיי וואָלטן געשטיצט און געשטאַרקט די דעמאָקראַטישע און די אַרבעטער־באַוועגונגען אין צענטראַל־ און מזרח־אייראָפּע אָנ־שטאָט זיך איינשליסן אין די אייגענע דלד אמות. אָבער זיי זיינען גע־ווען געשלאָגן מיט בלינדקייט. אַפילו נאָכדעם ווי היטלער איז שוין געקומען צו דער מאַכט, איז נאָך אַלץ ניט געווען צו שפּעט. היטלער־דייטשלאַנד האָט מען געקענט אַרומנעמען מיט אַן אייזערנעם רינג. עקאָנאָמישער באָיקאָט און פּאָליטישע איזאָלאַציע וואָלטן צעשמעטערט די גאַנצע דייטשישע מאַשין. צום אומגליק אָבער האָבן די איי־ראָפּעאישע און די אַמעריקאַנער מלוכות געפירט געשעפטן מיט היטלערן, און שפּעטער זיך באַמיט צו באַפרידיקן זיינע חיהשע אַפּעטיטן. און דאָס האָט אומפאַרמיידלעך געפירט צום גרויסן אומגליק, וואָס איז אונז אַלעמען באַפאַלן.

דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט, צוזאַמען מיט דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר — דעמאָלט די איינציקע רעפּרעזענטאַטיווע אַרבעטער־קערפּערשאַפט אין אַמעריקע — האָט פּראָקלאַמירט אַ באָיקאָט קעגן דייטשע סחורות און דייטשער באַדינונג (ווי טראַנספּאָרט, שיפן אאַז״וו). דער דאָזיקער באָיקאָט־רוף איז גע־קומען אויך פון אַנדערע קערפּערשאַפטן, ווי דער אַמעריקאַנער יידישער קאָנגרעס און די יידישע מלחמה־וועטעראַנען. אין יאָר 1936 האָט דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט, צוזאַמען מיט דעם אַמעריקאַנער יידישן קאָנגרעס, געגרינדעט דעם „פאַראייניקטן באָיקאָט־קאָונסל״ („דזשאָינט באָיקאָט־קאָונסל״), וואָס האָט אויף אַ גאָר שאַרפן אופן פאַנאַנדערגע־וויקלט די באָיקאָט־טעטיקייט קעגן דייטשלאַנד.

אַן אינטערעסאַנטע אילוסטראַציע ווי אַזוי דער יידישער אַר־בעטער־קאָמיטעט האָט געזוכט צו מאָביליזירן קעגן נאַציזם אַלע דע־מאָקראַטישע כּוחות קען דינען דער אַלוועלטלעכער אַרבעטער־אַטלעטן־קאַרנאַוואַל, וואָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1936 אויף רענדלס איי־לאַנד אין ניו־יאָרק. און פאָרגעקומען איז ער אין דער זעלביקער צייט, ווען אין בערלין האָט היטלער דורכגעפירט די אָלימפּישע שפּילן, אין וועלכע, צום גרויס באַדויערן, עס האָבן אָנטייל גענומען אַטלעטן־פאָרשטייער פון די דעמאָקראַטישע לענדער. דער אַלוועלטלעכער אַר־בעטער־אַטלעטן־קאַרנאַוואַל אין ניו־יאָרק איז דורכגעגאַנגען מיט אַ גוואַלטיקן דערפאָלג. דער דערפאָלג האָט זיך אויסגעדריקט מער אין דעם, וואָס די גאַנצע געזעלשאַפטלעכע מיינונג פון דער ספּאָרט־וועלט אין אַמעריקע איז מאָביליזירט געוואָרן, ווי אַ טייל פון דער גרויסער באָיקאָט־באַוועגונג קעגן היטלערס אָלימפּיאַדע בפרט און קעגן נאַציזם בכלל.

## דער קאָמיטעט ווערט אַ מאַסן־אָרגאַניזאַציע

אויף אַ נאַטירלעכן אופן האָט זיך דער יידישער אַרבעטער־קאָ־מיטעט פאַרוואָרצלט אין דער אַמעריקאַנער יידישער ווירקלעכקייט. אויף אַ נאַטירלעכן אופן איז ער אויך געוואָרן אַלץ מער און מער אַ מאַסן־אָרגאַניזאַציע. לכתחילה איז דער קאָמיטעט אויפגעקומען, ווי אַ פאַראייניקונג פון אָרגאַניזאַציעס. אָבער דער אָפּרוף פון די יידישע אַרבעטער אויף אַלץ, וואָס דער אַרבעטער־קאָמיטעט האָט זיך אונ־טערגענומען דורכצופירן, האָט אים פאַרוואַנדלט אין אַ נאַציאָנאַלן כּוח, אין אַ נאַציאָנאַלער קערפּערשאַפט מיט צווייגן איבערן לאַנד. געוואָרן איז דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט אַ מאַסן־אָרגאַניזאַציע אַ דאַנק כאַנינס דירעקטער השגחה. אין יאָר 1937 איז ער געוואָרן דער פאָרזיצער פון דער „אויסער־שטאָט" אָפּטיילונג. אָט־די מאַסן־טעטיקייט כאַנינס האָט געפירט דערצו, אַז מען זאָל אים אויסקלייבן פאַרן פאָר־זיצער פון דעם אַדמיניסטראַטיוון קאָמיטעט, וואָס האָט איבערגענומען די סאַמע וויכטיקסטע פונקציע אין דורכפירן די טאָג־טעגלעכע אַרבעט פון אַלע אָפּטיילונגען און צווייגן אין דעם אַרבעטער־קאָמיטעט אויף אַלע געביטן, וואו דער קאָמיטעט איז נאָר טעטיק.

## אַן אומאָפּהענגיקע אַרבעטער־אינסטאַנץ

איינער פון די וויכטיקסטע פּרינציפּן, וואָס אויף אים איז לכתחילה געבויט געוואָרן דער גאַנצער קאָמיטעט, איז באַשטאַנען אין דעם, אַז מען זאָל צונויפשטעלן אַלע עלעמענטן פון דער דעמאָקראַטישער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. די כוונה דערביי איז געווען, אַז דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט זאָל ווערן אַ פולשטענדיק אומאָפּהענגיקע אַרבעטער־אינסטאַנץ, און אַז דער קאָמיטעט זאָל קענען האַנדלען אומ־אָפּהענגיק און פריי סיי אין יידישע און סיי אין אַרבעטער־ענינים.

עס זיינען דאָ אויך געווען פּאַרוויקלט ריין־פּראַקטישע צילן. נע־מענדיק אין אַכט, אַז די אַלגעמיינע אַרבעטער־באַוועגונג איז אַ שטאַר־קער כוח ביי אונז אין לאַנד, וואָס איז אויף לעבן און טויט פאַראינ־טערעסירט אין דעם קאַמף קעגן נאַציזם און פאַשיזם, האָט דער יידי־שער אַרבעטער־קאָמיטעט פאַרשטאַנען, אַז נאָר ווי אַן אומאָפּהענגיקע און פאַראייניקטע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, קען ער אין דער אַלגעמיי־נער אַרבעטער־באַוועגונג הייבן דעם אינטערעס פאַר יידישע רעכט, וואָס זיינען שטענדיק אין סכנה, באַזונדערס זינט היטלער איז געקו־מען צו דער מאַכט. האָבנדיק אָט די פּראַקטישע צילן אין זינען, איז אומאָפּהענגיקייט פון דעם פאַראייניקטן יידישן סעקטאָר אין דער אַל־געמיינער אַרבעטער־באַוועגונג געווען אַ מוז־זאַך. די פראַגע איז אויפ־געשוואומען צי קען דער אַרבעטער־קאָמיטעט דערגרייכן די דאָזיקע אומאָפּהענגיקייט.

די ערשטע פּראָבע איז אויפגעשוואומען ביים סאַמע אָנהויב. שוין ביי דער גרינדונג־פאַרזאַמלונג זיינען די רעכטע פּועלי־ציון באַשטאַנען אויף דעם, אַז זיי זאָלן איינצייטיק קאָנען געהערן אי צום יידישן אַר־בעטער־קאָמיטעט, אי צום אַמעריקאַנער יידישן קאָנגרעס, אין וועלכן זיי זיינען נאָך פון פריער געווען אָנגעשלאָסן. דער קאַמף מיט די רעכ־טע פּ.צ. איז ניט געפירט געוואָרן אויפן באָדן פון ציוניזם אָדער ניט־ציו־ניזם, נאָר וועגן ווערן אַ פאַראייניקטער אומאָפּהענגיקער כוח, וואָס זאָל ווירקן אין דער אַלגעמיינער אַרבעטער־באַוועגונג. און אַזוי ווי דאָס איז

געוועזן דער סאַמע תוך, האָט דער קאָמיטעט נאַטירלעך געפירט דעם קאַמף קעגן די רעכטע פועלי־ציון אויף די ליניעס פון אַרבעטער־אייניקייט. דער אַרבעטער־קאָמיטעט האָט ניט בלויז מאָראַליש, נאָר אויך רייך־פּראַקטיש ניט געקענט אַנדערש פירן דעם קאַמף. אין דעם קאָמיטעט האָבן זיך געפונען ציוניסטן, ניט־ציוניסטן און אַנטי־ציוניסטן. די גרינדונג־פאַרזאַמלונג האָט געהאַלטן ראשית־כל, אַז דאָס איז גאָר אַ פראַגע פון לאָיאַליטעט. פון דער צווייטער זייט, האָט זי געהאַלטן, קען קיין שום אָרגאַניזאַציע ניט געהערן, אין איין און דער זעלביקער צייט, צו צוויי רעפּרעזענטאַטיווע קערפּערשאַפטן, וואָס וועלן ריידן אין נאָמען פון יידישן אַרבעטער־קלאַס אין אַמעריקע. אַלץ וואָס אַזאַ צווייאיקייט וואָלט פאַראורזאַכט, וואָלט געווען — כאַאָס. אַ ניט־קאָנסאָלידירטע יידישע אַרבעטער־קערפּערשאַפט וואָלט אין אַזאַ כאַאָס פאַרלאָרן איר כוח. די רעכטע פועלי־ציון האָבן פאַרלאָזט די גרינדונג־פאַרזאַמלונג. אָבער אַ סך ציוניסטן, וועלכע האָבן אָנטייל גענומען אין דער פאַר־זאַמלונג, ווי פאָרשטייער פון טרייד־יוניאָנס און פראַטערנאַלע אָרגאַ־ניזאַציעס, זיינען געבליבן. געבליבן זיינען אויך די לינקע פועלי־ציון, וועלכע האָבן פון דעם סאַמע אָנהויב אָן זיך באַטייליקט אין אַלע אַרבעטן פון דער אָרגאַניזאַציע.

די צווייטע פראַגע איז געקומען מיט יאָרן שפּעטער, ווען די יידישע קאָמוניסטן האָבן געגרינדעט דעם יידישן פאָלקס־קאָמיטעט (פאַרלויפער פון דעם טרייד־יוניאָן קאָמיטעט פאַר יידישער אייני־קייט און פון דעם איצטיקן אַמעריקאַנער יידישן אַרבעטער־קאָונסל). די „פאָריערס״־יוניאָן וואָס האָט אָנטיילגענומען אין גרינדן דעם יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט, האָט ביים אויפקום פון דעם קאָמוניסטישן פאָלקס־קאָמיטעט געמוזט באַשליסן צי זי בלייבט לאָיאַל צום יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט און זאָגט זיך אָפּ צו געהערן צו אַ צווייטער אָרגאַניזאַציע, וואָס וועט וועלן ריידן אין נאָמען פון דער גאַנצער יידישער אַרבע־טערשאַפט. און כדי ניט צו ווערן אויסגעשלאָסן פון דעם יידישן אַרבע־טער־קאָמיטעט האָט די קאָמוניסטיש־דאָמינירטע „פאָריער״־יו־ניאָן זיך צוריקגעצויגן פון דעם יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט. און זינט דעמאָלט האָבן קאָמוניסטן קיינמאָל מער ניט פּרובירט אַריינצודרינגען אין דעם אַרבעטער־קאָמיטעט.

## מיט אַנדערע ניט־אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס

דער פּרינציפּ פון אומאָפּהענגיקייט האָט ניט געמיינט, אַז דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט האָט געוואָלט פאַרבלייבן איזאָלירט. פאַרקערט, דער קאָמיטעט האָט זיך קיינמאָל ניט אָפּגעזאָגט צו גיין האַנט אין האַנט מיט אַנדערע יידישע קערפּערשאַפטן, ווען עס האָט זיך נאָר געהאַנדלט מכוח באַפעסטיקן יידישע פּאָזיציעס אין אַמע־ריקע און אין אויסלאַנד. ווי מיר האָבן פריער דערמאָנט, האָט דער אַרבעטער־קאָמיטעט זיך פאַראייניקט מיטן אַמעריקאַנער יידישן קאָנ־גרעס אין יאָר 1936 בעת עס האָט זיך געהאַנדלט אין שאַפן אַ פאַר־אייניקטן באָיקאָט־קאָונסל. אין יאָר 1938 האָט דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט געהאָלפן אָרגאַניזירן דעם „דזשענעראַל דזשויש קאָונסל" אויף דער איניציאַטיוו פון די יידישע קהילות איבערן לאַנד. לכתחילה איז דער „דזשענעראַל דזשויש קאָונסל" באַשטאַנען פון די „פיר גרויסע", ווי מען האָט עס גערופן אין די יידישע קרייזן. געמיינט האָט עס: „די אַמעריקען דזשויש קאָמיטי", די בני ברית (און איר אָפּצווייג — די אַנטי־דעפאַמאַציע־ליגע), דער אַמעריקאַנער יידישער קאָנגרעס און דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט. אויפן זעלביקן אופן האָט דער אַרבעטער־קאָמיטעט געהאָלפן אָרגאַניזירן דעם „נעשאַנאַל קאָמיוניטי רילייישאַן עדווייזאָרי קאָונסל" לויט דער איניציאַטיוו פון יידישע קהילות אין אַמעריקע. דאָס איז איצט די קאָאָרדינירנדיקע אינסטאַנץ, וואָס פאָרמולירט און פירט דורך די פּאָליטיק מכוח פאַרטיידיקן יידישע רעכט און שאַפן בעסערע צווישן־גרופּן־באַציאונגען אין אַמעריקע. די דאָזיקע אינסטאַנץ קאָאָרדינירט די אַרבעט פון זעקס נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס, אַריינגערעכנט דעם יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט, און 21 לאָקאַלע קהילות.

דעם בעסטן ביישפּיל, ווי אַזוי דער יידישער אַרבעטער־קאָמי־טעט האַלט איין זיין אומאָפּהענגיקייט בשעת ער קאָאָפּערירט מיט אַנ־דערע קערפּערשאַפטן, האָט מען געקענט זען אין די טעג, ווען עס איז אויפגעקומען „די אַמעריקאַנער יידישע קאָנפערענץ". אין דעם יידישן

אַרבעטער־קאָמיטעט גופא זיינען געווען חלוקי־דעות מכוח דעם צי דער אַרבעטער־קאָמיטעט דאַרף גיין צו דער קאָנפערענץ.

דער אַרבעטער־קאָמיטעט האָט זייער גוט געוואוסט, אַז „די אַמע־ריקאַנער יידישע קאָנפערענץ" האָט געוואָלט אויסנוצן אַ פּאַראייניקונג פון אַלע יידישע קערפּערשאַפטן פאַר די ציוניסטישע פאָדערונגען פון אַ יידישער קאָמאָנוועלט. דאָך איז דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט געגאַנגען צו דער קאָנפערענץ. ער האָט ניט גענומען קיין שום שטע־לונג פאַר אָדער קעגן פּאַלעסטינע. וויסנדיק, אַז אין דעם צוזאַמענשטעל פון דעם אַרבעטער־קאָמיטעט געפינען זיך אָרגאַניזאַציעס ווי אויך יחידים, וואָס זיינען אויסגעשפּראָכן אַנטי־ציוניסטיש, האָט דער קאָ־מיטעט ניט געוואָלט צולאָזן, אַז אַ דרויסנדיקע אָרגאַניזאַציע אָדער גרופּע זאָל אויף אים אַרויפצווינגען בעצם אַנדערע אידעאָלאָגיעס. אָבער מחמת דער האָפענונג, אַז מיט פּאַראייניקטע כוחות וועט מען קענען אַ סך אויפטאָן פאַר אונזערע ברידער אין דעם היטלעריסטישן גיהנום, איז דער קאָמיטעט איינגעגאַנגען צו קומען צו דער קאָנפערענץ. דער אַרבעטער־קאָמיטעט האָט זיך ניט געמישט אין דער פראַגע פון אַ יידישער קאָמאָנוועלט. ער האָט אָבער קלאָר און דייטלעך אַרויסגע־בראַכט זיין שטעלונג וועגן אַ פרייער יידישער עמיגראַציע קיין פּאַ־לעסטינע. ער האָט אויך פאָרגעלייגט דער קאָנפערענץ אַן אויספירלע־כע פּראָגראַם פון טעטיקייטן פאַר אונזערע ברידער אין אייראָפּע.

ג. כאָטש ס'האָט גאָר אַ סך בייגעטראָגן צו שאַפן אָט־די באַשלוסן, צו באַשטימען יעדן טראָט און בכלל צו קאָאָפּערירן מיט אַלע ניט־אַרבעטער־קערפּערשאַפטן, און דאָך בלייבן אומאָפּהענגיק, ניט צו פאַר־לירן דעם אייגענעם פּנים.

עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז בעת די שרעקלעכע מלחמה־יאָרן האָט דער אַרבעטער־קאָמיטעט ניט בלויז געאַרבעט האַנט אין האַנט מיט אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, נאָר האָט זייער אָפט גענומען אויף זיך די איניציאַטיוו צו פאַראייניקן פאַרשידענע גרופּעס, צוזאַמען מאָ־ביליזירן אַלע אונזערע קוואַלן — געלט און ענערגיע — כדי צו ראַ־טעווען וואָס עס לאָזט זיך נאָר ראַטעווען.

ווען מיר ציילן איצט אונזערע קדושים אין די מיליאָנען, ווען דאָס יידישע לעבן איז מערדערלעך פאַרשניטן געוואָרן, איז ניט שייך

צו ריידן וועגן דערגרייכונגען, וועגן אויפטואונגען. פאַרקערט, אַלע יידן אין אַמעריקע — יחידים אַזוי גוט ווי קאָלעקטיוון — טראָגן און דאַרפן טראָגן אין די טיפענישן פון זייערע הערצער אַן אומגעהויער־פיינלעך געפיל פון שולד מחמת דעם וואָס מ׳האָט דאָ אַזוי ווייניק געטאָן, אַזוי ווייניק זיך אָנגעשטרענגט צו ראַטעווען אויב מען האָט עס בכלל געקאָנט טאָן. דאָך, די פּראָטאָקאָלן פון דעם יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט וועלן אויפווייזן, אַז דער קאָמיטעט גופא האָט ניט געזשאַלעוועט קיין מי און כוחות צו געפינען פאַרשידענע וועגן, שטעגן, שפּאַרונעס און לעכער, דורך וועלכע מען זאָל קענען ראַטעווען, וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט ראַטעווען. אויף פאַרשידענע אופנים האָט מען צוגעשטעלט הילף אין געטאָ. און צו אונזער גרויסן אומגליק האָט די הילף געקענט זיין על־פּי־רוב אַ פינאַנציעלע, און אויך דאָס האָט גע־מוזט דורכגיין די פינצטערנישן פון זייער שמאָלע און פאַרקאָנספּי־רירטע קאַנאַלן און קאַנאַלעכלעך. איצט געפינען מיר אויס, אַז פאַר אונזערע העלדישע מאַרטירער איז אונזער הילף געווען פון גאָר גרויסער באַדייטונג. דאָס האָט זיי געגעבן ניט בלויז ממשותדיקע הילף, נאָר נאָך מער — געהאָלפן פאַרשטאַרקן זייער מאָראַלישן כוח.

אין די פעדים, וואָס זיינען געוואָן דורכגעוועבט דורך די אַלע אויפטואונגען, איז געלעגן דער גלויבן און די כוחות פון דעם אומ־דערמידלעכן כאַנינען. ווי דער פאָרזיצער פון דעם אַדמיניסטראַטיוון קאָמיטעט, איז ער געשטאַנען ביי די סאַמע ערשטע קוואַלן און פון דאָרט האָט זיך פאַרשפּרייט דער אָטעם פון זיין מסירת־נפש, פון זיין פאַנאַנדערבינדן דעם שווערסטן פּלאָנטער און פון זיין באַדאַכטקייט אין שעהן פון גרעסטע אָנשטרענגונגען און אויפרעגונגען.

## רעטונגס־אַרבעט

די רעטונגס־אַרבעט פון דעם יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט איז אַ וויכטיקער קאַפּיטל פאַר זיך. אין יעדן פאַל פון דער דאָזיקער אַרבעט האָט זיך געפילט כאַנינס אַנטשלאָסנקייט און אימפּעט, געטריבן פון אַ מין אָנגעגליטן מאָראַלישן אימפּעראַטיוו. טויזנטער אינטעלעקטואַלן, קינסטלער, רעוואָלוציאָנערע קעמפער, דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פי־

רער זיינען מיט גוואַלד אַרויסגעריסן געוואָרן פון די טויטלעכע נעגל פון די נאַציסטישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, גאַז־קאַמערן און קרע־מאַטאָריעס. אָט־אָ־די אַרבעט, וואָס האָט דערגרייכט איר גרעסטן אימפּעט אין די יאָרן 1940 און 1941, איז געווען פול מיט דער גע־שפּאַנטער ענערגיע פון כאַנינען. די גראַטעוועטע וועלכע מען האָט על־פּי רוב אַריבערגעבראַכט קיין אַמעריקע, זיינען געווען פאַרדינסט־פולע קעמפער, טוער און פירער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבע־טער־באַוועגונג. צווישן זיי האָבן זיך געפונען חשובסטע פערזענלעכ־קייטן פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן און לענדער, וואָס זיינען געלעגן אונ־טער דעם נאַצישן יאָך.

די זעלביקע פיבערהאַפטיקע אַרבעט האָט געראַטעוועט הונדער־טער יידישע אַרבעטער־פירער פון פוילן. זיי האָבן זיך, ווי אַ פּועל־יוצא פון דעם היטלער־סטאַלין אָפּמאַך, געפונען אין אַ געפערלעכער פאַסט־קע. נאָך דעם שענדלעכן פאַקט זיינען זיי געווען ווי געפאַנגענע צווישן די צוויי אַרמייען: פון מערב האָט זיך גערוקט די היטלעריסטישע אַרמיי, און פון מזרח — די רויטע אַרמיי. אויף אַ ריי יידישע אַרבעטער־פירער, וועלכע האָבן אויסגעמיטן די האַנט פון דער געסטאַפּאָ, האָט אַרויפגעלייגט די האַנט די נ.ק.וו.ד. די רעטונגס־האַנט פון דעם יידישן אַרבעטער אין אַמעריקע האָט זיך אויסגעשטרעקט צו אָט די פאַר־פאָלגטע. ווען ניט די געוואַגטקייט פון דעם אַרבעטער־קאָמיטעט, ווער ווייס צי אַ סך פון זיי וואָלטן ניט געטיילט דעם זעלביקן גורל פון די איידעלע „בונד“־פירער הענריק ערליך און וויקטאָר אַלטער.

די „אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר“ האָט מיט אַן אומבאַ־שרייבלעכער גרייטקייט געשטיצט אַלע באַמיאונגען פון דעם יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט, און די אַמעריקאַנער רעגירונג האָט דורך איר סטייט־דעפּאַרטמענט אַרויסגעגעבן ספּעציעלע רעטונגס־וויזעס פאַר די פויליש־יידישע אַרבעטער־פירער, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דער גרעסטער סכנה.

אַגב, די „אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר“ האָט אומגלויב־לעך פיל אויפגעטאָן אין פּרט פון ברענגען הילף און רעטונג פאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג אין איראָפּע.

די גאַנצע רעטונגס־אַרבעט, וואָס דער קאָמיטעט האָט זיך אונ־טערגענומען דורכצופירן, איז געווען זייער אַ שווערע אונטערנעמונג. עס איז תמיד געווען אַ פראַגע צו פאַרלויפן דעם וועג אַלע פלוצלונג אויפקומענדיקע שוועריקייטן, שטענדיק האָט מען געדאַרפט זיך איילן אויף אַ משוגענעם אופן צו געווינען צייט, בייצוקומען די מאָדנעסטע שטרויכלונגען, סיי דאָ אין אַמעריקע און סיי אין אייראָפּע. פאַקטיש האָט זיך די אַרבעט אויסגעשפּרייט איבער לענדער און קאָנטינענטן — ליטע, לאַטוויע, שוועדן, יאַפּאַן, כינע, פראַנקרייך, בעלגיע, פּאָר־טוגאַל, שפּאַניע, ענגלאַנד אאַז״וו.

ניט בלויז אין ניו־יאָרק האָט מען געדאַרפט אויפנעמען די גע־ראַטעוועטע, נאָר אויך ביים פּאַסיפישן ברעג, אין סאַן־פראַנציסקאָ און אין סיאַטל. מען וואָלט געקענט בלי־גוזמא שרייבן גאַנצע ביכער מכוח די שוועריקייטן, וואָס יעדער איינער האָט געדאַרפט בייקומען איידער ער האָט דערגרייכט אונזערע ברעגן.

די דאָזיקע רעטונגס־אַרבעט האָט געפאָדערט גרויסע פינאַנ־ציעלע קוואַלן. דער אַרבעטער־קאָמיטעט האָט מאָביליזירט אַלץ און אַלעמען: אַלע צווייגן פון אַרבעטער־קאָמיטעט איבערן לאַנד, די טרייד־יוניאָנס, דעם אַרבעטער־רינג, די „פאָרווערטס״־אַסאָסיאיישאָן. זיי אַלע האָבן מיט אָפענע הערצער און מיט אַ ברייטער האַנט גע־שטיצט די רעטונגס־אַרבעט פון דעם אַרבעטער־קאָמיטעט. דער דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטעט האָט אויך געהאָלפן אויף אַן אומגעהויערן אופן דעם אַרבעטער־קאָמיטעט אין זיין אַרבעט. דאָס זעלביקע האַיאַס. און ווען די געראַטעוועטע זיינען שוין אַהער אָנגעקומען האָבן מיטן אַר־בעטער־קאָמיטעט קאָאָפּערירט אויף אַ גאָר פיינעם שטייגער „די נעשאַ־נאַל רעפיודזשי סורווויס״ און „די אַמעריקען קריסטשיען קאָמיטי פאָר רעפיודזשיס״.

מען האָט געדאַרפט באַזיצן וויזיע, פאַנטאַזיע און געוואַגטקייט, כדי אונטערצונעמען אַזאַ ברייט־פאַנאַנדערגעוויקלטע רעטונגס־אַר־בעט. באַכמער, עס איז ניט געווען גענוג צו פאַרטראַכטן די דאָזיקע ממש שטוינענדיקע פּלענער. מען האָט זיי געדאַרפט דורכפירן. מען האָט געדאַרפט באַזיצן עקשנות און אויסדויער צו פאַרענדיקן די אַר־בעט ביזן סוף.

דער אינספּירירנדיקער גייסט, וואָס האָט אַלעמען אָנגעשטעקט מיט זיין וויזיע, און מיט זיין אימפּעט, איז געווען כאַנין. ער האָט אָנגעשטעקט דעם גאַנצן פּערסאָנאַל פון אַרבעטער־קאָמיטעט מיט אַ מין אימפּעטיקער ענערגיע, וואָס האָט יעדן איינעם געיאָגט צו טאָן מער און מער אַרבעט, ניט צו זשאַלעווען אייגענע כוחות און אַרויסווייזן אמתן מסירת־נפש אַפילו אין די קלענסטע טואונגען.

## דער פּאָליטישער מאָמענט אין דער רעטונגס־אַרבעט

די דאָזיקע רעטונגס־אַרבעט איז בלי שום ספק געווען פון דער גרעסטער וויכטיקייט אין פּרט פון פּשוט ראַטעווען מענטשן, דאָס מיינט — דער הומאַניטאַרער עלעמענט איז דאָ געווען דער דאָמינירנדיקער. אָבער די דאָזיקע רעטונגס־אַרבעט האָט אויך געהאַט אַן אַנדער מאָמענט: אַ ריין־פּאָליטישן. צו ראַטעווען פירנדיקע פּערזענלעכקייטן פון דער אייראָפּעאישער אַרבעטער־באַוועגונג, האָט אויך געמיינט צו ראַטעווען אַ רעזערוואואַר פירער פאַר די פרייע אַרבעטער־באַוועגונגען, וואָס אָן זיי קען קיין שום אייראָפּעאיש לאַנד ניט אויפבויען צוריק זיין נאַציאָנאַלן לעבן אויף פרייהייטלעכע דעמאָקראַטישע יסודות.

דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט האָט עס שטענדיק געהאַט אין זינען. ער האָט שטענדיק פאָראויסגעזען דעם טאָג, ווען די דאָזיקע געראַטעוועטע אַרבעטער־פירער וועלן זיך אומקערן אין זייערע חרובע לענדער און זיך שטעלן אין דער ערשטער ריי ביים אויפבויען צוריק די דעמאָקראַטישע פּאָזיציעס פון אַ פרייען אַרבעטער־קלאַס. דער אַרבעטער־קאָמיטעט האָט שטענדיק אָנגעהאַלטן דעם קאָנטאַקט מיט די פּליטים־אַרבעטער־פירער, געגעבן זיי הילף פאַר דער רעזיסטאַנץ־באַוועגונגען פון זייערע לענדער, וואָס זיינען דעמאָלט געווען פאַרנומען פון דעם נאַצי־שונא. און געהאָלפן האָט דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט די אונטערערדישע באַוועגונגען מחמת אַ פּשוטן טעם: ער האָט געגלויבט באמונה שלמה, אַז די רעזיסטאַנץ־באַוועגונגען זיינען אַ שטאַרק געווער קעגן דעם שונא, זיינען אַ דירעקטע הילף פאַר די אַרמייען פון די דעמאָקראַטישע לענדער.

דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט האָט געהאָלפן אָרגאַניזירן אַן אומאָפיציעלן ראַט מיט פאָרשטייער פון די אַלע אונטערערדישע אַרבעטער־באַוועגונגען אין אייראָפּע, כדי מיט זייער הילף ברענגען וואָס מער שטיצע די דאָזיקע באַוועגונגען. דעם אמת קען מען איצט אויסזאָגן, אַז דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט האָט געדינט ווי אַ פאַרבינדונגס־רינג צווישן די אייראָפּעאישע אונטערערדישע באַוועגונגען און די אַלגעמיינע אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג. די ביידע פליגלען פון אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג — די אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר און די סי.אַי.אָ. — האָבן אויף אַ זייער אַקטיוון אופן קאָאָפּערירט מיטן אומאָפיציעלן קאָונסל. און דורך די דאָזיקע פאָרשטייער פונם קאָונסל האָט די אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג געהאָלפן אַלע אונטערערדישע באַוועגונגען אין די אייראָפּעאישע לענדער. עס זיינען אויפגעקומען ספּעציעלע רעליף־פּראָיעקטן און די אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג האָט זיך באַשטייערט מיט גרויסע סומעס פאַר אָט די צוועקן.

נאָך דער באַפרייאונג פון אייראָפּע האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די האָפענונגען פון דעם אַרבעטער־קאָמיטעט זיינען מקוים געוואָרן. אַ סך פּאָליטישע פּליטים האָבן זיך אומגעקערט אין זייערע לענדער צו פאַרנעמען אַנפירנדיקע פּאָזיציעס אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. אַ סך פון זיי געפינען זיך אויף פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס אין די רעגירונגען פון זייערע לענדער. עס פאַרשטייט זיך, אַז דאָס באַציט זיך אויף יענע לענדער, וואו די אַרבעטער־באַוועגונג קען פריי אָטעמען. דער אַרבעטער־קאָמיטעט האַלט נאָך איצט אָן דעם קאָנטאַקט מיט די פירערשאַפטן פון די פרייע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און די פּאָליטישע אַרבעטער־פּאַרטייען. זיי קאָאָפּערירן מיטן יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט מכוח ענינים, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט וויטערדיקע אַרבעטן.

## כאַנין אין אייראָפּע

ווען די זיגרייכע אַרמייען פון די דעמאָקראַטישע לענדער האָבן באַפרייט פראַנקרייך און זיינען אַריינגעדרונגען אין דייטשלאַנד, האָט דער אַרבעטער־קאָמיטעט אָנגעהויבן צוצוגרייטן פּלענער ווי אַזוי צו

העלפן, אויפן שנעלסטן און עפעקטיווסטן אופן, די שארית־הפליטה פון אונזער פאָלק אין אייראָפּע. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן העלפן לעבן־געבליבענע יידן קומען צו זיך און וועגן ווידער־אויפבויען יידישע אַרבעטער־ און קולטור־אינסטיטוציעס. כדי צו וויסן גענוי וואָס מען באַדאַרף אַלץ טאָן, האָט מען געמוזט זיין אין אייראָפּע. מחמת ריין מאָראַלישע צוועקן איז עס אויך נויטיק געווען צו שיקן צו די שאַרית־הפליטה אַ שליח, וואָס זאָל זיי ברענגען די ערשטע הילף פון דעם אַרבעטער־קאָמיטעט און זיי פאַרזיכערן, אַז הינטער זיי שטייט אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס וועט זיי מיט אַלץ העלפן אָנצוהויבן צוריק אַ פּראָדוקטיוו לעבן פון פרייע מענטשן. דערמיט האָט מען געדאַרפט הייבן ניט בלויז זייער מאָראַל, נאָר אויך שטאַרקן זייער ווירדע־געפיל ווי יידן, ניט געקוקט אויף דעם גאַנצן שוידערלעכן קאָשמאַר, וואָס זיי זיינען דורכגעגאַנגען, האָבן זיי דאָך געמוזט פונסניי אָנהויבן אַ לעבן.

אַלס דעם ערשטן אַמבאַסאַדאָר צו די שארית־הפליטה האָט דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט אויסגעקליבן כאַנינען. אַזויערנאָך איז כאַנינען אויסגעקומען צו זיין ניט בלויז אַן עדות בעת אונזערע ברידער האָבן געשטעלט די ערשטע טריט אויפן וועג ווידער־אויפצובויען זייער חרוב לעבן, נאָר ער האָט זיי געהאָלפן צו שטעלן די ערשטע טריט. ווי דער שליח פון קאָמיטעט האָט כאַנין געהאָלפן מיט אַ גרייטער האַנט — יידישע אַרבעטער, יידישע בעלי־מלאכות, יידישע פאָלקס־מענטשן און סתם וועמען מען האָט נאָר געקענט העלפן. ער האָט אויך געהאָלפן צוריק אויפבויען אַ סך יידישע אַרבעטער־ און קולטור־אינסטיטוציעס. ער האָט אויפן אָרט, צוזאַמען מיט די געליטענע, אויסגעאַרבעט פּלענער פאַר נייע אונטערנעמונגען.

אין פראַנקרייך און אין בעלגיע האָט ער אויפגעשטעלט ביוראָען פונם יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט, כדי צו קאָנען פון אָט די ביוראָען פאַנאַנדערוויקלען פאַרשידענע הילף־טעטיקייטן סיי אין די צוויי דער־מאָנטע לענדער און סיי אין די אַנדערע טיילן פון דער באַפרייטער אייראָפּע. ווען כאַנין האָט זיך אומגעקערט קיין אַמעריקע, האָט מען אַ סך פון זיינע רעקאָמענדאַציעס אָנגענומען און די הצטרכותן פאַר די אַלע נייע טעטיקייטן האָט מען איינגעשלאָסן אין דעם אַלגעמיינעם בודזשעט פון קאָמיטעט.

נאָך כאַנינס באַזוך אין מערב־אייראָפּע, האָט דער אַרבעטער־קאָמיטעט געשיקט אַנדערע שלוחים אין די מזרח־טיילן פון דייטש־לאַנד, עסטרייך, באַרוועגיע, שוועדן און פוילן. דער יידישער אַרבע־טער־קאָמיטעט איז איצט אינגאַנצן פאַרטאָן מיט העלפן דער יידישער אַרבעטערשאַפט איבער גאָר דער וועלט, וואו נאָר יידישע אַרבעטער געפינען זיך און וואו נאָר דער שיקזאַל פאַרוואַרפט זיי.

## קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם

די ביז־איצטיקע קורצע באַמערקונגען וועגן די פאַרשידענע טעטיקייטן פון דעם יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט וועלן ניט געבן דאָס אַלגעמיינע בילד, אויב מען וועט ניט דערמאָנען די אַרבעטן פון דעם יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט אויפן געביט פון באַקעמפן אַנטי־סעמיטיזם דאָ אין לאַנד. מיט דער דאָזיקער אַרבעט פאַרנעמט זיך אַ באַזונדערע אָפּטיילונג פון דעם קאָמיטעט, אונטערן פאָרזיץ פון סאַשאַ צימערמאַן.

דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט גייט אַרויס פון דער הנחה, אַז וואָס שייך דעם קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם און מינאָריטעטן־די־סקרימינאַציעס, מוזן מיר, יידן, באַטראַכטן די אַמעריקאַנער אַרבע־טער־באַוועגונג ווי אונזער נאָענטסטן פריינד און שותף. מחמת דער דאָזיקער איינשטעלונג האָט דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט זיך קאָנצענטרירט אויף אַן אייגנאַרטיקער טעטיקייט אין די גרענעצן פון דער אַלגעמיינער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג. די טעטיקייט באַ־שטייט אין אָרגאַניזירן אין פאַרשידענע שטעט ספּעציעלע אַרבעטער־קאָונסלס, וואָס זאָלן קעמפן פאַר טאָלעראַנץ און פאַר בעסערע באַצי־אונגען צווישן כל־ערליי גרופּעס. די קאָונסלס ווערן אָרגאַניזירט מיט דער דירעקטער קאָאָפּעראַציע פון דער אַמעריקן פעדעריישאָן אָוו לייבאָר און דער סי. אַי. אָ. און די אַרבעט זייערע ווייזט זיך אַרויס צו זיין זייער וואָגיק, און באמת אויפטועריש.

# כאַנינ׳ס דרך

ווי עס איז געווען באַמערקט אין אָנהויב פונם איצטיקן אַר־טיקל, האָט דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט אויפגעטאָן גאָר גרויסע זאַכן זינט ער איז אָרגאַניזירט געוואָרן. געוואָרן איז דער קאָמיטעט אַ וויכטיקע נאַציאָנאַלע קערפּערשאַפט, וואָס זיינע פאַרצווייגטע טעטי־קייטן זיינען באַקאַנט איבער דער גאַנצער וועלט. ניט גרינג איז געווען צוצוקומען צו דער מדרגה, אויף וועלכער עס געפינט זיך איצט דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט. אַ דאַנק אַזעלכע מענטשן ווי כאַנין, וואָס האָבן פאַר דער אָרגאַניזאַציע אַוועקגעגעבן לייב־און־לעבן, איז מעגלעך געוואָרן צו דערגרייכן ממש אוממעגלעכע זאַכן.

כאַנין איז באַקאַנט ווי אַ מענטש פון שטאַרקע און אומקאָמפּראָ־מיסלעכע איבערצייגונגען. און ווען ער זעט אַ זאַך קלאָר און גלויבט אין איר, קען ער פירן אַ קאַמף פאַר דער דאָזיקער זאַך מיט אויסערגעוויינ־לעכער עקשנות. און דאָך איז כאַנינס ראָל אין דעם יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט גאָר אַן אַנדערע. ער וועט ניט איינגיין אויף קיין שום פשרות וואָס שייך זיינע פּאָליטישע איבערצייגונגען אָדער זיין בליק אויפן יידישן לעבן. דאָך, אין דער אַרבעט פונם אַרבעטער־קאָמיטעט גע־לינגט אים שטענדיק צו געפינען אַן אַלגעמיינע פּלאַטפאָרמע, וואָס פאַראייניקט אַלע באַשטאַנדטיילן פון דער יידישער אַרבעטער־באַווע־גונג. כאַנין איז ניט קיין צענטריסט אין זיינע איבערצייגונגען. אָבער אינם אַרבעטער־קאָמיטעט פאַרנעמט ער אַ צענטער־פּאָזיציע, וואָס פאַרבינדט אַלע עלעמענטן פון דער אַרבעטער־משפחה. וואָרעם דער גרעסטער חלום זיינער איז — צו העלפן, צו דינען דער יידישער אַר־בעטערשאַפט, און דורך איר זיין פאָלק, און דורך זיין פאָלק — דער גאַנצער מענטשהייט.

יעקב פּאַט

# מאָמענטן מיט כאַנינען אין יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט

אין יעדן טראָפּן וואַסער איז דער גאַנצער ים. עס איז אָבער גרינגער צו זען דעם טראָפּן וואַסער, ווי דעם גאַנצן ים. דו קענסט אים זען גרינטלעכער, דורך און דורך.

אַ מענטש — אַ מענטש אַ פּערזענלעכקייט, — איז נאָך מער און נאָך געהיימניספולער, ווי דער ים. די חכמים האָבן נאָך געזאָגט, אַז אַ מענטש איז אַ „עולם מלא“, אַ פולע, אַ גאַנצע וועלט. קען מען אָבער ריכטיק דערזען דעם מענטשן, — אָט די פולע וועלט, — אין פּרטים, אין זיינע איינצלנע האַנדלונגען, אין מעשים בכל יום, אין איינצלנע מאָמענטן. שטייט געשריבן אין די אַלטע, גרויסע ספרים, אַז אַ מענטש קען מען דערקענען דורך דריי וועגן — ווען ער נעמט אַ כוסה, ווען ער ווערט אין כעס, ווען ער דערגייט צו כיסו, צו זיין קעשענע. ווען מיר נאָך צוגעבן: אַ מענטש ווערט דערקענט במעשא — דאָס מיינט: דורך זיינע איינצלנע טאַטן, דורך האַנדלונגען.

דער יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט האָט איינגעשלונגען, פאַר־כאַפּט כאַנינען. ער, כאַנין, האָט זיך מיט אים צונויפגעלעבט, ער אָטעמט מיט אים, ער טראַכט וועגן אים, ער פּלאַנעוועט וועגן אים, ער איז אַריינגעטאָן סיי אין דער טאָג־טעגלעכקייט פון יידישן אַרבע־טער־קאָמיטעט, און זיין פּראַקטיק, און סיי אין זיין יום־טובדיקייט — אין זיינע פּלענער און אידייען. דאָס מיינט אין דעם „אין דער וואָכן“ און אין דעם „שבת“ פון דער יידישער אַרבעטער־מאַסע, פון דער יידישער פאָלקס־מאַסע אויף ביידע זייטן פון די ימים.

לאָמיר דעריבער אַרויסכאַפּן איניקע טראָפּנס פון דעם ים, איניקע מאָמענטן פון אַ סך טעג און נעכט, פון אַ סך וואָכן און יאָרן טעטיקייט אין יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט.

זיי וועלן זיין נאָר ביישפּילן.

*
**

## ווען די ערשטע שיפן מיט געראַטעוועטע זיינען געקומען

דאָס איז געווען אין 1940. פּאַריז איז געפאַלן און ווילנע ווערט פאַרנומען דורך דער סאָוועטישער אַרמיי — אויף מערב און אויף מזרח הענגען די גרעסטע געפאַרן פאַר סאָציאַליסטן. עס איז קלאָר, אַז די „געסטאַפּאָ" אויף מערב און די „געפּעאו" אויף מזרח וועלן האַנדלען לגבי סאָציאַליסטישע פירער אויף דעם זעלבן אופן. פרידריך אַדלער אויף מעריב און חבר נח אויף מזרח האָבן צו דערוואַרטן דעם זעלבן ביטערן שיקזאַל. מיר ווייסן דאָך, שוין איצט וואָס די געסטאַפּאָ האָט געטאָן צו הילפערדינגן — אַ קויל אין קאָפּ, מיר ווייסן דאָך שוין איצט, וואָס די געפּעאו האָט געטאָן צו ערליכן — אַ קויל אין קאָפּ. מען מוז זיי ראַטעווען!

צענטליקער, הונדערטער זיינען זיי, די אַרבעטער־טוער, די טרייד־יוניאָן־טוער, די אַנטי־פאַשיסטישע קעמפער, נאָך וועלכע עס יאָגן זיך אום די טאָטאַליטאַרישע שפּיר־הינט. אין דער געגנט פון מאַרסעל און טולוז באַהאַלטן זיי זיך אויס אין דערפער, אין געהיימע דירות, אויף די בערג, אונטער פאַרשטעלטע נעמען. אין דער געגנט פון ווילנע און קאָוונע באַהאַלטן זיי זיך אויס אין פאַרלאָזטע דאַטשעס, באַוואַק־סענע מיט בערד, אין פאַרשטעקטע דירות. מיר זיינען אין אַמעריקע, מיר זיינען אויף דער פריי — מיר מוזן זיי ראַטעווען!

כאַנין האָט געהערט צו יענער קליינער גרופּע מענטשן, וואָס זיינען עלעקטריזירט געוואָרן פון דעם רעטונג־חלום. ער האָט גע־פלאַמט אין גאַנצן. אויף קליינע, געשלאָסענע פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע מען האָט געדאַרפט ריידן וועגן אָט דער רעטונג־אַרבעט אין דער שטיל, די ווענט זאָלן ניט דערהערן, אויף וועלכע מען האָט געמוזט פלאַנעווען אין געהיים — אַ געסטאַפּאָ־אַגענט זאָל ניט, חס ושלום, געוואָר ווערן, אַ קאָמוניסט זאָל ניט דערהערן, — אויף די פאַרזאַמלונגען פלעגט כאַנין אַרויסברענגען מיט אַן אויסערגעוויינ־לעכער התלהבות די נעמען פון די וואָס וואַרטן אויף רעטונג:

— אַדלער . . .
— מאָדיליאַני . . .
— אַבראַמאָוויטש . . .
— דוד איינהאָרן . . .
— בן אדיר . . .
— נח . . .
— הערשל הימלפאַרב . . .
— אַרטור זיגעלבוים . . .
— ז. שניאור . . .

און נאָך נעמען, און נאָך, און נאָך, — פון אַלע לענדער, פון אַלע פעלקער. ער פלעגט זיי אַרויסברענגען ווי אַ חסיד רעדט אַרויס דעם נאָמען פון זיין רבין, וועלכער איז אין סכנה. „ער האָט שוין די וויזע"... „מען האָט שוין אים געפונען אין די פּירענייען"... „מען האָט אים שוין דערגרייכט מיט דער ידיעה אין אַ וואַלד הינטער קאָוונע"... — כאַנין פלעגט אויפנעמען אָט די בשורות מיט דעם גרעסטן ציטער: — גיכער, גיכער, מען זאָל נאָר ניט פאַרשפּעטיקן... — פלעגט ער כסדר יאָגן.

און אָט געדענק איך, ווען מיר זיינען געשטאַנען אין ניו־יאָרקער האַפן און געקוקט, ווי עס פאָרט אַריין די ערשטע שיף פון ליסאַבאָן מיט געראַטעוועטע. די שיף שטייט שוין אין האַפן. מיר ציטערן. מיר ווילן דערזען די ערשטע. זיי באַווייזן זיך —

אַרטור זיגעלבוים, דוד איינהאָרן, רפאל אַבראַמאָוויטש... — כאַנין שטייט אַ פאַרגליווערטער, אַ צוגעשמידטער צום אָרט. איך זע, אַז ער קען ניט אין דעם מאָמענט מאַכן קיין טריט פאָראויס: זיין פנים שיינט. אַ גרויסע, אַ טיפע איבערלעבונג נעמט אים דורך.

עס איז אַ וויטער וועג — אָט דער וועג פון אָרעמען שטעטל, וואו ער איז אַרומגעלאָפן אַלס אָרעמער ייִנגל, דער וועג איבער מינסק, איבער רוסלאַנדס ערשטע רעוואָלוציע, איבער טורמעס, סיביר, דער וועג דורכן „בונד", ביז — אַמעריקע, ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה, ביז דער שיף פון ליסאַבאָן מיט די געראַטעוועטע פון אייראָפּע, וועלכע כאַנין איז איצט מקבל פנים אַלס שליח־צבור פון די יידישע

אַרבעטער פון אַמעריקע, און ער קען זיך ניט רירן פון אָרט. ער איז אַזוי ווי פאַרגליווערט, אַזוי ווי דאָס האַרץ וואָלט זיך אָפּשטעלן אויף אַ ווייל, מער ניט דאָס געזיכט איז באַלויכטן מיט אַן אויסערגעוויינלעכער ליכט, וואָס קומט פון אינעווייניק. ענדלעך האָט ער צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער: — אָט זיינען זיי... זיי זיינען געראַטעוועט...

***

## מען מאַכט די יידישע ענציקלאָפּעדיע

ביים טיש אין כאַנינס הויז זיינען מיר געזעסן אַ קנאַפּע צוויי צענטליק מענטשן. כאַנין האָט זיי פאַררופן צו זיך. די הויפּט־געסט זיינען:

— בן אדיר . . .

— אַבראַמאָוויטש . . .

— טשעריקאָווער . . .

— מענעס . . .

און נאָך אייניקע, און נאָך אַנדערע. די אויבנדערמאָנטע זיינען ערשט מיט אַ פּאָר טעג צוריק אַראָפּ פון שיף. ביים טיש רעדט מען ניט וועגן מלחמה, וועגן אייראָפּע, וועגן היטלערן, וועגן רוסלאַנד, וועגן אַמעריקעס באַציאונג צו דער מלחמה, נאָר וועגן אַן ענין, וואָס קוקט אויס אין יענער שעה אַזוי משונהדיק, אַזוי ניט צוגעפּאַסט, כמעט ווילד:

— וועגן אָנהויבן אַרויסגעבן די יידישע ענציקלאָפּעדיע אין אַמעריקע . . .

— יידישע ענציקלאָפּעדיע? אין מלחמה־צייט און אין אַמעריקע?

זאָגן אַנדערע: לאָמיר אָפּלייגן, לאָמיר אָפּוואַרטן. אייראָפּע איז אין די פלאַמען פון מלחמה. דער מאַרק פאַר יידישע ביכער איז פאַרמאַכט, נויטיקע מאַטעריאַלן איז שווער צו באַקומען. די צאָל אָפּנעמער פון אַ יידישן גרויסן, טייערן בוך איז אין אַמעריקע קליין. עס וועלן

זיין נזיטיק טויזנטער דאָלאַרן. וואו וועט מען זיי נעמען? — דער עולם קען פאַרשטיין אויסגעבן געלט אויף ברויט, אויף לעבנס־רעטונג, אויף קליידער, אָבער געלט אויף ביכער? אויף ענציקלאָפּעדיעס?...

— לאָמיר דאָס אָפּלייגן אויף בעסערע צייטן . . .

שמועסט שטיל כאַנין און זאָגט אַזוי:

— און זיי?...

— וואָס הייסט זיי? ווער?...

— זיי, די יידישע געלערנטע, די שרייבער, די היסטאָריקער...

— זאָגט כאַנין.

אמת, אַ בוך קען אונטערוואַרטן, אַ בוך קען מען דרוקן שפּעטער, אַ בוך קען מען פאַרקויפן שפּעטער, נאָך דער מלחמה, אָבער — „זיי, די שרייבער?..."

די וויסנשאַפטלער טאָרן ניט איבעררייסן, טאָרן ניט מפסיק זיין. זיי האָבן געענדערט נאָר דעם אַדרעס, זיי דאַרפן אַרבעטן ווייטער, זיי דאַרפן שרייבן ווייטער, זיי דאַרפן פאָרטזעצן די שאַפונג. אויב זיי זאָלן מוזן אַוועקלייגן די פעדערס, וועלן זיי זיך פילן האַלב־געשטאָר־בענע, איבעריקע. אַ גרויס, קאָלעקטיוו לעבנס־ווערק וועט איבער־געריסן ווערן אין מיטן דערינען — דאָס טאָר ניט געשען.

— היטלערן אויף צו להכעיס . . .

מיט אַ טיפן געפיל, מיט אַ גרויסער פאַרשטענדעניש פאַר דעם מענטשן, האָט כאַנין געפרעגט מיט מאָנענדיקע אויגן:

— „און זיי, די שרייבער?..."

און מיט אַן עקשנות, מיט אַ טראַציקייט, וואָס איז אין זיין בלוט, מיט אַ צו־להכעיס, ווען ער קומט פנים אל פנים מיט גרויסע שווע־ריקייטן, האָט ער געזאָגט:

— מען וועט אַרויסגעבן די יידישע ענציקלאָפּעדיע.

די ענציקלאָפּעדיע איז ווידער דערשינען אין אַמעריקע. דאָס איז אַנטשיידן געוואָרן דעמאָלסט, ווען כאַנין האָט געזאָגט און פאַר דעם איבערצייגט אַלע אַנדערע:

— „מע וועט אַרויסגעבן."

און פון דעמאָלט ביז היינט גייט ער אַרום דער ענציקלאָפּעדיע ווי אַ טאַטע.

***

## דער געוויין פון די געטאָס

דער אונטערערדישער „בונד" פון פוילן האָט צוגעשיקט אין יאָר 1942 דעם ערשטן, גרויסן, אויספירלעכן טראַגיש־העראָאישן באַריכט פון די געטאָס און טויטן־לאַגערן. דעם ערשטן מאָל איז געקומען די געשיכטע פון טויטן־לאַגער כעלמנע. דעם ערשטן מאָל זיינען געקומען פאַר אונז די טויטע יידן, וואָס ליגן אין דער וואַרשעווער געטאָ באַדעקט מיט צייטונג־פּאַפּיר. צום ערשטן מאָל האָבן מיר געהערט וועגן דער אידייע פון געטאָ־אויפשטאַנד.

אין אַ פאַרמאַכטן צימער זיינען מיר געזעסן אַ קליינע גרופּע מענטשן און געליינט דעם אונטערערדישן באַריכט. עס איז געווען אַזוי פיינלעך־שטיל, אַזוי ווי עס וואָלט געווען שווער אַפילו אַן אָטעם צו טאָן, טאָמער וועט מען איבעררייסן די שטילקייט. מיר האָבן געליינט און די הערצער זיינען געוואָרן פאַרקלעמט און פאַרקלעמטער. מיר איז דעמאָלט אויסגעקומען דעם לאַנגן, פיל־זייטיקן באַריכט צו לייענען. איך בין געווען פאַרטיפט אין די געשריבענע בלעטלעך, אין די שורות, אין די ווערטער, און ניט געזען, וואָס אַרום קליינעם טישל קומט פאָר.

ערשט איך הער אַ געוויין, אַ שוידערלעכן כליפּען. איך הויב אויף די אויגן און זע כאַנינען — ער זיצט און וויינט, און כליפּעט, און פון זיין וויינען איז געוואָרן אין קליינעם צימער אימהדיקער.

ער האָט ניט געקענט אויפהערן וויינען, טרערן האָבן זיך געגאָסן פון זיינע אויגן, וועלכע ער האָט כסדר געווישט און ניט געקענט אויסווישן.

— לייענט, לייענט ווייטער, שטעלט זיך ניט אָפּ... — האָט ער געבעטן.

ער האָט ווייטער געוויינט. איך האָב זיך געמאַכט ניט הערנדיק, ניט זעענדיק. זיין געוויין האָט באַגלייט די ווערטער פון באַריכט. עס

איז געווען דער נשמהדיקער יידישער געוויין, וואָס האָט זיך געטראָגן אַהערצו פון דאָרטן — פון כעלמנע, פון בעלזשיץ, פון טרעבלינקע.

עס איז דער געוויין, וואָס האָט שפּעטער מעגלעך געמאַכט צו ברענגען אין די געהיימנישן פון פּוילן דורך פּאַראַשוטיסטן הונדער־טער טויזנטער דאָלארן פאַר די יידן אין די געטאָס.

*****

## ווען די שיף טראָגט זיך איבער שטורמישע וואַסערן

די שיף פון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט איז שטענדיק אַ שווער־אָנגעלאָדענע, שטענדיק פול מיט קאַסטנס און פעק יידישע צרות, פּראָבלעמען, אויפגאַבן, טאָג־טעגלעכע נויטן — הילף, רעטונג, אויפ־בוי, נאַציאָנאַלע אויפגאַבן, אינטערנאַציאָנאַלע. עס מישן זיך די לענ־דער — אַמעריקע, פראַנקרייך, פּוילן, לאַגערן אין דייטשלאַנד, איטאַ־ליע, עסטרייך, שאַנכאַי, בעלגיע, רוסלאַנד, פּאַלעסטינע, שווייץ, שוועדן, נאָרוועגיע, רומעניע, אונגאַרן... — אַ שווער־אָנגעלאָדענע יידישע שיף, וואָס מוז שווימען פּאָרזיכטיק.

און אָפט מאַכט זיך, אַז דער ים צעשטורעמט זיך, די וואַסערן שלאָגן אויס כוואַליעס, די שיף הויבט זיך אָן וויגן אַרויף און אַראָפּ.

דאָס יידישע לעבן איז תמיד אומרואיק. די יידישע פּאַרצווייפלטע לאַגע מאַכט שאַרפער די ליידנשאַפטן אין דער יידישער מחנה. דער שטרייט צווישן צדדים שלאָגט זיך אָן גאַנץ אָפט אָן דער שווער־אָנגעלאָדענער שיף, וואָס הייסט „יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט“, און די שיף וויגט זיך. שלאָגן כוואַליעס:

— יאָ „קאָמענוועלט“!

— ניט „קאָמענוועלט“!...

יאָ יידישע קאָנפערענץ, ניט יידישע קאָנפערענץ, יאָ מאַכן שותפות מיט די קאָמוניסטן, ניט מאַכן שותפות מיט די קאָמוניסטן, יאָ „הסתדרות“ ניט „הסתדרות“... זיצונגען, באַראַטונגען, קאָנפערענצן, קאָנווענשאָנס, דעבאַטן, „קאָקוסעס“, פּאָרשלאַגן, רעזאָלוציעס, שאַרפע רעדנער, הויפּט־

רעדנער, דראָאונגען, ביטערע אַטאַקעס, צייטונגען שרייבן, גרופּן פּאָדערן... — עס איז הייס, עס ברענט אַ פייער, עס קאָכט. די שיף טראָגט זיך אומרואיק.

אין די אַלע מאָמענטן דערשיינט כאַנין. ער האָט אַ פּאָרשלאָג, ער האָט אַן עצה. ער האָט אַ פּשרה. קיינער פון די צדדים וועט ניט זיין אַנטציקט, יעדן צד פעלט עפּעס, קוועטשט עפּעס, יעדער צד וואָלט וועלן עפּעס מער, אָדער עפּעס ווייניקער. די איבערוועגנדע מערהייט וועט דאָס שטענדיק אָננעמען. עס וועלן נאָכדעם אַראָפּפאַלן שטיינער פון האַרצן.

עקסטרעמיסטן, שאַרפע, בייזע, האַרטנעקיקע עקסטרעמיסטן פון אַלע צדדים וועלן זיין אומצופרידן, זיי ווילן הונדערט פּראָצענט, זיי ווילן ניט קיין קאָמפּראָמיס, זיי גלייכן ניט קיין פּשרה. אָדער — אָדער. עקסטרעמיסטן פילן, אַז אָט־אָט האָבן זיי געהאַט דעם נצחון אין האַנט, און אָט האָט כאַנין אים אַרויסגעכאַפּט ממש פון האַנט, אָבער די אי־בערוועגנדע מערהייט וועט זיין צופרידן, עס איז גרינגער געוואָרן, די וואַסערן האָבן זיך איינגעשטילט, די שיף שווימט ווייטער צו אירע הויפּט־צילן און הויפּט־אויפגאַבן.

צום בולטסטן איז עס געווען, ווען אין יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט איז אָנגעגאַנגען דער קאַמף וועגן יאָ באַטייליקן זיך, אָדער ניט באַ־טייליקן זיך אין דער אַמעריקאַנער יידישער קאָנפערענץ. איצט איז דאָס שוין ווייטע פאַרגאַנגענהייט. איצט האָט שוין די קאָנפערענץ פאַקטיש אַליין אויסגעהויכט איר נשמה. איצט זעען אויס די דעמאָל־טיקע הייסע דעבאַטעס איבעריקע. דעמאָלט איז אָבער געווען די יידי־שע עפנטלעכקייט צעהיצט, אויפגעשרויפט, די יידישע פּרעסע האָט געליאַרעמט, געברענט מיט פייער. אין יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט האָט זיך וועגן דעם דער קאַמף צעפלאַקערט צווישן די צדדים. עס זיינען פאָרגעקומען קאָנפערענצן נאָך קאָנפערענצן,ביידע צדדים זיי־נען שטאַרק, זיינען גרויס. קיין צד וויל ניט נאָכגעבן. אַ נאַציאָנאַלע מחלוקת, וואָס דויערט שוין פופציק יאָר האָט זיך דאָ באַגעגנט אויפן שאַרף פון מעסער.

דער זאַל פון דער קאָנפערענץ איז פול איבער די ברעגעס. עס איז הייס, די דעבאַטע גייט צום סוף. עס זיינען דאָ פאָרשלאָגן,

רעזאָלוציעס פון צדדים. וואָס וועט זיין? ווי וועט זיך עס ענדיקן? —
אויף דער פּלאַטפאָרמע איז דערשינען כאַנין. ער האָט אַ נייעם פאָרשלאַג. ער באַגרינדעט אים, ער רעדט וועגן אים ווייך, מענטשלעך, האַרציק. די שפּיצן זיינען אָפּגעהאַקט. ער האָט געפונען די מיטל־ליניע, דעם הויפּט־פּונקט, וואָס מוז פאַראייניקן. פון וואָרט צו וואָרט ווערט ווייכער, ווערט גרינגער דער געמיט, מען זעט אַן אויסוועג, עס לייגט זיך אויפן זינען, מען זעט אַ ברעג.

— ווער איז פאַר דעם פאָרשלאַג?

— די איבערוועגנדע מערהייט.

מיר זיינען געגאַנגען צוריק פון דער פאַרזאַמלונג. זאָגט כאַנין אַזוי:

— איך גלויב שטענדיק אין שׂכל הישר פון מענטשן.

***

## וועגן איינצעלנעם

כאַנין וועלכער איז האַרט און פאַרעקשנט, קעמפעריש, פאַר־ביסן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן פּרינציפּיעלע ענינים, וועגן געזעל־שאַפטלעכע פּראָבלעמען, איז ווייך ווי פּוטער, ווען עס האַנדלט זיך וועגן דעם איינצלנעם — וועגן דעם מענטשן.

ער איז אַ מזג טוב. ער חלשט צו טאָן אַ מענטשן אַ טובה. מעג זיין דער מענטש אַ ווייטער, מעג ער זיין אַ פרעמדער, מעג ער זיין אַ פּאָליטישער קעגנער, נויטיקט ער זיך אָבער אין אַ טובה — איז ניט שייך, איז ניטאָ קיין אָפּהאַלט.

לאָמיר דאָ פאַרצייכענען, אַז כאַנין, צוזאַמען מיט י. וויינבערגן, זיינען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַ ספּעציעלן וואונדערלעכן אינסטיטוט, וואָס זיי האָבן געשאַפן צו העלפן יחידים. אַן אינסטיטוט, וואָס האָט אין זיך אַלע בעסטע מעלות פון טראַדיציאָנעלן יידישן „מתן־בסתר‟. הונדערטער ווערטפולע יחידים זיינען דורך דעם „מתן־בסתר‟ גע־האָלפן געוואָרן אין ביטערער נויט, אין פאַל פון אַ קראַנקייט, ווען

קיין בגד איז ניט געווען אָנצוטאָן, ווען מען האָט געמוזט אָן אָפּעראַ־ציע מאַכן, ווען מען האָט געמוזט אין סאַנאַטאָריע פאָרן, ווען יתומים זיינען געבליבן אָן הילף, ווען וועטעראַנען פון דער אינטערנאַציאָנאַ־לער אַרבעטער־באַוועגונג זיינען געבליבן איינזאַם און הילפלאָז, ווען עס האָט זיך פאַר וועמען גענויטיקט אַ דירה צו געפינען... —

פון די הונדערטער פאַלן, וועל איך דאָ אויסטיילן איינעם. עס איז געווען אין אַ קאַלטן טאָג פון אָנהויב ווינטער. כאַנין איז „אַריינגעפאַלן" אין יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט, און איך זע אויף זיין פּנים, אַז ער איז פאַרנומען מיט אַ וויכטיקן ענין, ער לויפט ממש מיט דעם ענין אַהערצו גלייך פון דער גאַס. ער זעט איצט גאָרניט, ער טראַכט איצט גאָרניט חוץ וועגן אָט דעם ענין.

— מען מוז שוין אים קויפן אַ מאַנטל.

— וועמען ?

ער רופט אָן אַ זייער פּראָמינענטן נאָמען.

— איך האָב אים געזען, דעם אַלטן מאַן, ווי ער גייט פאַמע־לעכקע אויף דער גאַס אין אַ לייכטן, אַלטן, אָפּגעטראָגענעם זומער־מאַנטעלע, איך האָב געזען ווי ער האָט געציטערט...

כאַנין איז אים נאָכגעגאַנגען פון הינטן אַ שטיק גאַס. אין מיטן דער גרויסער ניו־יאָרק איז געגאַנגען אַ וועלט־באַרימטער זקן, אַ גע־ראַטעוועטער דורכן יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט, אַ מענטש פון גרויסן קאָפּ און ברייטן האַרץ, געגאַנגען און געציטערט. איז כאַנין געלאָפן מיט איין אימפּעט:

— מען מוז שוין לויפן און קויפן פאַר אים אַ וואַרעמען מאַנטל...

ניט אין מאַנטל גייט עס. עס גייט אין פלאַטער פון האַרץ. עס גייט אין ציטער פון דער נשמה.

נאָר דעמאָלט ווען דאָס האַרץ צאַפּלט זיך פאַר דעם איינצלנעם, קען דער קאָפּ טראַכטן ערלעך וועגן כלל.

נאָר דעמאָלט ווען מען פילט דעם מענטשן, קען מען חלומען וועגן דער מענטשהייט.

אָט צו דער וואונדערלעכער שלימות האָט זוכה געווען צו גרייכן דער קירזשנער־יינגל פון הינטער מינסק.

⁂

איך וואָלט געקענט אַזוי צייכענען און צייכענען „מאָמענטן מיט כאַנינען אין יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט". איך פיל, אַז די פערלדיקע מאָמענטן קענען און דאַרפן אָנגעצויגן ווערן אויף אַ גרויסער שנור. איך וועל זיך באַגרענעצן מיט די פּאָר מאָמענטן, וואָס קענען דינען נאָר אַלס ביישפּילן.

איך וויל אָבער פאַרענדיקן מיט אַן אַנדער מין מאָמענט, ניט מיט אַ מאָמענט אין יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט. עס איז אַ מאָמענט אין סיביר. כאַנין איז דעמאָלט אין סיביר נאָך זייער יינג געווען. יענער מאָמענט איז אָבער ניט קיין זעלבסטשטענדיקער, ניט קיין אָפּגע־ריסענער, ער בינדט זיך צונויף מיט דעם שפּעטערדיקן כאַנין. ער דערציילט וועגן אים אין זיין בוך „בערעלע".

ער דערציילט דאָרט, אַז ווען ער האָט זיך געקליבן אַנטלויפן פון סיביר, האָט ער זיך געזעגנט מיטן הונט זשוק, וואָס איז געווען זיין פריינד אין משך פון יאָרן אין דער סיבירער איינזאַמקייט. „נאָכדעם האָט בערעלע זיך גענומען זעגענען מיטן הונט — דערציילט כאַנין — דער הונט האָט אַ שפּרונג געטאָן אויף אים און גענומען לעקן זיין פּנים, זיינע הענט און זיינע קליידער. זשוק האָט אָוועקגעלעגט זיינע לאַפּעס אויף בערעלעס אַקסלען און זיך הויך־וויינענדיק צעוואָיעט. אין בערעלעס אויגן זיינען געשטאַנען פאַרגליווערטע טרערן, זיינע ליפּן האָבן געציטערט, בערעלע האָט זיך אַ ריס געטאָן און מיט האַס־טיקע טריט גענומען שפּאַנען, ניט אומקוקנדיק זיך אויף צוריק. בע־רעלע איז ניט געגאַנגען, נאָר געלאָפן. ער האָט מיט אימפּעט זיך גע־טראָגן איבער דעם שמאָלן שליאַך. ער האָט געוואָלט וואָס גיכער אַנט־לויפן, כדי ניט צו הערן דעם וואָיענדיקן קול פון זיין הונט־חבר זשוק".

די קורץ־געפּאַסטע געמיט־שילדערונג, איז אַ ליטעראַרישע מייס־טער־שטיק. חוץ דעם אָבער גיט זי אַ שליסל צום סאַמע עצם פון

כאַנינס געמיט. כאַנין לויפט איבער דעם סיבירער סטעפּ, ווייל עס יאָגט אים נאָך דער וואָיענדיקער קול פון זיין הונט־חבר זשוק, ער זעט כסדר די טרערן אין די אויגן פון הונט, וואָס האָט דערשפּירט זיין אַליינקייט, זיין איינזאַמקייט. און אין „בערעלעס“ אויגן שטייען פאַרגליווערטע טרערן. די טרערן פון צער און ליבשאַפט.

יעפים ישורין
פרעזידענט פון אַרבעטער־רינג

# כאַנינס אויפשטייג אין אַרבעטער־רינג

נחום כאַנין איז געוואָרן 60 יאָר אַלט. שבחים ווערן געזונגען צו אים פון אַלע זייטן. אַלע טיילן פון אונזער יידישער סאָציאַליסטישער און געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג באַטראַכטן זיך פאַר נאָנטע מחותנים, און מיט רעכט טאַקע. דער אמת איז, אַז כאַנין איז אַלע זיינע יאָרן געווען אויסגעבונדן מיט אַלע טיילן פון אונזער באַוועגונג.

די סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז דער סאַמע נאָנטסטער מחותן. נאָך אין דער אַלטער היים איז כאַנין אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און האָט פיל געליטן און בייגעטראָגן צו דער מערקווירדיק ברויזנדער און פלאַמיקער באַוועגונג אין דער אַמאָליקער רוסלאַנד. די צאַרישע רוסישע רעגירונג האָט מיט אייזערנע קייטן געקענט בינדן הענט און פיס פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערן, פייניקן און מאָרדן זיי אויף די עשאַפאָטן, אָבער איין זאַך איז איר ניט געלונגען — צו צאַמען דאָס מויל. כאַנין האָט טאַקע געטראָגן אייזערנע קייטן, כאַנין האָט פאַרזוכט דעם טעם פון דער רוסישער קאַלטער און וויסטער קאַטאָרגע, אָבער זיין רעוואָלוציאָנערער גייסט, זיין רעוואָלוציאָנערן פּראָטעסט, מיט וועלכן ער האָט זיך אַרומגעטראָגן יאָרן לאַנג, איז אין אים ניט דערשטיקט געוואָרן.

דאָס וואָס כאַנין האָט איינגעזאַפּט אין זיך אין רוסלאַנד, האָט ער אַריבערגעפּעקלט אין אַמעריקע. דאָ אַזוי גוט ווי אין דער אַלטער היים, האָט ער זיך געשטעלט אין דינסט פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און נאָך ביז היינטיקן טאָג שטייט ער אין די פאָדערשטע רייען אַלס פּראָפּאַגאַנדיסט און פּראַקטישער טוער.

ווי גרויס עס זאָלן ניט זיין כאַנינס פאַרדינסטן אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, וואו ער איז אויך געווען אַקטיוו, און אין דעם אַלגעמיינעם געזעלשאַפטלעכן

לעבן פון דער יידישער אַמעריקע, זיינען אָבער זיינע פאַרדינסטן אין דעם לעבן פון דעם גרויסן און פאַרצווייגטן אַרבעטער־רינג, לויט מיין אָפּשאַצונג, די וויכטיקסטע און די קאָנסטרוקטיוווסטע.

דער אַרבעטער־רינג באַטראַכט זיך פאַר דעם סאַמע נאָנטסטן מחותן אויף דעם יובל. כאַנין איז געוואָרן כאַנין ערשט דאַן, ווען ער איז געוואָרן טעטיק אין אַרבעטער־רינג. כל־זמן כאַנין איז געווען פאַרבונדן מיט פאַרטיי־ענינים, כל־זמן כאַנין איז געווען בלויז אַ טרוימער, האָט זיך די גרויסע וועלט ניט אַרומגעזען, אַז אַ כאַנין לעבט, טרוימט, פּראָפּאַגאַנדירט און ווירקט.

אַ דאַנק דעם, וואָס כאַנין איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין די אַקטיוויטעטן פון אַרבעטער־רינג, פון דער באמת פּראַקטישער אָרגאַניזאַציע, האָט כאַנין גלייך, טאַקע ביים סאַמע אָנפאַנג, אָנגעהויבן אַרויסווייזן זיינע פעאיקייטן אַלס אָרגאַניזאַטאָר, קולטור־טוער. און פון יענעם מאָמענט אָן האָבן זיינע אַקציעס אין אונזער גאַנצער געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג אָנגעהויבן וואַקסן פון טאָג צו טאָג. די טוער און וואָרטפירער אין אַרבעטער־רינג האָבן גלייך דערקענט אין אים גרויסע פעאיקייטן. טראָצדעם, וואָס אין יענע צייטן איז פאַר אַ נייעם מענטשן געווען גאַנץ שווער אַריינצודרינגען אין די פאַרוואַלטנדע קאָמיטעטן פון אַרבעטער־רינג, איז ער דאָך צוגעצויגן געוואָרן. און פון יענעם מאָמענט אָן האָט דער אַרבעטער־רינג צוגעקריגן אַ וויכטיקן, פּראַקטישן און מיושבדיקן טוער.

די פירערשאַפט פון אַרבעטער־רינג האָט אים באַלד אָנפאַרטרויט די וויכטיקסטע פּאָזיציעס און מיסיעס און ער איז דערהויבן געוואָרן צום אַמט פון פּרעזידענט. נאָכן טויט פון פיליפּ געליבטער, האָט כאַנין רעזיגנירט פון דעם אַמט אַלס פּרעזידענט פון אַרבעטער־רינג און איז דעמאָלט באַשטימט געוואָרן אַלס בילדונגס־דירעקטאָר— דעם אַמט, וועלכן ער פאַרנעמט ביז היינטיקן טאָג. אונטער דער דירעקציע פון נ. כאַנין איז די גאַנצע קולטור־אַרבעט פון אַרבעטער־רינג און באַזונדערס די גרויסע נעץ פון יידיש־וועלטלעכע שולן פאַרגרעסערט און פאַרפילפאַכט געוואָרן. דער אַרבעטער־רינג איז היינט איינע פון די וויכטיקסטע פאַקטאָרן אויפן פעלד פון קולטור־טעטיקייט אין דער

יידישער אַמעריקע. דאָס איז אַ דאַנק דעם וואָס כאַנין האָט זיך אַרייַנגעוואָרפן אין דער אַרבעט מיט זיין גאַנצער קראַפט און מיט זיין גאַנצן ברען.

כאַנינס פאַרדינסטן אויף אַלע געביטן פון אונזער באַוועגונג זיינען נישט צום אָפּשאַצן. אין דער פערזאָן פון כאַנינען האָט אונזער באַוועגונג באַקומען אַ וויכטיקע און פירנדע קראַפט. דער אַרבעטער־רינג איז שטאָלץ אויף דעם, וואָס ער האָט אים אַנטדעקט און דער־הויבן צו דער מדרגה, אויף וועלכער ער געפינט זיך ביים היינטיקן טאָג. דערפאַר באַטראַכט זיך דער אַרבעטער־רינג פאַר דעם נאָנטסטן מחותן, דערפאַר איז אונזער פרייד גרויס און אונזערע וואונטשן צו אים די אויפריכטיקסטע.

זאָל ער נאָך לאַנג לעבן און לאַנג ווירקן אין אונזערע רייען, און ניט אָפּטרעטן פון די אידעאַלן, צו וועלכע ער איז געווען זיין גאַנץ באַוואוסטזיניק לעבן געטריי.

י. באַסקין

# עטלעכע צענטליק יאָר מיט כאַנינען אין דעם אַרבעטער־רינג

די יידישע סאָציאַליסטישע און אַרבעטער־באַוועגונג פייערט איצט דעם 60־יאָריקן יובילײ פון איינעם פון אירע באַליבטסטע און איבערגעגעבנסטע פירער, נחום כאַנין.

ביי דער געלעגנהייט וויל איך איבערגעבן אין קורצע שטריכן כאַנינס ראָל אין אונזער אַרבעטער־רינג.

די קאָמוניסטישע עלעמענטן האָבן זיך געהאט פאַרמאָסטן צו פאַר־כאַפּן די אַרבעטער־באַוועגונג, די סאָציאַליסטישע באַוועגונג און נאַ־טירלעך אויך אונזער אַרבעטער־רינג. דער קאַמף איז געווען אַ ביטערער, אַן אָנגעשטרענגטער און עס האָט זיך געפאָדערט אמתע איבערגעבנהייט, מסירת־נפש, ציל־באַוואוסטזיין, לאָיאַליטעט און אַנטשלאָסנהייט. נאָר אַ דאַנק אַזעלכע קוואַליטעטן פון טוער האָט מען געקאָנט ראַטעווען דעם אַרבעטער־רינג און אָנהאַלטן זיינע אַלע פּאָזיציעס קעגן אַלע וויל־דע געמיינע אַטאַקעס פון די אויסערלעכע און אינערלעכע שונאים.

כאַנין איז געווען אין דער ערשטער ריי פון די אָנפירנדיקע כוחות, וועלכע האָבן מיט מוט און ענערגיע געהאָלפן צוריקשליידערן די אַטאַ־קעס און פאַרטרייבן די שעדלעכע עלעמענטן פון אונזערע רייען.

נאָך זיין אָנקומען אין אַמעריקע איז כאַנין אַריינגעטרעטן אין די קעפּ־מאַכער יוניאָן און איז גלייך געוואָרן איינער פון די טעטיקסטע טוער אין דער באַוועגונג. ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן מיט אימפּעט אין דער באַוועגונג, האָט גענומען שטודירן די אומשטענדן, באַקענען זיך מיט דער גאַנצער אַטמאָספער. נאַטירלעך, אַז ער איז אויך געוואָרן אַ טעטיקער מיטגליד אין אַרבעטער־רינג, די אָרגאַניזאַציע, וואָס איז אים געווען נאָענט צום האַרצן אַלס די אמתע פאָלקס־אָרגאַניזאַציע.

ווען כאַנין איז אַריינגעטרעטן אין דער פאַרוואַלטונג פון אַרבעטער־

רינג, האָט ער אויסגעקליבן די בילדונג־ און קולטור־אָפּטיילונג. ער איז געוואָרן אַ מיטגליד אין דעם בילדונג־דעפּאַרטמענט, הגם, לויט זיינע דערפאַרונגען אַלס בונדישער אַגיטאַטאָר און טוער, האָט ער גיכער געדאַרפט אַריינטרעטן אין אָרגאַניזאַציע־קאָמיטעט. דאָס איז דער קאָמיטעט, וואָס גיט זיך אָפּ מיט אָנפירן די אַגיטאַציע פאַרן אַר־בעטער־רינג, אָרגאַניזירן און באַפעסטיקן די רייען און פאַרשטאַרקן די אַקטיווקייט פון אַרבעטער־רינג. אָבער ווי עס ווייזט אויס, איז דער דראַנג נאָך בילדונג, דער דורשט צו קולטור־טעטיקייט געווען אַזוי שטאַרק אַנטוויקלט ביי אָט דעם פאָלקס־מענטשן, אַז ער האָט אויסגע־קליבן דעם בילדונגס־דעפּאַרטמענט פאַר דעם אויסגאַנגס־פונקט פאַר זיין ווייטערדיקער אַקטיווקייט אין אונזערע רייען.

כאַנינס פּאָפּולאַריטעט אין אַרבעטער־רינג, זיין איינפלוס און ווירקונג האָט זיך אָנגעהויבן נאָך מיט עטלעכע יאָר פריער איידער ער איז אַריינגעטרעטן אין דער פאַרוואַלטונג פון אַרבעטער־רינג. דאָ קומען מיר צו איינער פון די באַרימטסטע היסטאָרישע קאָנווענשאָנס פון אַרבעטער־רינג, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין 1922 אין טאָראָנטאָ. כאַנין האָט זיך דאָרט אויסגעצייכנט מיט זיין שאַרפער שטעלונג, מיט זיינע לאָגישע אַרגומענטן קעגן אַלגינס רעדע. אַלגין איז געקומען באַגריסן די אַרבעטער־רינג־קאָנווענשאָן אין נאָמען פון דער „פרייהייט“ און „וואָרקערס פּאַרטיי“. גערעדט האָט ער מילד, האָט אַפּעלירט צוקער־זיס וועגן אַ פאַראייניקטן פראָנט מיט די קאָמוניסטישע עלע־מענטן, וועלכע זיינען פרייהייט־ליבנדע מענטשן...

כאַנין איז אַרויסגעטרעטן מיט אַ רעדע, אין וועלכער ער האָט אויפגעדעקט די מאַכינאַציעס פון די קאָמוניסטן, האָט צעגלידערט זייער טעטיקייט און אָנגעוויזן אויף דער שעדלעכער ראָל, וואָס זיי שפּילן אין דער באַוועגונג. ער האָט געוואָרנט, אַז דער אַרבעטער־רינג טאָר זיך ניט פאַראייניקן מיט די עלעמענטן, ווייל מער ווי שאַדן וועלן מיר פון זיי ניט האָבן.

ביי דער זעלבער קאָנווענשאָן איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, וועלכע האָט געזאָגט: ערשטנס, אַז מיר זיינען דערפאַר, אַז די אַמע־ריקאַנער רעגירונג זאָל אָנערקענען די באָלשעוויסטישע רעגירונג פון

רוסלאַנד, צווייטנס, אַז מיר אַפּעלירן צו דער סאָוועטישער רעגירונג צו באַפרייען פון די טורמעס אַלע סאָציאַליסטישע עלעמענטן.

עס פאַרשטייט זיך, אַז די דאָזיקע רעזאָלוציע האָט אַרויסגערופן גרים־צאָרן ביי די קאָמוניסטישע עלעמענטן, וואָס זיינען געווען פאַר־טרעטן אויף דער קאָנווענשאָן. ס׳איז געוואָרן אַ טומל, אַ גערודער. כאַנין איז געווען איינער פון די ערשטע, וועלכער האָט פאַרטיידיקט די רע־זאָלוציע מיט קראַפט, מיט לאָגיק. די רעזאָלוציע איז דורכגעגאַנגען מיט אַ גרויסער מערהייט.

פון יענעם מאָמענט אָן איז כאַנין געוואָרן זייער און זייער פּאָ־פּולער ביי די א. ר.־מאַסן. פאַרשטענדלעך, אַז ער איז אויך געוואָרן דער ציל־ברעט פון די אַטאַקעס פון די קאָמוניסטישע עלעמענטן אין דעם אַרבעטער־רינג.

נאָך דער טאָראָנטאָ־קאָנווענשאָן הויבט זיך אָן אין אַרבעטער־רינג דער שטורעמדיקסטער פעריאָד פון קאַמף קעגן אונזער אָרגאַניזאַציע. די „פרייהייט״ און אַלע אירע אונטערשטופּער פירן אָן אַ העסלעכן קאַמפּיין קעגן אונז. וויפיל רכילות, וויפיל שמוץ מ׳האָט דאָרט אויס־געגאָסן אויפן אַרבעטער־רינג! די „לינקע״ עלעמענטן גרינדן ספּע־ציעלע אָרגאַניזאַציעס, קאָמיטעטן און פאַרמעסטן זיך צו פירן אַ זעלבסט־שטענדיקע טעטיקייט צווישן די בראַנטשעס פון אַרבעטער־רינג. זיי גייען אַזוי ווייט, אַז זיי גרינדן אַ באַזונדערע עקזעקוטיווע, וועלכע גיט דירעקטיוון די „לינקע״ עלעמענטן ווי אַזוי צו האַנדלען אין דעם אַרבעטער־רינג און באַשטימט זייערע שטעלונגען צו אַלע פּראָבלעמען אין אונזער אָרגאַניזאַציע.

אָט אין דעם ביטערן קאַמף, וואָס דער אַרבעטער־רינג פירט אָן, איז כאַנין אין די ערשטע רייען. שטענדיק פול מיט מוט, דורכגעדרונגען מיט איבערגעבנהייט צו דער אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז אים אַזוי ליב און טייער, שטייט ער אומדערמידלעך אויף דער וואַך. צוזאַמען מיט די אַנדערע פירער פון דעם אַרבעטער־רינג העלפט ער פאַרטזעצן דעם קאַמף צו באַשיצן דעם אַרבעטער־רינג פון אַלע זיינע אינערלעכע און אויסערלעכע שונאים.

ווען סידני הילמאַן האָט זיך אומגעקערט פון רוסלאַנד און האָט געפּלאַנעוועט זיין באַרימטע רוסיש־אַמעריקאַנער אינדאַסטריעל קאָר־

פּאַריישן, האָט ער נאַטירלעך געמאַכט אַלע פּראָבעס אַריינצוציען די מיטגלידערשאַפט פון אַרבעטער־רינג אין אָט דער אונטערנעמונג. די פירערשאַפט פון אַרבעטער־רינג איז אָבער געווען גענוג פּאָרזיכטיק ניט צו לאָזן זיך אַריינהאַרן אין אַזאַ קאָמבינאַציע, וועלכע איז טאַקע שפּעטער געווען אַ מיאוסער דורכפאַל. אויך דאָ איז כאַנין געווען צווישן די ערשטע, וועלכע האָבן קלאָר פאַרשטאַנען די צווייפלהאַפטע רעזולטאַטן פון דער אונטערנעמונג און געהאָלפן זי באַקעמפן מיט זיין גאַנצער ענערגיע.

מיר טרעפן כאַנינען אין אַ צוזאַמענשטויס מיט אָלגינען ביי דער קאָנווענשאָן פון 1925 אין ניו־יאָרק. כאַנין איז דאַן געווען אַ מיטגליד פון דעם קאָנווענשאָן־אַראַנזשיר־קאָמיטעט. עס זיינען געווען איבער 1100 דעלעגאַטן. די לינקע זיינען געווען זיכער, אַז זיי וועלן פאַרכאַפּן די קאָנווענשאָן אין זייערע הענט, ווייל די פאַרטרעטערשאַפט איז געווען דירעקט פון אַלע ברענטשעס און עס איז ביי זיי קיין צווייפל ניט געווען, אַז דאָס „פאָלק" וועט זיכער שיקן די אמתע דעלעגאַטן. די לינקע האָבן פאַרלאַנגט צוצולאָזן אָלגינען צו באַגריסן די קאָנווענשאָן אַלס שליח פון דער „פרייהייט". אָלגין איז צוגעלאָזט געוואָרן, ווייל די מיטגלידער פון אַרבעטער־רינג האָבן נאָך דעמאָלט געהאַט די אילוזיע, אַז אַ פאַרטרעטער פון יעדער אַרבעטער־פּאַרטיי דאַרף צו אַן אַ.ר.־קאָנווענשאָן צוגעלאָזט ווערן. אָלגין האָט גערעדט אויף זיין געווײנלעכן שטייגער. זיס־צוקערדיקע רייד, אָבער פול מיט גיפט, מיט רכילות אויף דער פירערשאַפט פון אַרבעטער־רינג. כאַנין איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט אָלגינען געגעבן דעם געהעריקן ענטפער.

דער קאַמף פון די „לינקע" קעגן דעם אַרבעטער־רינג איז געווען אַ ביטערער און ער איז געווען אַ לאַנג־דויערנדיקער. אין איין זאַך האָבן זיי זיך אָבער איבערצייגט, אַז אַלע זייערע מאַנעוורעס, אַלע פּרואוון זיך צו אָרגאַניזירן, כדי אין דער אָדער אין יענער פאָרם צו צעברעכן דעם אַרבעטער־רינג, אָדער אים צו פאַרכאַפּן, וועלן ניט האָבן קיין דערפאָלג. דעריבער האָבן זיי שוין אין יאָר 1927 גענומען פּלאַנעווען צו געפינען אַן אַנדערע אָרגאַניזאַציע, צו וועלכער זיי זאָלן זיך אַנשליסן און פאַרלאָזן דעם אַרבעטער־רינג מאַסנווייז.

אין יענע צייטן האָט דער „אינדעפּענדענט אַרבעטער־רינג“ געהאַט אין זיין עקזעקוטיווע אַ באַדייטנדיקע צאָל קאָמוניסטישע עלעמענטן. זיי וואָלטן געווען גרייט אַריינצונעמען אַלע „לינקע“ פון אַרבעטער־רינג אָדער פּשוט איבערגעבן זיי דעם „אינדעפּענדענט“ אין זייערע הענט. די „רעכטע“ עלעמענטן פון דער אָרגאַניזאַציע האָבן דערפילט די געפאַר און זיי האָבן זיך גענומען אָרגאַניזירן, כדי אָפּצו־שלאָגן אָט די פּלענער, וואָס די „לינקע“ פונם אַרבעטער־רינג האָבן גע־וואָלט דורכפירן אין דעם „אינדעפּענדענט אַרבעטער־רינג“ צוזאַמען מיט די קאָמוניסטישע עלעמענטן.

כאַנין איז געווען דער עצה־געבער פון די „רעכטע“. זיי האָבן זיך צו אים געווענדט אַלס צום פירער פון דעם סאָציאַליסטישן פאַר־באַנד און אַלס צו דעם מענטשן, וועלכער האָט פון אָנהויב אָן גענומען אַ קלאָרע און אַנטשיידענע שטעלונג קעגן די קאָמוניסטישע שטערער און ברעכער. די אַרבעט איז געפירט געוואָרן סיסטעמאַטיש, ער האָט גע־האָלפן די „רעכטע“ גרופּן זיך אָרגאַניזירן און האַלטן זיך שטאַרק ביי זייערע פּרינציפּן. כאַנין האָט געהאָלפן ברענגען די פאַראייניקונג פון דעם „אינדעפּענדענט אַרבעטער־רינג“ מיט דעם גרויסן אַרבעטער־רינג אין יאָר 1932 ביי דער קאָנווענשאָן אין באָסטאָן, ווען ער איז געווען דער פּרעזידענט פון אַרבעטער־רינג.

דער קאַמף איז געפירט געוואָרן ניט בלויז אין ניו־יאָרק, נאָר איבערן גאַנצן לאַנד, וואו די „לינקע“ האָבן געשיקט זייערע שלוחים אויפצורייצן די מיטגלידערשאַפט קעגן א. ר.־פירערשאַפט. מ׳האָט געמוזט האָבן אַ מענטשן, וועלכער זאָל זיך קענען אַריינוואַרפן אין דער אַרבעט, דורכשניידן דאָס לאַנד אין דער לענג און ברייט, קומען אין באַרירונג מיט אונזערע מיטגלידער און אויפקלערן זיי וועגן דער אמתער לאַגע, וועגן די מאָטיוון און הויפּט־צילן פון די לינקע אאַז״וו. די ברייטע מיטגלידערשאַפט, וואָס איז צעוואָרפן איבער אונזער מדינה און קאַנאַדע, איז ווייט פון צענטער און האָט נאַטירלעך ניט געהאַט קיין קלאָרן באַגריף וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, פאַרוואָס שלאָגן מיר זיך. מיר האָבן ניט געפונען קיין פּאַסיקערן מענטשן פאַר דער אויפ־קלערונגס אַרבעט, ווי נחום כאַנין. מיר האָבן אים גערופן דעם „מענטש מיטן לאַנגן טיקעט“, ווייל מיר האָבן אים צוגעגרייט אין פאָראויס

אַ טיקעט פאַר דער גאַנצער רייזע, וואָס ער האָט געדאַרפט מאַכן איבער גאַנץ אַמעריקע און קאַנאַדע. די באַן־קאָמפּאַני האָט אַלס אַ קוריאָז גע־נומען אַ בילד פון כאַנינען מיט דעם טיקעט, וואָס האָט אַרומגעוויקלט זיין גאַנצן גוף. דאָס איז געווען איינע פון די מערקווירדיקסטע רייזעס, וואָס כאַנין האָט געמאַכט און האָט איבערגעלאָזט אַ ווירקנדיקן איינ־פלוס אויף די מיטגלידער פון אַרבעטער־רינג.

איינע פון די בעסטע אַרויסטרעטונגען פון כאַנינען איז געווען ביי דער קאָנווענשאָן פון 1929 אין שיקאַגאָ, דאָס איז געווען דאָס לעצ־טע קאַפּיטל, וואָס דער אַרבעטער־רינג האָט אָפּגעשלאָסן אין קאַמף מיט די קאָמוניסטן. זיי זיינען דאָן געקומען ריידן וועגן שלום. מיר אַלע האָבן אָבער געוואוסט, אַז דאָס איז דער לעצטער אַקט פון אַ טרויע־ריקער קאָמעדיע, וואָס זיי האָבן געשפּילט מיט דעם אַרבעטער־רינג. אַלס פאָרזיצער פון יענער זיצונג, ווען די פראַגע איז אויפגעהויבן געוואָרן, האָט כאַנין געהאַלטן איינע פון די וואונדערבאַרסטע רעדעס. ער האָט קלאָר אַנאַליזירט די גאַנצע לאַגע און דער שיקזאַל פון די „לינקע" איז געחתמעט געוואָרן.

נאָכן אַרויסטריט פון די „לינקע" האָט דער אַרבעטער־רינג זיך אַוועקגעלאָזט אויף אַ נאָרמאַלן אַנטוויקלונג־וועג. ער האָט אָנגעפירט רואיק זיינע טעטיקייטן און דורכגעמאַכט פאַרשידענע עטאַפּן פון אויפ־שטייג.

כאַנין איז אַ פּאָר מאָל געווען פּרעזידענט פון דער אָרגאַניזאַציע. ער איז געווען פּרעזידענט פון אַרבעטער־רינג אין דער צייט, ווען דער בילדונגס־דירעקטאָר פיליפּ געליבטער איז געשטאָרבן. דאָן האָט כאַנין איבערגענומען די פירערשאַפט פון דעם שול־וועזן און אונזערע קולטור־רעלע טעטיקייטן. ער איז געוואָרן דער בילדונגס־דירעקטאָר פון אַרבע־טער־רינג.

שרייבן וועגן כאַנינס טעטיקייט אין דעם אַרבעטער־רינג הייסט שרייבן אַ גרויס קאַפּיטל געשיכטע פון אונזער אָרגאַניזאַציע. איך האָב געפונען פאַר נויטיק אָנצומערקן בלויז אייניקע באַדייטנדיקע מאָמענטן. איך גלויב, אַז די דערמאָנטע פאַר שטריכן פון זיין טעטיקייט, גיבן אַ בילד וועגן זיינע פאַרדינסטן פאַרן אַרבעטער־רינג אין די שווערסטע מאָמענטן.

ב. געבינער

# ביי געמיינזאַמער אַרבעט מיט אַ נאָנטן חבר

נחום כאַנין האָט פאַר די עטלעכע צענטליק יאָר פון זיין באַטייליקן זיך אין דער אַרבעטער־באַוועגונג דורכגעמאַכט אַ שטורעמדיקן, פאַרבנ־רייכן און — אייגנאַרטיקן וועג.

פאַר די לעצטע העכער צוואַנציק יאָר איז מיר אויסגעקומען צו האָבן אַן ענגן שייכות מיט די פאַרשידענע פאַזן פון כאַנינס געזעל־שאַפטלעכער טעטיקייט אין אונזער באַוועגונג. און ווען איך טראַכט וועגן אָט די פאַרגאַנגענע יאָרן, שווימען אַרויף דערינערונגען, באַ־אָבאַכטונגען און שטימונגען וועגן יובילייאַר.

איך דערמאָן זיך מיין ערשטע באַגעגעניש מיט כאַנינען. דאָס איז געווען אין נוארק אין 1924. עס איז געווען אַ פאַרזאַמלונג פונם אַ. ר. און דעם סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד אין נוארק. אַבראַ־מאָוויטש איז געווען דער גאַסט־רעדנער. כאַנין איז מיט אים געקומען און גערעדט וועגן דעם קאַמף צווישן די קאָמוניסטן און סאָציאַליסטן, וועלכער האָט זיך דאַן מיט פולן ברען אָנגעהויבן אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס. פון כאַנינען האָט דאַן געשפּראָצט אַ טיפער גלויבן אין דעם גערעכטן קאַמף פאַר די סאָציאַליסטישע פּרינציפּן. ער האָט מיט זיין גלויבן באַווירקט יעדן איינעם און אָט דעם גלויבן האָט ער גע־טראָגן מיט זיך אין זיין גאַנצן וועזן און טראָגט אים נאָך איצט. אין אָט דעם קאַמף האָט זיך כאַנין אַריינגעוואָרפן מיט זיין נשמה און אומ־אויסשעפּבאַרער ענערגיע. דער קאַמפס־וועג איז ניט געווען פאַר אים קיין וועג פון לאָרבער־קרענץ, נאָר אַ וועג אַ דאָרנדיקער. כאַנין האָט אָבער געוואוסט, אַז דאָס איז דער גלייבער וועג, דער ריכטיקער. און ער איז אויף דעם וועג געגאַנגען און באַווירקט פיל אַנדערע, ניט בלויז יחידים, נאָר גרויסע גרופּן, אַז זיי זאָלן מיט אים אויף דעם וועג גיין.

ס׳איז אין דעם ניט געווען קיין עקשנות סתם אין דער וועלט

אַריין. אין דעם איז געלעגן זיין טיפער בטחון, אַז דער וועג איז דער געזינטסטער פאַר דער יידישער סאָציאַליסטישער און אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע. מיר איז שפּעטער, נאָך דער ערשטער באַקאַנטשאַפט אין נואַרק, אויסגעקומען מיט אים נאָנט צו שטיין ביי געמיינשאַפטלעכער אַרבעט אין אונזער באַוועגונג. איך בין איבערצייגט, אַז דער דאָרנדיקער קאַמפּס־וועג וואָס נחום כאַנין האָט אויסגעקליבן, איז פאַר אים ניט שווער. פונקט פאַרקערט, איך פיל, אַז יעדן קאַמף, וואָס ער נעמט אויף אין פאַרבינדונג מיט דעם, איז אים צום האַרצן, ווייל ער גלויבט אין דעם אידעאישן תוך פון דעם גערעכטן קאַמף.

***

און אָט זע איך כאַנינען אַרום דעם קאַמף אין אונזער אַרבעטער־רינג־שול־באַוועגונג. דאָס איז געווען אין די יאָרן פון 1925—1926, ווען אַ היפּשע צאָל קאָמוניסטישע לערער און שול־טוער אין דער אַ.ר.־שול־באַוועגונג האָבן באַשלאָסן אָדער איינגאַנצן איבערנעמען די שול־באַוועגונג, אָדער זי שפּאַלטן. כאַנין, וועלכער איז געווען איינער פון די פּיאָנערן־בויער פון דער א.ר.־שול־באַוועגונג, האָט דערפילט, אַז די קאָמוניסטן פאַרמעסטן זיך איינצושפּאַנען די שול־באַוועגונג אין זייער פּאַרטיי־וואָגן. עס איז געווען אַ ביטערע צייט אין די רייען פון דער א.ר.־שול־באַוועגונג. די קאָמוניסטן האָט זיך איינגעגעבן דורך דעמאַגאָגיע און שווינדל אָפּצורייסן דעם גרעסטן טייל פון אונזערע שולן. ווייניק לערער און שולן זיינען דאַן געבליבן ביים אַרבעטער־רינג. כאַנין האָט דאַן פאַרנומען דעם אַמט פונם פּאָרזיצער פונם נאַצ. בילדונגס־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג. ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט צוזאַמען מיט אַנדערע אַ. ר. און שול־טוער און געזען, אַז די קאָמוניסטן זאָלן ניט אויספירן און אַז די אַ. ר. שול־באַוועגונג זאָל זיך ווידער צעבליען און דערגרייכן איר איצטיקן צושטאַנד.

כאַנין האָט צו דער אַרבעט אינספּירירט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דער קאָמוניסטישער אָנגריף אויף די אַ. ר.־שולן איז בלויז דער ערשטער אָנגריף אויף די א. ר.־פּאָזיציעס. און עס איז געקומען דער קאָמוניסטישער אָנגריף אויפן אַ. ר. אין 1929. און ווידעראַמאָל איז

כאַנין געווען צווישן די אָנפירנדע טוער אינם א. ר. צו באַגעגענען דעם אָנגריף און די שפּאַלטונגס־פּאָליטיק פון די קאָמוניסטן.

אָט אַזוי האָבן מיר אַלע מאָל געזען כאַנינען אין די אָנפירנדיקע רייען סיי אינם א. ר., סיי אין דער טרייד־יוניאָניסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע, וואָס האָט געפירט מיט די קאָמוניסטן אַ קאַמף אויף לעבן און טויט.

***

אונטער כאַנינס אָנפירונג האָט זיך אינם יידישן סאָצ. פּאַרבאַנד צעבליט דער „וועקער״־פאַרלאַג, וועלכער האָט אַרויסגעגעבן און פאַרשפּרייט אַ היפּשע צאָל וויכטיקע ווערק; אונטער זיין אָנפירונג און אינספּיראַציע איז געבויט געוואָרן און האָט זיך אַנטוויקלט דער קעמפּ „גן־עדן״. און ווען אייניקע האָבן צייטנווייז געדענקט, אַז דער פאַרלאַג „וועקער״ איז אַ צו שווערע לאַסט פאַרן פאַרבאַנד און אַז דאָס אויפבויען דעם קעמפּ „גן־עדן״ איז אַן אוטאָפּיע, איז כאַנין געשוואומען קעגן שטראָם פון די ניט־גלויביקע. אַ סך מי, אַרבעט און גלויבן האָט ער אַריינגעלייגט אין אָט די אינסטיטוציעס, זיי געבויט און אַנטוויקלט.

***

איך דערמאָן זיך די פיינלעכע צייט, ווען עס איז געפירט געוואָרן דער קאַמף קעגן הילקוויטן און זיין פירערשאַפט אין דער סאָציאַליס־טישער פּאַרטיי. כאַנין איז געווען צווישן די, וועלכע זיינען געבליבן לאָיאַל צו דעם סאָציאַליסטישן לערער און פירער פון זיין באַוועגונג און פון זיין אידעאָלאָגיע.

און ווען עס איז געקומען די שפּאַלטונג אין דער סאָציאַליסטי־שער פּאַרטיי נאָך דער באַרימטער דעטראָיטער קאָנווענשאָן, האָט כאַ־נין ווידעראַמאָל אויסגעקליבן דעם דאָרנדיקן וועג פון קאַמף מיט די מיליטאַנטן און זייערע אידייען, טראָץ דעם וואָס אים איז אויסגעקומען צו קעמפן מיט נאָענטע חברים, מיט וועלכע ער האָט אין די פאַרגאַנגע־נע יאָרן געבויט די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין אַמעריקע. כאַנין האָט אין דעם קאַמף אויסגעקליבן זיין טריישאַפט צו זיין סאָציאַל־

דעמאָקראַטישן אידעאַל, גלויבנדיק אַז דאָס איז דער וועג פאַר דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע און ניט דער מיליטאַנטישער.

אין פאַרבינדונג מיט דעם מיליטאַנטישן קאַמף אין אונזערע רייען, דערמאָן איך זיך דעם עפּיזאָד ביי דער אַרבעטער־רינג־קאָנווענשאָן אין 1935, ווען עס איז אין מעדיסאָן־סקווער־גאַרדן דורכגעפירט געוואָרן אַן אָרגאַניזירטע מצד די מיליטאַנטן דעמאָנסטראַציע קעגן גענ. אב. קאַהאַן, דעם רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס״.

אין לויף פון די געשעפטלעכע זיצונגען פון דער קאָנווענשאָן האָט כאַנין פאָרגעשלאָגן אַ רעזאָלוציע אויסצודריקן גענ. קאַהאַן אינם נאָמען פון דער קאָנווענשאָן באַדויערונג צוליבן עפּיזאָד פון דער פּיינטלעכער דעמאָנסטראַציע. די דעמאָלסטדיקע אַ. ר.־קאָנווענשאָן איז געווען אַ גרויסע. עס זיינען צווישן די דעלעגאַטן געווען מיליטאַנטן און קאָמוניסטישע נאָכלויפער, וועלכע זיינען שאַרף אַרויסגעטרעטן קעגן כאַנינס פאָרשלאָג. כאַנין איז ביי יענער קאָנווענשאָן געווען דער קאַנדידאַט פאַרן פרעזידענט־אַמט אין אַ. ר. אייניקע האָבן געפּרואווט כאַנינען באַווירקן, אַז ער זאָל די רעזאָלוציע צוריקציען, ווייל דאָס קען אים שטערן געווילט צו ווערן אַלס פּרעזידענט פון אַרבעטער־רינג. כאַנין איז אויף זיינס באַשטאַנען. ער האָט געפילט, אַז דער גרעסטער טייל פון די דעלעגאַטן איז מיט אים און אַז זיין פאָרשלאָג וועט דורכגיין; ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אַזאַ קאָנווענשאָן־באַשלוס וועט זיין אין גייסט פונם אַרבעטער־רינג. דער עפּיזאָד באַשטעטיקט כאַנינס לאָיאַליטעט צו פּערזאָנען און צו דעם גייסט פון דער באַוועגונג.

⁂

און נאָך אַן אייגנאַרטיקער עפּיזאָד אין כאַנינס לעבן. דאָס איז געווען אין אַ ווינטער, ווען כאַנין האָט פאַרטראַכט און באַשלאָסן אָנצושרייבן זיין אויטאָביאָגראַפיש בוך „בערעלע״. איך האָב דאַן מיט אים פאַרבראַכט אַ וואָך צייט אין וואודרידזש ביי זיין שוועסטער, מאַלי שיין. שעהן לאַנג פלעגט ער אָפּזיצן מיט זיין שוועסטער, מאַלי, און ריידן וועגן דער אַלטער היים, וועגן שטעטעלע, וואו ער איז געבוירן געוואָרן, וועגן דער משפּחה, פריינד, סביבה. איך בין געזעסן און זיך

צוגעהערט און האָב געפילט, אַז פון כאַנינס דערינערונגען אין יענע געשפּרעכן האָט אַרויסגעשטראַלט אַזוי פיל ליבע צום שטעטל, צו דער משפּחה זיינער, צו די חברים פון זיינע יינגע קאַמף־יאָרן און צו דער אַלטער היים. און אָט די שיינע און אינטימע עפּיזאָדן און פּאַסירונגען האָט כאַנין שפּעטער אין דער שטילקייט פון דער ווינטער־נאַכט אין וואודרידזש אַרויסגעבראַכט אויף פּאַפּיר און ס'איז פון דעם געוואָרן דאָס בוך „בערעלע״.

***

ס'איז געקומען דאָס יאָר, ווען כאַנין איז געוואָרן דער בילדונגס־דירעקטאָר פונם אַ. ר. עס איז פאַר אים געווען בלויז פּראָפעסיאָנעל אַ נייע אַרבעט, ווייל די אַ.ר.־שול און בילדונגס־טעטיקייט איז געווען פאַר אים שוין גאָר ניט ניי. כאַנין האָט זיך אין דער נייער אַרבעט אַריינ־געוואָרפן מיט אַ פאַרמעסט, מיט אַ שטרעבונג צו געבן דער אַרבעט נייעם שוואונג. זיין פּראַקטישקייט, זיין ענערגיע, זיין טיפער גלויבן האָט אויך אין דער אַרבעט באַוויזן, אַז כאַנין האָט וואָס צו געבן דעם נייעם אַמט זיינעם. כאַנין טראַכט וועגן נייע וועגן פון אַרבעט. ער טוט עס אַלעמאָל. ער ווערט ניט מיד פון דעם. טראַכטנדיק וועגן נייע וועגן און מעטאָדן פון אַרבעט אין דעם אָדער יענעם צווייג פון אונזער באַ־וועגונג, פאַרגעסט ער ניט אין וויכטיקע זאַך — אַז דאָס רעאַלע אין אונזער לעבן מוז באַזירט ווערן אויף אַ באַשטימטן גייסטיקן און אי־דעאָלאָגישן פונדאַמענט.

זאָל כאַנין אויך אָנהאַלטן זיין טיפן גלויבן אין די אידייען, אין וועלכע ער האָט געגלויבט ביז איצט. זאָלן זיי אים באַלויכטן און לייכטער מאַכן זיין אַרבעט נאָך פיל יאָרן.

פיליפ בלאַק

# פּערספּעקטיוון פאַר דעם עקאָנאָמישן אויפבוי פון די יידן אין אייראָפּע

דאָס עקאָנאָמישע לעבן פון די יידן, וועלכע וועלן בלייבן אין מזרח־אייראָפּע, איז איצט קאַרדינאַל אַנדערש ווי אַמאָל און עס ענדערט זיך פון טאָג צו טאָג. קיינער גלויבט ניט אין דער מעגלעכקייט צו קאָנען צוריקברענגען די לעבן־געבליבענע יידן צו זייערע אַמאָליקע פּרנסות. במשך די מלחמה־יאָרן האָבן נישט־יידישע עלעמנטן פאַרכאַפּט אַלע פּאָזיציעס; די נייע רעגירונגען פון די מזרח־לענדער שטייען איצט מיטן פּנים צו קאָלעקטיוויזאַציע, שטרעבן אַלץ מער צו בויען דאָס עקאָנאָמישע לעבן אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות. מיט אַנדערע ווערטער, עס וועט בכלל ניט מעגלעך זיין צו אַנטוויקלען פּריוואַטן גרויס־האַנדל אָדער פּריוואַטע גרויס־אינדוסטריע.

פאַר דעם איינצלנעם ייִדן אין אייראָפּע און פאַר די יידישע ישובים בכלל פאַרבלייבט דעריבער נאָר אַריבערצוגיין צו אַ לעבן פון פּראָדוקטיווער אַרבעט. במשך דעם לעצטן האַלבן יאָרהונדערט האָט מען ביי אונז גערעדט און דיסקוטירט וועגן פּראָדוקטיוויזירן די יידישע מאַסן.ליידער איז דאָס דאָזיקע פּראָבלעם ניט אָנגענומען געוואָרן מיט דעם ערנסט ווי עס האָט פאַרדינט. אַפילו אין די גאָר אַלטע „גוטע" צייטן, איז די עקאָנאָמישע באַזע פון מיליאָנען יידן געווען שטאַרק באַדראָט. דער ווייט־זעענדער יידישער כלל־טוער, וואָס האָט געטראַכט וועגן דער צוקונפט פון יידן אין אייראָפּע און זייער עקאָנאָמישן מצב, האָט שוין דאַן פאַרשטאַנען, אַז דער חשבון צווישן די אַנדערע פעלקער און די יידן איז געפירט געוואָרן ניט ווי פון „מענטש צו מענטש", נאָר ווי פון „פאָלק צו פאָלק". אין צייטן פון אויפבלי אין דער מאָדערנער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט פלעגט מען דעם פאַקט פאַרגעסן, אָבער אין צייטן פון קריזיסן פלעגט שטענדיק דער ייד דערפילן אָט דעם

דאָזיקן חשבון און די רעזולטאַטן זיינען אַלע מאָל געווען טראַגישע פאַר די אייראָפּעאישע יידן. עס איז שוין אַן אַלטער כלל, אַז אין צייטן פון „פּראָספּעריטי" שלאָפט איין אַ ביסל דער אַנטיסעמיטיזם און אין צייטן פון קריזיסן ווערט ער שטאַרקער און אַנגרייפערישער.

צו אָט די ווייט־זעענדיקע מענטשן האָבן געהערט די געזעלשאַפט־לעכע טוער, וועלכע האָבן צוריק מיט 66 יאָר געגרינדעט דעם „אָרט", וואָס האָט זיך געשטעלט אַלס אויפגאַבע צו אַנטוויקלען מלאכה און לאַנדווירטשאַפט צווישן די יידן אין אייראָפּע. שווער איז געווען צו געפינען די מיטהעלפער און מיטגייער. שווער איז געווען אויפצוקלערן די מוחות פון פאָלק דעם גרויסן נאַציאָנאַלן, סאָציאַלן און היסטאָרישן באַדייט פון דער אונטערגענומענער אַרבעט איבערצובויען אונזער גאַנצע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע סטרוקטור. ליידער האָט דער גרעס־טער טייל פון דער יידישער אינטעליגענץ ניט געהאַט די נויטיקע פאַרשטענדעניש פאַר דעם ווייטן בליק פון די איניציאַטאָרן פון „אָרט".

היינט איז עס כמעט קלאָר פאַר יעדן, אַז מלאכה פאַר די לעבן־געבליבענע יידן אין אייראָפּע איז דער איינציקער אינסטרומענט, מיט וועלכן זיי קענען פאַרזיכערן זייער קיום.

„אָרט" איז די עלטסטע צווישן אַלע צענטראַלע יידישע אַלוועלט־לעכע אָרגאַניזאַציעס, וואָס פאַרנעמען זיך מיט סאָציאַלער הילף און רעקאָנסטרוקציע. דער „אָרט" איז געגרינדעט געוואָרן אין רוסלאַנד, וואו עס האָט געלעבט דער גרעסטער טייל פון יידישן פאָלק אין אַ שרעק־לעכן דלות, נויט און אָרימקייט. איינגעשפאַרט אין תחום פון קליינע שטעטלעך, האָבן יידן זיך געשטיקט און געראַנגלט פאַר אַ שטיקל טרוקן ברויט. דער „אָרט" האָט זיך געשטעלט דעם צוועק צו העלפן לייזן די פּראָבלעמען פון יידישן בעל־מלאכה און פון דעם יידישן לאַנדווירט. אין יענער צייט איז די שטימונג ביי אַ היבשער צאָל יידישע אינטעליגענטן געווען אַ געהויבענע. מען איז געווען אַרומגעכאַפּט מיט ליבעראַלע האָפענונגען און טרוימען. און אין דער צייט איז אין צענטער פון אַלע פראַגן געשטאַנען די אָנגעוויטאָגטע פּראָבלעמען פון יידישער עקאָ־נאָמישער נויט און פּאָליטישער רעכטלאָזיקייט.

אין אַ ריי שטעט זיינען אָנגענומען געוואָרן פּראַקטישע מיטלען צו העלפן דעם יידישן האַנטווערקער און צו פאַרשפּרייטן לאַנדווירט־שאַפט, וואָס האָט נאָך אין אַ געוויסער מאָס עקזיסטירט צווישן אַ היבשער צאָל יידן. די אָרגאַניזאַציע האָט באַקומען נייע מיטאַרבעטער און שותפים. ליבעראַלע צייטונגען האָבן אָנגעהויבן פּראָפּאַגאַנדירן די אידייע פון „אָרט", און די ערשטע זאַמלונג פאַר פּראַקטישער אַרבעט האָט געבראַכט אַ סומע פון איבער 65 טויזנט רובל. לויט דער אינפאָר־מאַציע, וואָס ג. אַראָנסאָן, וועלכער איז לאַנגע יאָרן געווען סעקרעטאַר פון „אָרט", גיט אין זיין אַרטיקל אין דער „צוקונפט" פון אָקטאָבער 1942, האָבן אין דעם יאָר 1880 זיך באַטייליקט אין די זאַמלונגען איבער 13,000 יידן, און די געזאַמלטע סומע האָט שוין דאַן דערגרייכט ביז אַ פערטל מיליאָן רובל.

צוליב פּאָליטישע ענדערונגען אין לעבן פון לאַנד איז שפּעטער די אַרבעט פון „אָרט" געוואָרן שווערער און שווערער. דאָך האָט דער „אָרט" אין יענער צייט געטאָן אַ וויכטיקע אַרבעט אויף דעם געביט פון רעקאָנסטרוקציע און האָט געהאָלפן הויבן דעם עקאָנאָמישן מצב פון די יידישע מאַסן.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך ראַדיקאַל פאַרער־גערט די עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידן אין די פאַרשידענע מזרח־און מערב־אייראָפּעאישע לענדער. דאָס יידישעווירטשאַפטלעכע לעבן איז צעטרייסלט געוואָרן. די האָפענונגען פון 1917 זיינען צערונען געוואָרן. פּאָגראָמען און בירגער־קריג האָבן אַריינגעטראָגן כאַאָס און צעשטע־רונג אין עקאָנאָמישן און ווירטשאַפטלעכן לעבן פון די יידן. ס'האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע פון אויסשפּרייטן די טעטיקייט אין די ניי־געגרינדעטע זעלבסטשטענדיקע מלוכות, און דער „אָרט" איז גע־וואָרן אַן אַלוועלטלעכע אָרגאַניזאַציע צו זאָרגן פאַר די יידן אין אַלע לענדער, וואו זיי וואוינען אין גרעסערע קאָמפּאַקטע מאַסן.

מיט דער גרינדונג פון וועלט־פאַרבאַנד „אָרט" האָט זיך אָנגע־הויבן אַן אינטענסיווע אַרבעט פון רעקאָנסטרוקציע. עס זיינען געשאַפן געוואָרן לערן־אַנשטאַלטן, פאַך־שולן, קאָאָפּעראַטיוון, און אַ נעץ פון לאַנדווירטשאַפטלעכע אונטערנעמונגען אין פּוילן, רומעניע, לעטלאַנד, ליטע, בולגאַריע און אין אַנדערע לענדער. הונדערטער „אָרט"־אינסטי־

טוציעס האָבן פונקציאָנירט אין פוילן. אַ היבשע צאָל אַגריקולטורעלע קאָלאָניעס אין רומעניע, פאַך־שולן און לערן־אַנשטאַלטן אין ליטע און לעטלאַנד. „אָרט" איז געוואָרן אַ וויכטיקער אינסטרומענט אויפן געביט פון העלפן דעם יידישן מענטשן זיך צוצופּאַסן צו די ניי־געשאַפענע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע באַדינגונגען אין די לענדער, וואו יידן האָבן זיך געפונען.

די צווייטע וועלט־מלחמה, די היטלער־קאַטאַסטראָפע, האָט דעם „אָרט" געבראַכט אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט. פאַר די צענטליקער טויזנטער פּליטים, וועלכע האָבן פון דעם היטלער־גיהנום זיך געראַטעוועט אין די דרום־ און צענטראַל־אַמעריקאַנער לענדער, האָט דער „אָרט" אַנטוויקלט אַ ברייטע פּראָגראַם פון פאַכלעכער אויסבילדונג, כדי צו העלפן הונדערטער און טויזנטער יידן צו באַפעסטיקן זייער עקזיסטענץ אין די נייע לענדער.

היינט ווייסן מיר שוין אויך וואָס פאַר אַ גוואַלטיקע ראָל „אָרט" האָט געשפּילט אַפילו אין די אָקופּירטע היטלער־לענדער. פאַרם־קאָלאָניעס אין פראַנקרייך, „אָרט"־אינסטיטוציעס אין דער שווייץ און אַפילו די פאַך־שולן אין די געטאָס פון פוילן האָבן בייגעטראָגן אין גאָר אַ גרויסער מאָס צו פאַרלייכטערן דיליידן פון די געפּייניקטע יידן, און אין טייל פאַלן אַפילו ראַטעווען זיי פון פשוטן טויט.

עס איז שווער היינט צו ריידן וועגן קאָנסטרוקטיווער אַרבעט פאַר די רעשטלעך לעבן־געבליבענע יידן. איך ווייס ניט וואָס דער גורל האָט אָנגעצייכנט פאַר די קליינע יידישע ישובים, וואָס דער שיקזאַל האָט צוגעגרייט פאַר זיי אין דער צוקונפט. איין זאַך אָבער איז זיכער, אַז מלאכה אין דער אינדוסטריע און אַרבעט אויפן פעלד איז איצט דער געבאָט פון דער שעה סיי פאַר די יידן, וועלכע וועלן פאַרבלייבן אין די לענדער וואו זיי זיינען, און סיי פאַר די יידן, וועלכע דאַרפן און וועלן זיך באַזעצן ערגעץ אַנדערש. דער „אָרט" וועט מוזן, און דער „אָרט" טוט דאָס שוין, צופּאַסן זיין פּראָגראַם צו די אַקטועלע באַדינגונגען פון יעדן לאַנד, צו דעם טעמפּאָ פון דער אינדוסטריאַליזאַציע אין איינצלנע לענדער, און צו דער אַנטוויקלונג פון די באַזונדערע מלוכות. ביים העלפן איבערבויען דאָס יידישע עקאָנאָמישע לעבן דאַרף מען האָבן אין זינען ברייטע און ווייטע צילן פון אַ נייער, געזונטער יידישער צוקונפט.

ד. שוב

# דער דעמאָקראַטישער סאָציאַליסט

נ. כאַנין איז שוין פיל יאָרן אַ צענטראַלע פיגור אין דער יידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג פון אַמעריקע. ער איז איינער פון די טאָן־געבער אין אַרבעטער־רינג, אין דעם יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד, אין „פאָרווערטס״־אַסאָסיאיישאַן, אין דעם יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט און אין דער „ציקאָ״.

זיין ערשטע סאָציאַליסטישע דערציאונג האָט כאַנין באַקומען אין „בונד״ אין רוסלאַנד און אין די צאַרישע טורמעס. זיין קאַריערע אַלס אַ פירער פון דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג האָט ער געמאַכט אין יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד.

איך פּערזענלעך האָב פאַר 1921 קיינמאָל ניט געהערט כאַנינס נאָמען, כאָטש ער איז געקומען קיין אַמעריקע נאָך אין יאָר 1912 און איז באַלד נאָך זיין אָנקומען אַהער געוואָרן אַ מיטגליד פון דער יידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע, וועלכע איז געווען אַ טייל פון דער אַמעריקאַנער סאָצ. פּאַרטיי. אַלס אַ געהילף־רעדאַקטאָר און שפּעטער רעדאַקטאָר פון דער „נייער פּאָסט״, דעם טרייד־יוניאָן וואָכנ־בלאַט, וואָס איז אין די יאָרן 1910—1918 אַרויסגעגעבן געוואָרן פון דזשאָינט באָרד פון דער ניו־יאָרקער קלאָוקמאַכער יוניאָן, האָב איך ביז 1915 געשטיצט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי און איר יידישע פע־דעראַציע. אָבער נאָכדעם ווי די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט אין 1915 אָנגענומען אַ שאַרפע שטעלונג קעגן די עלאַיס אין דער מלחמה, בין איך געוואָרן אַ קעגנער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און פון דער יידישער פעדעראַציע. איך האָב געהאַלטן מיט יענע סאָציאַליסטישע פירער אין אייראָפּע, וועלכע האָבן באַהויפּטעט, אַז די מלחמה איז אַרויסגערופן געוואָרן פון די פירער פון דייטשן מיליטאַריזם און אַז אַ זיג פון דייטשלאַנד אין דער מלחמה וואָלט אויף צענטליקער יאָרן

פאַרשטאַרקט דעם מיליטאַריזם און די רעאַקציע אין דער גאַנצער וועלט. דעריבער איז די פליכט פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג פון אַלע לענדער צו העלפן די עלאַיס באַזיגן דאָס מילי־טאַריסטישע דייטשלאַנד. מיין קעגנערשאַפט צו די אַמעריקאַנער סאָ־ציאַליסטישער פאַרטיי איז נאָך מער פאַרשטאַרקט געוואָרן נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע, ווען די אָפיציעלע פרעסע פון דער ס.פּ. איז געוואָרן שטאַרק פראָ־באָלשעוויסטיש. איך האָב צוליב דעם אויפגע־הערט צו לייענען די „נייע וועלט", דעם אָפיציעלן אָרגאַן פון דער יידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע. איך האָב ניט נאָכגעפאָלגט די אינערלעכע קאַמפן, וואָס זיינען אָנגעגאַנגען אין דער פעדעראַציע צווישן די פאַרשידענע גרופּעס.

כאַנינס נאָמען האָב איך צום ערשטן מאָל דערהערט אין יאָר 1921, נאָך דער שפּאַלטונג אין דער פעדעראַציע, ווען ער איז דער־ווײלט געוואָרן אַלס סעקרעטאַר פון דעם ניי־געגרינדעטן יידישן סאָ־ציאַליסטישן פאַרבאַנד. דעמאָלט האָט ער נאָך געהייסן חאַנין (שפּעטער ווען איך בין געוואָרן רעדאַקטאָר פון „וועקער" — אָפיציעלן אָרגאַן פון פאַרבאַנד, האָב איך אים ממש געצוואונגען צו פאַרבייטן דעם ח אויף אַ כ און דעם קמץ אויף אַ פּתח. אַזוי איז פון חאַנין געוואָרן כאַנין). פּערזענלעך בין איך מיט אים באַקאַנט געוואָרן ערשט סוף 1922, ווען איך האָב שוין געהאַט פאַרעפנטלעכט אין „וועקער" אַ ריי אַרטיקלען אונטער די פּסעוודאָנימען א. ראָזענטאַל און „אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט". גלייך ביי דער ערשטער באַגעגעניש מיט אים האָב איך דערפילט, אַז פון אַלע דעמאָלטיקע פירער פון פאַרבאַנד איז ער אַמווייניקסטן אָנגעשטעקט מיט דעם אַנטי־דעמאָקראַטישן באָלשע־וויזם. און ווען ער האָט מיר פאַרגעלייגט איבערצונעמען די רע־דאַקציע פון „וועקער", וועלכער פלעגט דעמאָלט אַרויס וועכנטלעך אין 16, 20 און 24 זייטן, האָב איך דעם פאָרשלאָג אָנגענומען נאָר דערפאַר, וואָס איך האָב דערפילט, אַז מיט אים וועל איך קענען לייכט געפינען אַ געמיינזאַמע שפּראַך און קעמפן צוזאַמען פאַר די אידייען, וואָס זיינען מיר געווען טייער.

פאַר איינעם וואָס האָט אַליין ניט דורכגעמאַכט יענעם קריטישסטן

פּעריאָד אין דער געשיכטע פון דער אַמעריקאַנער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, וועט גאַר אוממעגלעך זיין זיך פאָרצושטעלן אין וואָס פאַר אַ נעבעכדיקן צושטאַנד עס האָט זיך אין די ערשטע יאָרן נאָך דער שפּאַלטונג געפונען די אַזוי גערופענע „רעכטע" באַוועגונג, די יעניקע סאָציאַליסטישע און סאָציאַליסטיש־אָנגעהויכטע אָרגאַניזאַציעס, וועל־כע האָבן ניט געוואָלט און ניט געקענט אָננעמען די נייע מאָסקווער תורה און זיינען געבליבן טריי די אידעאַלן פון פרייהייט, דעמאָקראַטיע און מענטשלעכקייט.

אין יאָר 1920 האָבן די יידישע יוניאָנס זיך געפונען אויפן העכסטן שטאַפּל פון מאַכט און איינפלוס. אויך פאַר דעם אַרבעטער־רינג איז דאָס יאָר 1920 געווען אפשר דאָס גליקלעכסטע אין זיין גאַנצער גע־שיכטע. ער איז דאַן פון אַלעמען באַטראַכט געוואָרן אַלס דער „רייכער פעטער" פון דער גאַנצער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. די סאָציאַליס־טישע פּאַרטיי איז דעמאָלט אויך געווען נאָך גאַנץ שטאַרק. אָבער דער קאָמוניזם האָט ביסלעכווייז אָנגעמאַכט אַ חורבן אין דער יידישער אַר־בעטער־באַוועגונג. די קאָמוניסטן האָבן זיך ניט באַגנוגנט מיט דעם וואָס זיי האָבן אויפן באַפעל פון מאָסקווע געשפּאַלטן די סאָציאַ־ליסטישע פּאַרטיי. זיי האָבן זיך אויך פאַרמאָסטן אויף די יידישע יוניאָנס, אויפן אַרבעטער־רינג, אויפן „פאָרווערטס" און אויף אַלע אַנדערע יידישע ראַדיקאַלע און אַרבעטער־אינסטיטוציעס, וועלכע זיינען מיט אַזוי פיל מי און אָפּפער אין פאַרלויף פון צענטליקער יאָרן געבויט געוואָרן פון אַנדערע. אומעטום, וואו די קאָמוניסטן האָבן נאָר געהאַט אַ שטיקל צוטריט, האָבן זיי געזוכט אַריינצוברענגען שפּאַל־טונג און דעמאָראַליזאַציע. די גאַנצע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג איז אַריינגעשליידערט געוואָרן אין אַ צושטאַנד פון מיש־מאַש. די ראַדיקאַלע יידישע מאַסן האָבן נאָך ניט געהאַט זיך באַפרייט פון דעם באָלשעוויסטישן פּסיכאָז. די רעוואָלוציאָנערע פראַזע האָט נאָך ניט גע־האַט פאַרלאָרן איר צויבער־קראַפט ביי די יידישע ראַדיקאַלן פון אַמעריקע. די קאָמוניסטן זיינען געקומען צו די יידישע אַרבעטער מיט זייער „נייעם וואָרט", — באַוואָפנט מיטן שם־המפורש פון מאָסק־ווע אין אַ צייט, ווען די אַקציעס פון דעם רוסישן באָלשעוויזם זיינען

געשטאַנען זייער הויך אויף דער יידישער גאַס און זיי האָבן געפונען אַ פּאַרטיקן באָדן פאַר זיך, דעם באָדן פאַרן קאָמוניזם, וועלכער איז טיילוויין צוגעגרייט געוואָרן פון דער סאָציאַליסטישער פּרעסע. און אַזוי ווי די קאָמוניסטן האָבן זיך געשטעלט אַלס זייער הויפּט־אויפ־גאַבע צו שפּאַלטן יעדער יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, וועלכע זיי קענען ניט פאַרכאַפּן, איז דער קאָמוניזם געוואָרן אַ געפאַר פאַר דער עצם עקזיסטענץ פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

די גאַנצע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג איז אַריינגעטראָטן אין אַ קריטישן פּעריאָד פון אינערלעכן קאַמף, פון רייסענישן, שפּאַלטונגען און דעמאָראַליזאַציע. די קאָמוניסטן האָבן געשפּאָלטן און געבראָכן די יוניאָנס. זיי האָבן פּרובירט שפּאַלטן דעם אַרבעטער־רינג, זיי האָבן טיילוויין פאַרכאַפּט דעם אינדעפּענדענט אַרבעטער־רינג און פון דאָרט געזוכט אָנפירן זייער אַטאַקע אויפן גרעסטן אַרבעטער־אָרדן. זיי האָבן אַריינגעבראַכט רייסערייען אין יעדן ברענטש פון אַרבעטער־רינג, וואו עס האָט זיך נאָר געפונען זייערער אַן אָנהענגער און זיי האָבן געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונגען צו פאַרכאַפּן דעם גאַנצן אָרדן.

אין יענעם קריטישן מאָמענט איז געווען נאָר איין איינציקע אָרגאַניזאַציע אויף דער גאַנצער יידישער גאַס, וואָס האָט אָפן דער־קלערט קריג די קאָמוניסטן און דעם באָלשעוויזם—און דאָס איז געווען דער יידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד, פון וועלכן ב. כאַנין איז גלייך ביי דער גרינדונג געוואָרן דער הויפּט־פירער. דער יידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד האָב גלייך אין אָנהויב פאַרבונדן זיין שיקזאַל מיטן שיקזאַל פון די איבעריקע טיילן פון דער פּראָגרעסיווער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. ער האָט אויפגענומען דעם קאַמף אין יעדן טייל פון דער באַוועגונג און האָט עס באַטראַכט פאַר זיין איי־גענעם קאַמף. דער פאַרבאַנד האָט אויך איבערגענומען די געזעלשאַפט־לעכע און קולטורעלע אַרבעט פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

דער יידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד האָט דורך דעם „וועק־קער" און דורך אַנדערע אויסגאַבן זיינע כסדר אויפגעדעקט די פּרינ־ציפּנלאָזיקייט, די ניט־אויפריכטיקייט פון די סאָציאַליסטישע רענעגאַטן, וועלכע זיינען איבער נאַכט געוואָרן די וואָרט־פירער פון דעם אַמע־ריקאַנער יידישן קאָמוניזם.

דער יידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד, אונטער כאַגינס אָנ־פירערשאַפט, האָט זיך באַמיט באַקאַנט צו מאַכן די יידישע מאַסן מיט די אמתע פאַקטן וועגן דער טעטיקייט פון די קאָמוניסטן סיי אין אַמע־ריקע און סיי אין אַנדערע לענדער. ער האָט סיסטעמאַטיש אויפגע־דעקט אַלע אינטריגעס פון די קאָמוניסטן אין דער היגער אַרבעטער־באַוועגונג, און ער האָט דורך דעם צעשטערט פיל פון זייערע פּלענער, וואָס זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן אין די אונטערערדישע קאָמוניסטישע קרייזלעך.

דער „וועקער" איז געווען דער ערשטער סאָציאַליסטישער אָרגאַן אין גאַנץ אַמעריקע, וואָס האָט דערציילט די היגע אַרבעטער דעם גאַנצן אמת וועגן דעם „גן־עדן", וואָס די קאָמוניסטן האָבן געשאַפן אין רוסלאַנד. דער „וועקער" איז געווען די ערשטע סאָציאַליסטישע צייט־שריפט אין אַמעריקע, וואָס האָט דורכגעפירט אַ שאַרפע גרענעץ־ליניע צווישן דעם פרייען דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם, ווי ער איז געפּרעדיקט געוואָרן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, און דעם דיקטאַטאָרישן קאָמוניזם. און דאָס איז געווען אין אַ צייט, ווען אַ סך אַמעריקאַנער סאָציאַליסטן און ראַדיקאַלן האָבן זיך נאָך אַלץ גע־בוקט פאַר דעם מאָסקווער אָפּגאָט.

זיי האָבן אין זייערע עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען זיך באַמיט ציען אַ שאַרפע ליניע צווישן דעם קאָמאינטערן און דער סאָוועטן־מאַכט. דעם קאָמאינטערן האָבן זיי פאַרדאַמט, אָבער די סאָוועט־רעגירונג האָבן זיי אַ לאַנגע צייט באַטראַכט פאַר אַן אַרבעטער־רעגירונג און אויסגעמיטן זי עפנטלעך צו קריטיקירן. אויף דער שאַרפער קריטיק פון פאַרבאַנד האָט פון אָנפאַנג אָפּילו מאיר לאָנדאָן, וועלכער איז געווען אַ ביטערער קעגנער פון קאָמוניזם און דיקטאַטור, געקוקט זייער קרום. אויך דער „פאָרווערטס" און די „צוקונפט", אונטער דער רעדאַקציע פון א. ליעסין, האָבן אין די ערשטע פּאָר יאָר נאָך דער שפּאַלטונג פאַרנומען אומגעפער די זעלבע שטעלונג צו סאָוועט־רוסלאַנד. נאָך אין יאָר 1923 האָבן סיי אין דער „צוקונפט" און סיי אין „פאָרווערטס" זיך געדרוקט פּראָ־סאָוועטישע אַרטיקלען און קאָ־רעספּאָנדענציעס פון רוסלאַנד און איינער פון די אינעווייניקסטע מיט־

אַרבעטער פון „פאָרווערטס“ איז גלייכצייטיק געווען דער רעדאַקטאָר פון אַ רוסישער קאָמוניסטישער צייטונג אין ניו־יאָרק. אַ קאָמוניסט איז אויך געווען דער רעדאַקטאָר פון דעם „פריינד“ (אָפיציעלער אָר־גאַן פון אַרבעטער־רינג). אויך דער אָנפירער פון די אַרבעטער־רינג שולן איז געווען אַ קאָמוניסט. די פּאַקטישע רעדאַקטאָרן פון דעם „פאָרט־שריט“ (אָפיציעלער יידישער אָרגאַן פון דער אַמאַלגאַמייטעד) זיינען געווען שטאַרק פּראָ־סאָוועטיש. דאָס זעלבע אויך דער רעדאַקטאָר פון דעם אָפיציעלן אָרגאַן פון די קאַפּעגמאַכער יוניאָן. און זיי אַלע האָבן דירעקט און אומדירעקט געהאָלפן פאַרשפּרייטן די באָלשעוויסטישע סענטימענטן אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס.

דעם יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד און דעם „וועקער“ איז אויסגעקומען צו פירן אַ שווערן ביטערן קאַמף ניט בלויז קעגן די אָפענע קאָמוניסטן, נאָר אויך קעגן די, וועלכע האָבן אַ לענגערע צייט פאַרנומען וויכטיקע פּאָזיציעס אין אַ גאַנצער ריי אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס פון דער אַזוי גערופענער „רעכטער“ באַוועגונג און האָבן געאַרבעט פאַרן קאָמוניזם. דער „וועקער“ האָט כסדר אַרונטערגעריסן פון זיי די מאַסקע און בעיקר אַ דאַנק דעם פאַרבאַנד און ספּעציעל כאַנינען זיינען אָט די פאַרשטעלטע קאָמוניסטן ענדלעך באַזייטיקט געוואָרן פון דער „רעכטער“ באַוועגונג.

אין דער צייט, וואָס די קאָמוניסטן האָבן געקאָרמעט דעם עולם מיט פאַרשידענע אַנאָנימע פּאַסקווילן און ליגנס וועגן דער אינטערנאַ־ציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און אירע פירער און טוער, האָט דער „וועקער“ אין די ערשטע 5 — 6 יאָר פון זיין עקזיסטענץ סיסטעמאַטיש געדרוקט אַרטיקלען פון די אָנערקענטע טעאָרעטיקער און וואָרט־פירער פון אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם וועגן דעם ווירק־לעכן צושטאַנד פון דער באַוועגונג אין פאַרשידענע לענדער און וועגן די אַלע פּראָבלעמען, וואָס זיינען געשטאַנען פאַר דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג. דער „וועקער“ האָט ניט געזוכט קיינעם צו גע־פעלן ווערן אָדער ביי עמיצן אויסנעמען. ער האָט זיך צו קיינעם ניט געחנפעט, האָט ניט דעמאַגאָגעוועט און האָט ניט מורא געהאַט צו זאָגן דעם אמת, ווען אַפילו דאָס האָט ניט געשטימט מיט די איינגעוואָרצל־

טע טראַדיציעס פון אַמאָל און מיט די פאַרשטיינערטע דאָגמעס פון די, וואָס האָבן געהאַט אַ מאָנאָפּאָל אויפן „אמתן סאָציאַליזם".

דער „וועקער" האָט אין יענע יאָרן געזוכט אַריינצוברענגען אַ גײַסט פון טאָלעראַנץ פון איין סאָציאַליסטישער גרופּע צו דער צווייטער. ער האָט קיין מאָל ניט גענומען אויף זיך די ראָל פון אַ פּוסק צו פּסלען דעם סאָציאַליזם פון דער אָדער יענער סאָציאַליסטישער גרופּע אָדער ריכטונג, און אַט די זעלבע טאָלעראַנץ האָט ער אַרויסגעוויזן צו דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג, צו די מעכטיקע עקאָנאָמישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציעס פון דעם אַמעריקאַנער אַרבעטער־קלאַס. דער „וועקער" האָט ברייט געעפנט זיינע שפּאַלטן פאַר יעדן ערנסטן סאָציאַליסט, וואָס האָט נאָר געהאַט עטוואָס צו זאָגן מכח די פאַרשידענע פּראָבלעמען פון סאָציאַליזם און מכח די פראַגן פון פּאַרטיי־פּראָגראַם און טאַקטיק. דער „וועקער" איז געווען איינער פון די ערשטע סאָציאַליסטישע אָרגאַנען, וואָס האָט ניט אויפגעהערט אָנצואווייזן אויף דער נויטווענדיקייט צו רעווידירן די סאָציאַליסטישע מעטאָדן און טאַקטיק און צופּאַסן זיי צו די פאָדערונגען פון דער נייער צייט.

אַ סך פון די עלטערע יידישע סאָציאַליסטן האָבן דערפאַר אָפט געהאַט טענות צום פאַרבאַנד און צום „וועקער". איך דערמאָן זיך, ווי איינער פון די דעמאָלט אָנגעזעענסטע יידישע סאָציאַליסטן האָט אויף אַן ענגן פּאַרטיי־צוזאַמענקונפט פאַרגעוואָרפן דעם פאַרבאַנד, אַז זיין שטעלונג צו סאָוועט־רוסלאַנד איז אַן אַנטי־סאָציאַליסטישע און זאָגאַר רעאַקציאָנערע, און אַז די לייט־אַרטיקלען פון דער „ניו־יאָרק וואָירלד" (די דעמאָלטיקע טעגלעכע ניו־יאָרקער צייטונג פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי) און פון דער „ניו־יאָרק טיימס" זיינען „אַ סך ליבעראַלער און פּראָגרעסיווער", ווי די אַרטיקלען פון „וועקער". כּאַניק, קען איך זאָגן, איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט סיי אויף יענעם צוזאַמענקונפט און סיי אויף אַלע אַנדערע פאַרזאַמלונגען, וואו די פראַגע וועגן דער פּאָליטיק פון „וועקער" איז דיסקוטירט געוואָרן, שטענדיק אויף פולע הונדערט פּראָצענט זיך סאָלידאַריזירט מיט דער דעמאָלטיקער ריכטונג פון „וועקער". ער האָט די זעלבע אידייען אויך געפּרעדיקט אויף די אומצייליקע פאַרזאַמלונגען פון יידישן סאָציאַ־

ליסטישן פאַרבאַנד, פון די ברענטשעס פון אַרבעטער־רינג און פון יוניאָנס, וועלכע ער האָט אַדרעסירט אין אַלע שטעט און שטעטלעך פון די פאַראייניקטע שטאַטן, וואו עס איז נאָר פאַראַן אַ מער אָדער ווייניקער באַדייטנדע יידישע באַפעלקערונג.

דער יידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד האָט זיך געשטעלט אַלס זיין הויפּט־אויפגאַבע צו פאַרהיטן די גאַנצקייט און די ריינקייט פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און אַריינברענגען דעמאָקראַ־טיש־סאָציאַליסטישן באַוואוסטזיין אין די רייען פון די יידישע מאַסן. דאָס האָט ער געטאָן דורכן „וועקער", דורך די פיל סאָציאַליסטישע ליפלעטס, בראָשורן און ביכער וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן און דורך אומצאָליקע פאַרזאַמלונגען און לעקציעס פון פראָמינענטע סאָציאַליס־טישע רעדנער פון אַמעריקע און פון אייראָפּע, וואָס זיינען פון כאַנינען אָרגאַניזירט און דורכגעפירט געוואָרן איבערן גאַנצן לאַנד.

דער פאַרבאַנד איז אין יענע יאָרן געווען דער אידעאישער צענטר פון דער גאַנצער יידישער דעמאָקראַטישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע. דער פאַרבאַנד האָט געליפערט פאַר אַלע צווייגן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג די גייסטיקע וואָפן, אין וועלכע זיי האָבן זיך אַזוי שטאַרק גענויטיקט אום צו קענען באַשיצן זייערע אָרגאַניזאַ־ציעס פון די קאָמוניסטישע פאַרכאַפּער און צעשטערער. דער פאַר־באַנד, זיינע רעדנער, זיינע אָרגאַנייזערס און זיינע ברענטשעס צוזאַמען מיטן „וועקער" האָבן געטאָן אַלעס מעגלעכעס צו פאַרניכטן דעם גיפט, וועלכן די קאָמוניסטן האָבן זיך באַמיט אַריינצוברענגען אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. אין יענעם קריטישסטן פעריאָד אין דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע האָבן יעדע יידישע יוניאָן, יעדער ברענטש פון אַרבעטער־רינג, און יעדע אַנדערע פּראָגרעסיווע און ראַדיקאַלע יידישע אָרגאַניזאַציע אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע געוואוסט דעם אַדרעס פון דעם יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד. וואו נאָר עס האָט זיך אין אַ יידי־שער ראַדיקאַלער און אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע געמאַכט אַ צרה, איז מען געלאָפן זיך באַקלאָגן צו כאַנינען און זוכן מאָראַלישע הילף ביים יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד. און דער פאַרבאַנד האָט ניט קוקנדיק

אויף זיינע אָרעמע קרעפטן קיינמאָל ניט אָפּגעזאָגט זיך צו העלפן יעדער אָרגאַניזאַציע מיט וואָס, ער האָט געקענט.

קאָנווענשאָנס פון דעם יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד זיינען געווען ניט בלויז צוזאַמענקונפטן פון אַזוי פיל און אַזוי פיל דעלעגאַטן פון אַ צאָל סאָציאַליסטישע ברענטשעס. דאָס זיינען געווען צוזאַמענקונפטן פון פאַרטרעטער פון אַלע טיילן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. ניט נאָר דער אַרבעטער־רינג און דער „פאָרווערטס", נאָר אויך די יידישע יוניאָנס זיינען ביי די קאָנווענשאָנס געווען פאַרטראָטן דורך זיינע אָנגעזעענסטע און וויכטיקסטע פירער.

יעדע קאָנווענשאָן פון יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד איז געווען אַ וויכטיקע געשעעניש אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס און אין דער גאַנצער היגער ראַדיקאַלער וועלט. אויב די אַמעריקאַנער סאָציאַליסטן און די גרויסע מערהייט פון די ראַדיקאַל־געשטימטע יידישע מאַסן האָבן זיך סוף־כל־סוף אויסגעניכטערט פון דעם קאָמוניסטישן טשאַד איז עס אין אַ גאַר גרויסער מאָס צו פאַרדאַנקען דעם יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד און דעם „וועקער". די אַרבעט פון פאַרבאַנד איז דעריבער טאַקע שטאַרק אָפּגעשאַצט געוואָרן ניט בלויז פון אַלע וויכטיקע טוער פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע, נאָר אויך פון אַלע דעמאָקראַטישע סאָציאַליסטן פון אַמעריקע און אַפילו פון אייראָפּע.

כאַנין איז אָבער מיט דער צייט „אַריבערגעוואַקסן" דעם פאַרבאַנד. ער איז געוואָרן אַ טאָן־געבער אין דער גאַנצער יידיש־סאָציאַליסטישער אַרבעטער־ און קולטור־באַוועגונג.

פאַר די לעצטע 25 יאָר האָב איך געהאַט די געלעגנהייט פון דער נאָענט צו זען כאַנינען און אויפמערקזאַם נאָכפאָלגן זיין טעטיקייט אויף פאַרשידענע געביטן אין אַלע טיילן פון דער באַוועגונג. כאַנין פאַרמאָגט די זעלטענע מעלות, וואָס זייער ווייניק מענטשן באַזיצן: אַ פּראַקטישן שכל, אינטעלעקטועלע ערלעכקייט און אויפריכטיקייט און מוט און ענערגיע צו קעמפן עקשנותדיק פאַר זיינע איבערצייגונגען. דער אידעאַליזם, וועלכן ער האָט מיט זיך געבראַכט פון דער אַלטער היים, האָט זיך אויך דאָ אין דער מאַטעריאַליסטישער אַמעריקע ניט

אויסגעוועפט מיט די יאָרן. איך ווייס ניט פון נאָך איינעם, וואָס האָט אַזוי פיל ווי כאַנין געטאָן צו באַשיצן ניט בלויז די גאַנצקייט, נאָר אויך די ריינקייט און דעם כבוד פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע און צו פאַרשפרייטן די אידייען פון הומאַניטאַרן דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם צווישן די יידישע מאַסן. זיין גאַנצן באַוואוסטזיניקן לעבן דינט כאַנין געטריי די אידעאַלן פון פרייהייט, דעמאָקראַטיע און מענטשלעכקייט.

ה. לאַנג

# אַ קאַפּיטל יידישער טרייד־יוניאָניזם

(זכרונות)

אַ לאַנגער מיטינג־צימער ביים סאַמע דאַך פון מאַרטיניק־האָטעל אויפן סקווער ביי די דרייסיקסטע גאַסן און בראָדוועי אין ניו־יאָרק. ביי דריי טישן, צעשטעלט אין דער לענג פון אויבנאָן ביזן טיר, זיצן אייגעטולעטע מענטשן אין זייערע מאַנטלען. ס'איז אַ פּראָסטיקער ווינטער־אָוונט, סוף דעצעמבער 1917. אַמעריקע איז שוין אַ צייט אין דער וועלט־מלחמה נומער איינס, איז ניטאָ קיין באַהייצונג.

די מענטשן זיינען געקומען פון שעפּער און פון יוניאָן־אָפיסעס. זיי שטעלן פאַר מיט זיך אַ ספּעציעלע קאָנווענשאָן פון די קאַפּן־מאַכער און מילינערי־אַרבעטער. זיי דאַרפן באַשליסן אַן ענין, וואָס איז נוגע אי זייער אייגענעם לעבן, אי דעם גורל פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, און האָט אַ שייכות צו דער מאָראַל פון דער אַלגע־מיין־אַמעריקאַנער יוניאָן־וועלט.

איך טרעף דאָרטן צום ערשטן מאָל נחום כאַנינען. אַ פיינלעכער קאַפּיטל פון יידישן טרעיד־יוניאָניזם שאַפט זיך דאָרטן, און כאַנין איז אין סאַמע מיטן.

אין אונזער געשיכטלעכער אַרבעטער־ליטעראַטור איז נאָך דער־וויל ניטאָ קיין פולע אָפּשאַצונג פון דעם דעמאָלטיקן צוזאַמענשטויס צווישן די יידישע קירזשנער און די ניט־יידישע הוט־מאַכער. עפּעס האָט מען מורא זיך צוצורירן צו דעם. פאַראַן וואונדן איבערצובינדן, און מ'איז צופרידן וואָס דאָס איז אַריבער. אין די אָפיציעלע רעקאָרדס איז געבליבן פאַרשריבן, אַז ס'איז געווען אַ פשוטער פאַך־ענין, און ניט מער; אַ יוריסדיקציע־פראַגע וועגן דעם, צו וועלכער אָרגאַני־זאַציע ס'זאָלן געהערן די אַרבעטער פון דאַמען־היט; צי זיי זיינען נאָענטערע פאַך־קרובים מיט די קאַפּן־מאַכער, צי מיט די העטערס,

און צי ס'איז מעגלעך אַ פֿאַראייניקונג פֿון אַלע מינים הוט־ און היטל־מאַכער. אַזעלכע טרעיד־סכסוכים שליסן איין פּרנסה־פּראָבלעמען און אָרגאַניזאַציע־אייפערזוכטן; דער ענין „קעפּמעיקערס" און „יונאַיטעד העטערס" איז אָבער אַוועק אַ סך ווייטער. עס האָט זיך דאָ אַריינגע־מישט די פֿראַגע פֿון „ייד און ניט־ייד", די פּאָזיציע פֿון דעם „אימי־גראַנט" צווישן „אַמעריקאַנער", און ס'האָט דאָ אויך ניט געפֿעלט פֿון „היסטאָרישן ברוגז" צווישן סאָציאַליסטן און אַמעריקאַנער טרעיד־יוניאָניסטן.

די צוויי דירעקטע צדדים אין דער פֿאַך־מלחמה האָבן זיך אויף אַזעלכע קאַמפּס־וועגן ניט פֿאַרמאָסטן, דאָך האָבן אַזעלכע וועגן זיך אָנגעצייכנט. ס'איז געווען אַ דריטער צד — די אַמעריקאַנער פֿעדע־ריישאָן אָוו לייבאָר — אין וועמס ברייטער דעמאָקראַטיע עס שלאָגן זיך אָפּט אַריין בייזע שטימונגען פּונקט אַזוי, ווי הערלעכע וואונטשן, קללה און ברכה, גיפֿט און גוטער וויין. ס'איז געקומען כמעט פֿון זיך אַליין: האָט די „יונאַיטעד העטערס" זיך באַקלאָגט פֿאַר דער אַמעריקאַנער יוניאָן־וועלט, אַז די „קעפּמעיקערס" קראַודן זי, האָט עס ממילא געהייסן, אַז „דער ייד" שטופּט זיך צו ברונימער, וואָס זיינען ניט זיינע, און אַז „דער אימיגראַנט" גייט דאָ דערטרינקען „די יוניאָן־סטענדאַרטס פֿון דעם אַמעריקאַנער". און וויבאַלד עס האָט זיך גע־האַנדלט אויף איין זייט וועגן דער יוניאָן פֿון די קאַפּן־מאַכער, וואָס איז געהאָדעוועט געוואָרן אין די וואַרעמקייטן פֿון דער יידישער אַר־בעטער־באַוועגונג מיט איר סאָציאַליסטישער אַטמאָספֿערע, און אויף דער צווייטער זייט וועגן די העטערס, וועמענס אָרגאַניזאַציע האָט זיך געפֿירט לויט אַלע אָפֿיציעלע און איינגעפֿראָרענע כללים פֿון דער אַמעריקן פֿעדעריישאָן אָוו לייבאָר, איז דאָס ממילא געטייטשט גע־וואָרן אַלס „נאָך אַ האָפֿערדיקער שריט פֿון סאָציאַליסטן צו באַלעס־טיקן מיט זייערע אידייען און מעטאָדן די מיושבדיקע טרעיד־יוניאָ־ניסטן".

„נאָך אַ האָפֿערדיקער שריט" — עס זיינען שוין פֿריער געווען אַזעלכע פּרואוון. סאָציאַליסטן האָבן געפֿירט אָפּאָזיציעס אין דער אַר־בעטער־באַוועגונג, סיי אַלגעמיין פּאָליטישע — די פּאַרטיי קעגן דער

איי. עפ. אָוו על. — סיי אויף שמאָלערע ליניעס, בלויז קעגן די און און יענע יוניאַן־אַנפירונגען. און איצט חזרט זיך עס איבער.

אַזוי איז דאָס אויסגעקומען. מ׳האָט נאָך געהאַט צו טאָן מיט דער אַמאַלגאַמעיטעד קלאָדינג וואָרקערס אַלס אַן אָפּאָזיציע, און איצט שטעלן זיך אַזוי די קאַפּן־מאַכער. ווער־זשע קען גאַראַנטירן, אַז מאָרגן וועט ניט זיין קיין אָפּרייס פון דעם אַלגעמיינעם יוניאַן־לעבן אויך ביי די לײדיס גאַרמענט אַרבעטער? מ׳האָט אַרום דעם זיך גע־חקירהט אין די ווינקעלעך פון דער יוניאַן־וועלט.

די לופט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג איז בכלל געווען פול מיט אָפּאָזיציע. די מלחמה האָט זי פאַרשאַרפט און געמערט. די סאָ־ציאַליסטישע באַוועגונג איז געשטאַנען אַ פאַרכאַפּטע פון פּאַציפיזם. די אַמעריקען פעדערײשאַן אָוו לייבאָר דאָקעגן איז געוואָרן אַ קריגס־אַגענטור ביי דער מלחמה־פירנדער רעגירונג. ס׳האָט זיך געזאַמלט שנאה צווישן ביידע לאַגערן. אַ קעמפנדיקע שנאה. די דעמאָלטיקע „סענט־לואיסער רעזאָלוציע" פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און די דעקלאַראַציעס פון יוניאַן־קאָנפערענצן, צונויפגערופן פון דער אַמעריקען פעדערײשאַן אָוו לייבאָר, זיינען געווען געגנזייטיקע האַס־דאָקומענטן.

אין דער יידישער אַרבעטער־וועלט, מיט אייגענע פאָלקס־שטי־מונגען און שטעלונגען, איז דאָס אַלץ אַריין מיט גאָר אַ באַזונדערער רוגזה, און ס׳האָט באַלד געבראַכט פיינלעכע רעזולטאַטן. ס׳האָט שוין געהייסן, אַז יידישע אַרבעטער זיינען ניט בלויז פּאַציפיסטיש, נאָר טאַקע „פּראָ־דזשוירמען", קעגן די „עלאַיס" און קעגן אַמעריקעס אינ־טערעסן, ממש אַ באַשולדיקונג אין פאַרראַט צום לאַנד. אין געמישטע יוניאַנס פון יידישע און ניט־יידישע אַרבעטער (אין די בוי־ און מע־טאַל פאַכן) האָבן די יידישע מיטגלידער דורך דעם פאַרלאָרן זייער רעכט אויף אַן אייגענעם גייסטיקן בליק. אין די יידישע יוניאַן־לאָקאַלן, וואו מ׳האָט ביז דעמאָלט געפירט פאַרזאַמלונגען אויף יידיש, גערעדט אויף יידיש און געפירט פּראָטאָקאָלן אויף יידיש, איז דאָס פון די אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציעס געוואָרן פאַרבאָטן. ס׳איז געווען אַ גזירה: „איר טאָרט זיך ניט אויפפירן, ווי אַ פרעמדער עלעמענט!" יידישע געזעלשאַפטלעכע ענינים זיינען פון אַזעלכע יוניאַנס אויך אַרויסגע־

שטויסן געוואָרן: „עפּעס אַנדערש פון געוויינלעכע פאַך־אויפגאַבן טאָרט איר ניט אויפנעמען!" ס׳האָט אַפילו אַ שלאָג געטאָן דעם עקאָ־נאָמישן לעבן. די פאַראייניקטע יידישע געווערקשאַפטן האָט געהאַט פאַר זיך אָנקלאַגעס פון יידישע אַרבעטער אין די „נעיווי־יאַרדס", אַז זייערע ניט־יידישע יוניאָן־ברידער טרייבן זיי אַוועק פון דער אַרבעט אויפן סמך דערפון, וואָס זיי, די יידן, זיינען „ניט לאָיאַל". געוויסע האַנדלונגען פון יידישע אַרבעטער־פירער זיינען געווען כאַראַקטע־ריסטישע סימנים פון געשלאָגנקייט.

פאַבריקאַנטן פון ניו־יאָרקער גאַרמענט־שעפער האָבן אָנגעהויבן זוכן ביליגערע פּראָדוקציע־צענטערס, באַשטעלנדיק אַרבעט אין קליינע שטעטלעך; דער נאָמען פון דער אינטערנעשאָנאַל לײדיס גאַרמענט וואָרקערס־יוניאָן, וואָס האָט פאַרגעשטעלט „יידישקייט" און „סאָציאַ־ליזם", איז ניט געווען קיין צוציאונגס־כוח פאַר די נייע, ניט־יידישע אַמעריקאַנער עלעמענטן אין דער אינדוסטריע. דער דרוק האָט גע־צוואונגען דעם דעמאָלטיקן פּרעזידענט פון דער יוניאָן, בענדזשאַמין שלעזינגער, צו רעזיגנירן עפנטלעך פון דעם פּאַציפיסטישן „פּיפּלס קאָונסיל", וועמעס גייסטיקע פירער עס זיינען געווען אין ניו־יאָרק מאָריס הילקוויט און ד״ר י. ל. מאַגנעס. און דער דרוק פון די גע־מישטע יוניאָנס אויף די פאַראייניקטע יידישע געווערקשאַפטן האָט געטריבן מאַקס פיינען און סעמועל שאָרן צו גיין אַ טריט ווייטער: זיי זיינען אַוועק פון דעם „פּיפּלס קאָונסיל" און אַריבער צו די פּראָ־פּאַגאַנדע־גרופּעס פאַר דער מלחמה, דורך וועלכע די וואַשינגטאָנער רעגירונג האָט אָנגעהויבן פּאָפּולער־מאַכן די קאַמפּעינס פאַר „ליבער־טי־באָנדס". סידני הילמאַן ווידער האָט געצילט צו קריגן מלחמה־אַרבעט פאַר אַמאַלגאַמייטעד־שעפער, האָט ער דעמאָלט צום ערשטן מאָל זיך געשטעלט ביים רודער פון אַ טאָפּלטער סטראַטעגיע: „ראַ־דיקאַליזם אין דערהיים און קאָנסערוואַטיזם אויף דער גאַס". גלייכ־צייטיק האָט ער געקירעוועט אָפּצוזונדערן די אַמאַלגאַמייטעד פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

ס׳האָבן אָנגעהויבן זיך פאַנאַנדערבינדן בענדער, וואָס האָבן צוזאַמענגעהאַלטן סאָציאַליזם און דעם אַמעריקאַנישן טרעיד־יוניאָ־

ניזם אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. דאָס האָט ניט ווייניק צעפּייערט די לינקע סענטימענטן, אַנגעטראָגן פון איין זייט פונם אויפ־געקומענעם באָלשעוויזם אין דער רוסישער רעוואָלוציע, און פון דער צווייטער זייט — פון אָפּאָזיציעס אין דער אַרבעטער־באַוועגונג אין די וועסטערן־שטאַטן, וואַשינגטאָן און קאַליפאָרניע. און לינק ווי די סאָ־ציאַליסטישע פּאַרטיי איז אַליין געווען, האָבן אין איר זיך געשטויסן נאָך לינקערע עלעמענטן מיט אייגנאַרטיקע איינפלוסן אינם יידישן טרעיד־יוניאָניזם.

און דאָס אַלץ איז געשטאַנען אין דרויסן, הינטער די ווענט פון דעם קאַלטן מיטינג־צימער, וואו די קאַפּן־מאַכער און מילינערי־אַר־בעטער האָבן ביים סוף יאָר 1917 געדאַרפט באַשטימען זייער גורל. צווישן אַנדערן איז געשטאַנען די געפאַר צו ווערן אַרויסגעשטויסן פון דער איי. עפ. אָוו על. און קריגן דעם נאָמען פון אַן אָפּגעזונדער־טער גרופּע מיט אַלע צרות, וואָס אַזאַ גרופּע האָט דעמאָלט געקענט אַרויפציען אויף זיך.

די פאַראַנטוואָרטלעכע פירערשאַפט פון דער אָרגאַניזאַציע, פּער־זאָניפיצירט אין מאַקס צוקערמאַן און מאַקס זאַריצקי, האָט אַזאַ וועג ניט געוואָלט. איר זאָרג איז געווען די מעגלעכע איינשטעלונג פון אַזעלכע סאָציאַליסטישע מיטגלידער, וועלכע האָבן דווקא יאָ געקענט זוכן אַזאַ וועג. כאָטש האָט צו זיך געצויגן די אויפמערקזאַמקייט. צוליב זיינע לעבנס־קאַפּיטלעך אין רוסלאַנד פאַר זיין קומען אין אַמעריקע און מחמת זיין אַקטיוויטעט אין דער דעמאָלטיקער יידישער סאָציאַליס־טישער פעדעראַציע האָט ער געקענט זיין מסוגל צו ווערן באַאיינ־פלוסן ברייטערע קרייזן מיטגלידער פאַר אַ קאַמף מיט דער איי. עפ. אָוו על. אפילו, ווען דאָס זאָל טאַקע פירן צו אָפּזונדערונג. און צו אים און דורך אים צו זיינע חברים אין דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, זיינען געווען די ווערטער פון מאַקס צוקערמאַן, דעם הויפּט־אַדוואָקאַט פון דער יוניאָן ביי דער איי. עפ. אָוו ל. און פון דער איי. עפ. אָוו על. ביי דער יוניאָן, ווען ער האָט אין אַ טאָן פון אַ בעל־תפילה באַריכטעט וועגן די באַציאונגען צו דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג ביי צוויי גרופּעס אין דער איי. עפ. אָוו על.

די צוויי גרופּעס — דאָס זיינען געווען די „אינדיאַנאַפּאָליס

גענג״, ווי מ׳האָט גערופן אַ צאָל פירנדע מענטשן אין דער אַמערי־קאַנער יוניאָן־וועלט — קאָטוילישע אַרבעטער־פירער, על־פי־רוב פון די בילדינג־טרעידס און פון איירישן אָפּשטאַם מיט אַ צענטער אין דער שטאָט אינדיאַנאַפּאָליס; און פון דער אַנדערער זייט — די „לייבאָר פאָרוואַרד מואוומענט״ — וואָס איז צוערשט אויפגעקומען אין יאָר 1906 אין סיאַטל, וואַשינגטאָן, און אַ צענדליק יאָר שפּעטער ווידער אין שטאָט מינעסאָטאַ.ביידע גרופּעס זיינען אומאָפיציעל געווען אַ סך יאָרן מעכטיקע דעלעגאַציעס ביי די יערלעכע איי. עפ. אָוו על.־קאָנווענשאָנס. די קאָטוילישע פלעגן „שטילערהייט״ זיין אַנטי־גאָמ־פּערס, בעיקר האָבן זיי זיך באַמיט צו שטערן דעם באַרימטן פירער פון דער איי. עפ. אָוו על. אין זיינע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן אויסער די גרענעצן פון טרעיד־יוניאָניזם און צו זיין אים אין וועג אין זיינע פאַרבינדונגען מיט אַרבעטער־באַוועגונגען פון אַנדערע לענדער. די „לייבאָר פאָרוואַרד״־מענטשן האָבן געצילט אין דער אַנטקעגנגעזעצ־טער ריכטונג. זיי זיינען געווען סקאַנדינאַוויער און באַאיינפלוסט פון דער סקאַנדינאַווישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אינטעליגענץ מחוץ די יוניאָנס, וועלכע איז געשטאַנען פון דערווייטנס אויך פון דער אַמע־ריקאַנער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

צוקערמאַן האָט דעמאָלט געקלאָגט, אַז אין דעם „קעפּמעיקער־העטער״־עניין זיינען ביידע לאַגערן פונם אינערלעכן טרעיד־יוניאָן־לעבן קעגן די קאַפּן־מאַכער, וואָרים אין ביידע לאַגערן קוקט מען אויף דער קירזשנער־פראַגע ווי אויף אַ „יידישער זאַך״, מען האַלט דאָרטן, אַז יידן צילן צו אַ „סעפּעראַטיזם״ אין דער אַרבעטער־באַ־וועגונג, צו באַזונדערע נאַציאָנאַלע גרופּעס, ווי עס וואָלט געווען אַ מצווה צו האַלטן זיך פאַראייניקט אַלס אימיגראַנטן...

וואָס שייך כּאַנינען, איז ער גראָד געווען פון די, וועלכע האָבן געוואָלט, אַז מ׳זאָל אַלץ טאָן ניט צו ווערן אַרויסגעשטויסן פון דער איי. עפ. אָוו על.; דווקא דער סאָציאַליזם זיינער האָט אים געפירט צו אַזאַ רעאַליזם. דעמאָלט, אין יענעם קאַלטן מיטינג־צימער, האָט ער דוכט זיך, גענומען לערנען די אייגנשאַפטן און כוחות־פאַרהעלטע־נישן אין דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג מיט אַלע גוטע און שלעכטע איינפלוסן פון דער ברייט־דעמאָקראַטישער נייער וועלט.

## מ. אַשעראָוויטש

# נחום כאַנין און זיינע רייזעס איבער דער וועלט

אין זיין הקדמה צו זיין בוך „אַ רייזע איבער צענטראַל־ און דרום־אַמעריקע“, וואָס איז אַרויס מיט פיר יאָר צוריק, רירט כאַנין אָן זיינעם אַן אייגענעם כאַראַקטעריסטישן שטריך, און ער זאָגט:

„זינט איך געדענק זיך, האָב איך געהאַט אַ שוואַכקייט ניט צו זיצן אויף איין אָרט. עס האָט מיך שטענדיק געצויגן אַרומצופאָרן, צו זען די וועלט און ווי מענטשן לעבן אין די ווייטע לענדער“.

ער דערציילט דאָרט, אַז די ערשטע רייזע זיינע האָט ער גע־מאַכט, ווען ער איז אַוועק פון דעם קליינעם שטעטל, וואו ער איז געבוירן געוואָרן; ער האָט זיך דאַן געלאָזט פאָרן אין אַ גרויסער שטאָט און ווי אַ סך אַנדערע אָרעמע יידישע ייִנגלעך, האָט ער אויך געטרוימט פון דעם, אַז סוף־כל־סוף וועט זיך אים איינגעבן זיך צו־צושלאָגן צו עפּעס און אַליין פאַרדינען דאָס שטיקל ברויט. קיין געלט אויף אַ בילעט האָט ער ניט געהאַט און ער האָט זיך דעריבער שטי־לערהייט געדאַרפט אַריינגנבענען אין וואַגאָן. געפאָרן איז ער „אונ־טער דער באַנק“, און ווען דער קאָנדוקטאָר האָט אים געכאַפּט, האָט ער אים ביי דער ערשטער סטאַנציע גלייך אַרונטערגעוואָרפן. אַזוי איז געגאַנגען דער גאַנצער וועג פון דעם קליינעם שטעטל אין דער גרויסער שטאָט. אויף יעדער סטאַנציע האָט מען אים אַרונטערגע־וואָרפן, אָבער דאָס האָט אים ניט אָפּגעשראָקן און ער האָט זיך אַלע־מאָל אַרויפגעכאַפּט אויף אַן אַנדער צוג און איז געפאָרן ווייטער...

„און פון דעמאָלט אָן, — דערציילט דאָרט כאַנין, — פאָר איך“...

אַ וועלט איז שוין נחום כאַנין אויסגעפאָרן פון דעמאָלט אָן. נאָך אין רוסלאַנד האָט זיך זיין לעבן פון דער פריסטער יוגנט צונויפגעלייגט אַזוי, אַז ער האָט אָפט געדאַרפט פאָרן ניט נאָר אַהין, וואוהין ער האָט געוואָלט, אָדער אַהין, וואוהין די מאַטעריעלע נויט האָט אים געטריבן,

נאָר אויך אַהין, וואוהין מ׳האָט אים פאַרשיקט דערפאַר, וואָס ער איז געווען אַקטיוו אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. און נאָכדעם איז געקומען די רייזע קיין אַמעריקע, און אין אַמעריקע האָבן זיך שפּע־טער פאַר אים אָנגעהויבן נייע רייזעס, נאָענטע און אויך ווייטע. און אַלץ אַזעלכע, וואָס זיינען פאַרבונדן מיטן אידעאַל פון סאָציאַליזם, מיטן קאַמף פון יידישע אַרבעטער, מיט אינטערעסן פון כלל, מיט פּליכטן צו העלפן יידן דאָרט, וואו די הילף איז זייער נויטיק, מיט אַן אויפגאַבע אָנצופירן אַ קאַמף קעגן די, וואָס באַנוצן זיך מיט גוטע לאָזונגען, כדי צו פאַרבלענדן די אויגן אַזוי, אַז מ׳זאָל ניט קענען זען זייערע שלעכטע מעשים. וואו נאָר די וועלט האָט אַן עק, איז שוין כאַנין אויסגעווען צוליב דעם. שוין יאָרן אַזוי. און אַפילו איצט, ווען ער איז שוין אַ בן ששים, טראַכט ער גאָר אינגאַנצן ניט וועגן דעם וואָס אין פּרק שטייט בפירוש, אַז „בן ששים לזקנה״. ווען מ׳וואָלט אים אויפגעוועקט אין מיטן דער נאַכט און אים געזאָגט, אַז ער מוז שוין מאַכן אַ רייזע — מיטן באַן, מיט דער שיף, אָדער גאָר אויף אַן עראָפּלאַן — וואָלט ער בלויז געפרעגט צוליב וואָס און וואוהין און באַלד וואָלט ער שוין אייגעפּאַקט זיין באַגאַזש און — ער וואָלט גע־פאָרן . . .

כאַנינען דאַרף מען בלויז געבן עפּעס אַ וויכטיקע מיסיע דורכ־צופירן, עפּעס אַ שליחות, וואָס זאָל אויף אים אַרויפלייגן די פּליכט פון גרויסער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, און דאַן איז שוין ניט וויכטיק ווי ווייט מ׳דאַרף צוליב דעם פאָרן, אָדער פליען. ווייטקייט אין שטח שפּילט ביי אים בכלל קיין ראָלע ניט. דער עיקר איז, אַז די שליחות זאָל אים זיין נאָענט צום האַרצן און מיט דעם זאָל זיין פאַרבונדן דער אידעאַל, וואָס איז אים אַלעמאָל געווען טייער און די אינטערעסן פון כלל.

דאָס איז ביי כאַנינען אַלע מאָל געווען דער עיקר. אַזאַ כאַראַק־טער האָבן געטראָגן די אַלע רייזעס זיינע, וואָס ער האָט געמאַכט זינט דער שפּאַלטונג, וואָס איז פאָרגעקומען דאָ ביי אונז אין אַמעריקע אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי נאָך אין 1921. מיט זיין איבער־געבנקייט צום אידעאַל פון סאָציאַליזם, מיט זיין פּרינציפּיעלער אויס־געהאַלטנקייט, האָט ער זיך דאַן אַרויסגערוקט אין די ערשטע רייען

פון דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע און מ'האָט אין אים דערפילט און דערזען אַ כוח, אויף וועלכן מ'קען זיך פאַר־לאָזן. און ווען ער האָט נאָר גענומען אויף זיך אַ וויכטיקע שליחות, צוליב וועלכער מ'האָט געדאַרפט מאַכן אַ ווייטע אָדער נאָענטע רייזע, האָט ער דאָס געוויינלעך דורכגעפירט אַזוי אַז אין איינעם מיט דער טעטיקייט, וואָס האָט זיך אַרום דעם צעוואַקסן נאָך גרעסער, איז ער אַליין אין דעם אויך אויסגעוואַקסן העכער...

עס איז זיכער געווען ניט קיין צופאַל, וואָס גראָד נאָך דער שפּאַלטונג אין דער פּאַרטיי האָט נחום כאַנין זיך אַרויסגערוקט אין די סאַמע ערשטע רייען פון דער יידישער סאָציאַליסטישער באַווע־גונג אין אַמעריקע. כדי דאָס צו פאַרשטיין, דאַרף מען כאַנינען גוט קענען און זיך ריכטיק פאַנאַנדערקלייבן אין דעם וואָס ער איז געווען און אין דעם וואָס ער איז געוואָרן.

אַליין אַ מענטש פון פאָלק, אַן אַרבעטער און אַ סאָציאַליסט נאָך פון דער היים, האָט ער זיך צו די פירער פון דער יידישער סאָציאַ־ליסטישער פעדעראַציע אין אַמעריקע באַצויגן אַזוי, אַז ער האָט צו זיי שטענדיק געקוקט אַרויף. אין זיין ערלעכקייט, אין זיין פּשוטער און סימפּאַטישער ערלעכקייט, האָט ער אויף זיי אַנדערש גאָר ניט געקענט קוקן און ער איז אין זיי געווען שטאַרק פאַרגלויבט. זיי זיינען געווען זיינע לערער, זיי האָט ער פאַר זיך גענומען ווי אַ מוסטער פון אויסגעע־האַלטנקייט אין סאָציאַליסטישע פּרינציפּן. און ווי ביי אַ סך אַנדערע אידעאַליסטן פונם אַלטן גוטן שניט — אידעאַליסטן, וועלכע האָבן אַמאָל אין דער צאַרישער רוסלאַנד ווירקלעך איינגעשטעלט דאָס לעבן אינם רעוואָלוציאָנערן קאַמף פאַר פרייהייט — איז ביי אים דער סאָציאַליזם ניט געווען קיין מעכאַנישער אַפּאַראַט, וואָס פאַבריצירט טאָנדעטנע „וועלט־רעוואָלוציעס", נאָר אַ הויך־מענטשלעכער אידעע־אַל, וואָס שטרעבט איינצופירן פרייהייט און גערעכטיקייט אויף דער וועלט. און ווען ער האָט מיטאַמאָל דערזען ווי אייניקע פון די פירער, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר זיינע לערער און וועג־ווייזער, האָבן זיך אָפּגעקערט פון דעם סאָציאַליזם, וואָס זיי אַליין האָבן פריער געפּריי־דיקט און זיי פאַרנעמען זיך גאָר אויפן וועג פון באָלשעוויזם על־פּי נוסח מאָסקווע, איז ער געבליבן שטיין אַ געפּלעפטער און זיין אַנ־

טוישונג אין זיי איז געווען זייער גרויס. זיך ווייטער לאָזן פירן פון זיי האָט ער שוין ניט געקענט. ער האָט דאַן געמוזט אַרויסטרעטן שאַרף קעגן זיי, און געטאָן האָט ער דאָס אויף אַזאַ פיינעם שטייגער און מיט אַזוי פיל אויפריכטיקייט אין טאָן, אַז ס'האָט אויף אַלעמען גע־מאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. און ווען יענע לערער און פירער זיינע, וואָס זיינען ניט נאָר אַליין פאַרפירט געוואָרן, נאָר זיי האָבן אויך אַנדערע געוואָלט פאַרפירן, וואָלטן דאַן געווען אַזוי אויפריכטיק ווי כאַנין איז געווען אין דעם מאָמענט, ווען ער איז דאָס ערשטע מאָל אַרויסגעטראָטן קעגן זיי, וואָלטן זיי געוויס צוגעגעבן, אַז מיט אַזאַ תלמיד מעג מען זיך איבערנעמען.

אַ גוטער תלמיד שווייגט געוויינלעך ניט, ווען אַ לערער קערט זיך אָפּ פון דעם, וואָס ער האָט פריער געפּריידיקט און ער פאַרנעמט זיך גאָר אויף אַנדערע וועגן...

נאָך ביז היינטיקן טאָג שטייט מיר קלאָר פאַר די אויגן די סצענע וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף יענער פאַרזאַמלונג, וואו דער קאַמף צווישן דעם רעכטן און לינקן פליגל אין דער יידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע אין אַמעריקע האָט זיך געענדיקט מיט אַ שפּאַלטונג. איינער נאָכן אַנדער זיינען די דאַמאָלסטדיקע טאָן־געבער און וואָרט־זאָגער פונם לינקן פליגל אַרויס אויף דער פּלאַטפאָרמע און איטלעכער האָט אויף זיין אייגענעם שטייגער געשאָטן פעך און שוועבל אויף די, וואָס זיינען קעגן דעם, אַז מ'זאָל זיך אָנשליסן אָן דריטן (קאָמוניסטישן) אינטערנאַציאָנאַל און אויף די, וואָס ווילן ניט צוגעבן, אַז די ליכט פון סאָציאַליזם גייט אויף אין מאָסקווע. עס איז דאַן געווען אַ הייסער זומערדיקער טאָג און אַלע זיינען אויף דער פאַרזאַמלונג געזעסן אָן די רעקלעך. די היץ אין זאַל איז געווען גרויס. און נאָך גרעסער איז געווען די היציקייט פון די צעפלאַמטע רעדנער, וועלכע האָבן אַטאַ־קירט דעם רעכטן פליגל. מער ווי אַלע אַנדערע האָט זיך אין דעם דעמאָלט אויסגעצייכנט איינער, וואָס האָט אַרויסגעוויזן גאָר גרויסע בריהשקייט און טאַקע עפּעס אַזאַ ווילדע הנאה צוטרעטן מיט די פיס אַלץ, וואָס ער האָט פריער הויך געשעצט און אַלץ וואָס ער האָט ערשט ניט לאַנג צוריק באַזונגען אין צוקערדיק־זיסע אַרטיקלען, וואָס ער האָט געשריבן. צווישן די פאַרזאַמלטע זיינען געווען אַ סך

אַזעלכע, וואָס האָבן אים אַפּלאָדירט, און אויך אַ סך אַזעל־כע, וואָס האָבן קעגן אים פּראָטעסטירט. עס איז געווען אַ טומל און אַ גערודער. דער האַס, וואָס האָט ווי מיט אַ מחיצה צעטיילט אַ פּאַראייניקטע פּאַרטיי אין צוויי פיינדלעכע לאַגערן, האָט זיך שוין געטראָגן אין דער לופט.

און דאַן איז אויף דער פּלאַטפאָרמע אַרויף אַ יונגערמאַן, וואָס האָט מיט זיין ערנסטער מינע אויפן פּנים און אויך מיט זיין טאַקטישער האַלטונג געמאַכט אַזאַ איינדרוק, אַז ס'איז גלייך געוואָרן שטיל. מ'האָט געקענט זען, אַז די אַקטיווע טוער פון דער באַוועגונג ווייסן ווער ער איז און זיי ווייסן אויך, אַז צו זיין וואָרט דאַרף מען זיך צוהערן; ער איז אַרויף מיט פאַרקאַטשערטע אַרבל און כאָטש ער איז אויסערלעך געווען רואיק, האָט מען דאָך געקענט באַמערקן ווי אונטער דער אויסערלעכער רואיקייט זיינער באַהאַלט זיך אַ טיפע אינערלעכע אומ־רואיקייט, וואָס ער קען איצט מיט קיין ווערטער ניט אויסדריקן. און ווען ער האָט אָנגעהויבן ריידן, האָט ער מיט ווייטאָג און פאַרדרוס זיך אָפּגעשטעלט דערויף, ווי שווער ס'איז אים אַרויסצוטרעטן קעגן די, וועלכע ער האָט שטענדיק געהאַלטן פאַר זיינע לערער און וועג־ווייזער; אויפריכטיק און ערלעך האָט ער דערציילט, ווי ער האָט זיך אַלעמאָל באַצויגן צו זיי מיט גרויס דרך־ארץ און ווי ער איז זיי נאָך איצט אויך דאַנקבאַר דערפאַר וואָס ער האָט פון זיי אַ סך געלערנט. איינגעהאַלטן און טאַקטיש האָט ער באַוויזן, ווי זיי האָבן זיך איצט אָפּגעקערט פון דעם הויך־מענטשלעכן סאָציאַליסטישן אידעאַל, וואָס זיי האָבן פריער געפּריידיקט; פונקט אַזוי איינגעהאַלטן און טאַקטיש איז ער אויך געווען ווען ער האָט זיי באַשולדיקט אין דעם, אַז זיי האָבן דערפירט דערצו, מ'זאָל זיך איצט אַזוי אַרומרייסן אין די אייגענע רייען; ס'האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט אויף דער פּלאַט־פאָרמע געפירט אַ שמועס ניט נאָר מיט די, וואָס הערן זיך צו צו אים, נאָר אויך מיט זיך אַליין. ער האָט לאַנג ניט געקענט איינשטיין אויף איין אָרט. הויבנדיק די הענט מיט די פאַרקאַטשערטע אַרבל, האָט ער געשפּאַנט הין און צוריק. און וואָס מער ער האָט גערעדט, אַלץ מער האָט זיך געדוכט, אַז דאָס איינציקע, וואָס ער וואָלט איצט

געוואָלט אויסשרייען אויפֿן קול, אָבער ער האָט נאָך דערוויייל קיין מוט ניט דערצו, איז:

— איך וועל ניט לאָזן!

דאָס איז געווען כּאַנין.

און פֿון דעמאָלט אָן איז ער שוין ניט אָפּגעטראָטן פֿון דער פּאָזיציע, וואָס ער האָט פֿאַרטיידיקט; ער איז נאָך דער שפּאַלטונג געוואָרן איינער פֿון די אַקטיווסטע און וויכטיקסטע טוער אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, און אין פֿאַרבינדונג מיט זיין טעטיקייט איז אים אין די אַלע יאָרן אָפּט אויסגעקומען צו מאַכן רייזעס, דורכצופֿירן וויכטיקע שליחותן, וואָס מ׳האָט אים פֿאַרטרויט, ווייל מ׳האָט אַלעמאָל געוואוסט, אַז אויף אים קען מען זיך פֿאַרלאָזן.

פֿון יעדער שליחות, וואָס ער האָט דורכגעפֿירט אויף זיינער אַ רייזע, האָט ער אַליין אַלע מאָל אַ סך געלערנט. עס איז געווען נאַטירלעך, אַז ס׳זאָל זיין אַזוי, ווייל כּאַנין איז קיינמאָל ניט געווען און ער האָט קיינמאָל ניט געוואָלט זיין פֿון די, וואָס קומען בלויז לערנען יענעם. ער איז געבליבן אַ גוטער תּלמיד אַפֿילו דאַן, ווען ער האָט זיך אין דער באַוועגונג דערהויבן צו דער מדרגה פֿון אַ פֿירער. און געלערנט האָט ער ניט נאָר פֿון ביכער, נאָר פֿון לעבן. זיין געזונטער שכל־הישר, וואָס איז ווירקלעך אַ מתּנה פֿון גאָט, האָט אים אַלע מאָל געהאָלפֿן זיך שנעל צו אָריענטירן אין אַלערליי פֿאַרפּלאָנטערטע סיטואַציעס; מיט זיין נאַטירלעכער אינטעליגענץ האָט ער מיט אָפֿענע אויגן אָפּט געקענט דערזען אַזעלכע זאַכן, וואָס אַנדערע האָבן פֿריער גאָר אינגאַנצן ניט באַמערקט. און ווייל ער איז דערצו נאָך געבענטשט מיט אַ פֿיינעם הויש פּאַר הומאָר און מיט אַזאַ געזעצטן טעמפּעראַמענט, וואָס לאָזט אים קיינמאָל ניט זיך פֿאַרלירן אַזוי פֿיל, אַז ער זאָל אַריינפֿאַלן אין איבערגעטריבענער היציקייט און זיך מער ניט קענען באַנוצן מיט דעם נויטיקן ישוב־הדעת, האָט זיך אים איינגעגעבן אָנצוהאַלטן דאָס גלייכגעוויכט אַפֿילו אין די גאָר צעפּלאַקערטע קאַמפֿן, וואָס ער האָט געדאַרפֿט פֿירן מיט שונאים און קעגנער. מיט אָט די אַלע מעלות, וואָס פֿירן געוויינלעך דערצו, אַז אַ מענטש זאָל זיך פֿאַרטיפֿן אין זיך, איז כּאַנין אויסגעוואַקסן העכער אין יעדער שליחות, וואָס ער האָט נאָר דורכגעפֿירט אויף זיינער אַ רייזע.

דאָס קען מען זען קלאָר פון די אַרטיקלען און פון די ביכער, וואָס ער האָט געשריבן, ווען ער האָט נאָר געהאַט דעם פאַרלאַנג און ווען ער האָט געדענקט, אַז ס'איז נויטיק איבערצוגעבן די איינדרוקן, וואָס ער האָט געהאַט אויף אַ רייזע אין אַ ווייט לאַנד.

כאַנין האָט אין זיין שרייבן קיינמאָל ניט געהאַט קיין פּרעטענזיעס צו שאַפן דעם איינדרוק, אַז אַט גייט ער מרעיש־עולם זיין מיט אַ נייער אויספאָרשונג פון יידישן לעבן אין אַן אַנדער לאַנד, וואו ער האָט געמאַכט אַ רייזע. כאַראַקטעריסטיש פאַר אים איז דאָס, וואָס ער זאָגט אויף איין אָרט אין דער הקדמה צו זיין בוך „אַ רייזע איבער צענטראַל־און דרום־אַמעריקע״:

„דאָס בוך, — זאָגט ער דאָרט, — פּרעטענדירט ניט צו זיין אַ פאָרשונג וועגן דעם יידישן און ניט־יידישן לעבן אין צענטראַל־ און דרום־אַמעריקע. דאָס זיינען אייגענע באַאָבאַכטונגען, וועלכע באַצוועקן אין אַ בילדלעכער פאָרם צו באַקענען דעם יידישן לייענער מיט דעם, וואָס איך האָב געזען. און געזען האָב איך אַ לעבן אַ נייעם און זייער אַן אינטערעסאַנטן, אינטערעסאַנט מיט זיינע מעלות און חסרונות, אינטערעסאַנט מיט זיין אָריגינאַליטעט און אַנדערשקייט. מיין וואונטש און מיין האָפענונג איז, אַז די, וואָס וועלן דאָך בוך לייענען, וועלן פון אים אַזוי הנאה האָבן ווי איך האָב הנאה געהאַט פון דער רייזע, וועלכע איז פאַר מיר געווען רייך מיט נייע איינדרוקן, רייך מיט נייע איבער־לעבונגען״.

דעם זעלבן צוגאַנג האָט ער אויך געהאַט, ווען ער האָט אין אַ בוך איבערגעגעבן זיינע איינדרוקן פון אַ רייזע אין סאָוועט־רוסלאַנד אין 1928. אויך וועגן יענעם בוך שרייבט ער:

„דאָס בוך איז ניט קיין שטודיע איבער רוסלאַנד, עס איז ניט קיין ענטפער אויף די שווערע פּראָבלעמען, וואָס די נייע אָרדענונג אין רוסלאַנד האָט געשאַפן פאַרן רוסישן פאָלק און פאַר דער גאַנצער וועלט. ניט מער ווי באַשרייבונגען פון אַלץ, וואָס מיין אויג האָט נאָר געקענט זען״.

אָבער אָן די פּרעטענזיעס האָט כאַנין אין זיינע רייזע־ביכער געגעבן אַזוי פיל „באַשרייבונגען פון אַלץ וואָס זיין אויג האָט נאָר געקענט זען״, אַז דער לייענער האָט געקענט האָבן אַ קלאָרן באַגריף

וועגן דעם לעבן דאָרט. ביים לייענען די „באַשרייבונגען" האָט איט־לעכער זיך געקענט פאָרשטעלן דאָס געשילדערטע אַזוי קלאָר, פּונקט ווי כאַניך וואָלט אים מיטגענומען אויף דער ווייטער רייזע און די גאַנצע צייט אַרומגעפאָרן אינאיינעם מיט אים.

ביכער מיט רייזע־באַשרייבונגען האָבן ביי יעדן פאָלק שטענדיק פאַרנומען אַ גאַנץ אָנגעזעען אָרט; מ'האָט זיי געוויינלעך געלייענט מיט גרויס אינטערעס אין די צייטן, ווען זיי זיינען אָנגעשריבן געוואָרן. זיינען זיי אין דער ליטעראַטור געבליבן ווי אַ קוואַל, פון וועלכן ס'האָבן געשעפּט די פאָרשער, וואָס זיינען געקומען מיט אַ סך יאָרן שפּעטער.

אויך ביי אונז יידן איז אַזוי געווען. און ווי אַ באַשטעטיקונג דערפון וועלן מיר דאָ דערמאָנען דריי ווערק, וואָס זיינען אָנגעשריבן געוואָרן אויף העברעאיש:

דאָס ערשטע ווערק איז — „מסעות של רבי בנימין בר יונה מטודילה", וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן נאָך אינם צוועלפטן יאָר־הונדערט. אַ קליין ספרל, געשריבן לויטן נוסח פון יענע אַלטע צייטן, און נאָך איצט באַנוצט מען זיך דערמיט ביים שטודירן די געשיכטע פון יידישן פאָלק אין ווייטע לענדער.

דאָס צווייטע ווערק איז „משׂא בערב", געשריבן פון ר' שמואל ראָמאַנעלי איש מנטובה, וועלכער האָט געלעבט אינם אַכצנטן יאָר־הונדערט. אין דעם ביכל, וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין רש"י־כתב, באַשרייבט דער מחבר זיינע אַ רייזע איבער מאַראָקאָ. ער דער־ציילט אַלץ וואָס ער האָט דאָרט געזען און אַלץ וואָס ער האָט דאָרט געהערט, און ווען מ'לייענט דאָס איצט, קען מען האָבן אַ קלאָרן באַ־גריף וועגן דעם ווי יידן האָבן דאָרט געלעבט אין יענער צייט.

און דאָס דריטע ווערק איז — „ספר המסעות", געשריבן פון יוסף יהודה בן יעקב הלוי טשאָרני, וועלכער איז אינם יאָר 1880 געשטאָרבן אין אָדעס. אין דעם בוך, וואָס איז אין 1884 אַרויס אין פּעטערבורג מיט אַ הקדמה פון דעם גרויסן יידישן געלערנטן, ד"ר אברהם אליהו הרכבי, גיט דער מחבר איבער זיינע איינדרוקן פון אַ רייזע איבער צענטליקער שטעט און שטעטלעך פון קאַווקאַז און קרים. ער שטעלט זיך דאָרט דער עיקר אָפּ אויפן יידישן לעבן. און

כאָטש די באַשרייבונגען זיינען דאָרט ניט זייער קיין בילדלעכע און ערטערווייז טאַקע גאַנץ פּראָטאָקאָליסטיש־טרוקן, איז דאָס ווערק דאָך געבליבן אַ קוואַל פאַר פאָרשער און מ׳קען זיך אָן דעם ניט באַגיין, ווען מ׳שרייבט וועגן שטעט אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק.

בכלל איז דער מחבר פון אַ רייזע־באַשרייבונג ניט מחויב צו זיין דווקא אַ פאָרשער. עס איז גענוג, ווען ער קען אין זיינע באַשריי־בונגען אָפּקלייבן זאַכן און שטעלן דעם טראָפ אויף די וויכטיקסטע און אינטערעסאַנטסטע שטריכן, וואָס זיינעןווירקלעך כאַראַקטעריס־טיש פאַרן לעבן אין דעם לאַנד, וואוהין ער קומט אויף אַ ווייל מיט דער כוונה צו זען פאַר אַ מייל. און דאָס האָט אויך גוט פאַרשטאַנען אונזער נחום כאַנין, ווען ער האָט דערזען ווי גראָד אויף אים, אויף אַ פּראַקטישן טוער אין דער באַוועגונג, איז אויסגעפאַלן דער גורל צו מאַכן אָפטע רייזעס. ער האָט אין זיינע רייזע־איינדרוקן, ווי ער אַליין זאָגט, ניט פּרעטענדירט צו זיין אַ פאָרשער; ס׳איז פאַר אים, ווי ער אַליין גיט צו, געווען גענוג צו געבן „ניט מער ווי באַשרייבונגען" פון אַלץ וואָס זיין אויג „האָט נאָר געקענט זען". אויף אָט דעם וועג איז ער געגאַנגען, ווען ער האָט איבערגעגעבן זיינע איינדרוקן פון זיין רייזע אין סאָוועט־רוסלאַנד; אויף אָט דעם וועג איז ער אויך געגאַנגען, ווען ער האָט געשילדערט אַלץ, וואָס ער האָט נאָר געהערט און געזען אויף זיין רייזע איבער צענטראַל־ און דרום־אַמעריקע; ביי דעם זעלבן מעטאָד האָט ער זיך אויך געהאַלטן, ווען ער האָט אין אַ גאַנצער סעריע אַרטיקלען אין „פאָרווערטס" געגעבן שילדערונגען פון זיין רייזע אין אייראָפּע גלייך נאָך דער צווייטער גרויסער וועלט־מלחמה. כאַנין האָט דעם צער און דעם וויטאָג פון די יידן, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון טויט, איבערגעגעבן אויף אַזאַ שטייגער, אַז ס׳האָט זיך געלייענט ווי אַ כראָניק, אַ בלוטיקע יידישע כראָניק. און טאַקע דערפאַר, וואָס ער גייט אויף אַזאַ וועג אין זיינע באַשרייבונגען, וועלן די איינדרוקן פון אַלע זיינע רייזעס, סיי די וואָס זיינען שוין אַרויס אין בוך־פאָרם און סאַי די וואָס זיינען ביז איצט אין בוך־פאָרם דער־ווייל נאָך ניט אַרויס, בלייבן אין אונזער ליטעראַטור; זיי וועלן פאַר־נעמען דעם פּלאַץ, וואָס אַזעלכע ביכער פאַרנעמען געוויינלעך אין

אַ ליטעראַטור, און מ׳וועט זיך שפּעטער מיט זיי קענען באַנוצן ביים פאָרשן די געשיכטע פון יידישן פאָלק.

כל־זמן ס׳וועט זיין אַן אינטערעס צו וויסן עפּעס וועגן יידישן לעבן אין פאַרשידענע לענדער און אין פאַרשידענע צייטן, וועט מען זיך מוזן באַנוצן מיט די ווערק, אַזן וועלכע יידן מיט וואַרעמע הערצער און אָפענע אויגן האָבן איבערגעגעבן זייערע איינדרוקן פון רייזעס אין ווייטע און נאָענטע לענדער. און צווישן יענע ווערק וועלן אויך זיין די איינדרוקן, וואָס אונזער נחום כאַנין האָט אָנגעשריבן נאָך אַלע זיינע ווייטע רייזעס.

נ. ב. מינקאָוו

# נ. כאַנין און דער יינגער לייענער

ווי דער בילדונגס־דירעקטאָר פון אַרבעטער־רינג האָט כאַנין זייער אַ נאָענטע שייכות צום יידישן קינד. אָבער נאָך אַ נעענטערע שייכות צום יידישן קינד האָט ער ווי אַ שרייבער. ניט כאַנין דער פּובליציסט אָדער מחבר פון צוויי ביכער רייזע־באַשרייבונגען (וועגן סאָוועט־רוסלאַנד און דרום־אַמעריקע), נאָר כאַנין וואָס איז זייער גוט באַקאַנט אונזערע קינדער אונטער צוויי נעמען: בערעלע און דער פעטער נחום. בערעלען קענען זיי פון דעם בוך „בערעלע", וואָס כאַנין האָט אָנגעשריבן און וואָס זיי לייענען מיט גרויס אינטערעס. מיט פעטער נחומען באַגעגענען זיי זיך יעדן חודש. מיט פעטער נחומס „אַ בריוועלע צו אַ קינד" עפנט זיך יעדער נומער „קינדער־צייטונג", חודש־זשורנאַל פאַר שול און היים, וואָס דער אַרבעטער־רינג־בילדונגס־קאָמיטעט גיט אַרויס פאַר די לעצטע 10 יאָר.

זינט „בערעלע" איז אַרויס אין יאָר 1938 האָט מיך ניט איין מאָל אינטערעסירט אויסצוגעפינען די סיבה פאַרוואָס האָבן אונזערע יינגע לייענערס אַזוי שטאַרק ליב דאָס דאָזיקע אויטאָביאָגראַפישע בוך. איז עס דערפאַר, ווייל דאָרטן איז באַשריבן דאָס לעבן פון אַ יינגל כמעט פון זייער עלטער? איז עס דערפאַר, ווייל די סביבה איז זיי נעפּלדיק באַקאַנט דורך די מעשיות, וואָס זיי הערן זיך אָן פון זייערע טאַטע־מאַמעס — און דאָ דערקענען זיי עס קלאָר, מיט אַלע פּרטים? זיינען דאָך פאַראַן גענוג מעשיות וועגן יענער צייט — דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע — און ניט אַלע פאַרכאַפּן דעם אינטערעס פון אונזערע קינדער, באַזונדערס פון די דערוואַקסענע קינדער.

ווען מען באַטראַכט אָבער פעטער נחומס „בריוועלעך צו אַ קינד" הייבט מען אָן צו פאַרשטיין פאַרוואָס די „בריוועלעך" נעמען אַזוי שטאַרק אויס ביים יינגן לעזער; נאָכמער — פאַרוואָס „בערעלע" איז פאַר זיי אַ גוט אויטאָביאָגראַפיש בוך.

אין די „בריוועלעך" שרייבט דער פעטער נחום תמיד אויף אַקטועלע טעמעס. מען דאַרף קיינעם ניט איבערצייגן, אַז צו שרייבן אויף אַקטועלע טעמעס — פאַר קינדער — איז ניט קיין לייכטער ענין. און אויב מען שרייבט שוין וועגן ברענענדיקע פראַגן זייער און זייער פאַרשטענדלעך, איז עס נאָך ניט קיין ערבות, אַז דאָס וועט די קינדער שטאַרק געפעלן. ווי עס ווייזט אויס, ליגט צווישן שרייבן פּראָסט־פּשוט און אויסנעמען ביים ייִנגן לייענער אַ וואַזשנער מהלך. ז׳אָ דאַרפן זיך צונויפקומען צוויי זאַכן: דאָס געשריבענע דאַרף זיין פאַרשטענד־לעך, צוגענגלעך — און עס דאַרף פאַרכאַפּן די פאַנטאַזיע און אָנרירן דעם קינדס געפילן. און פעטער נחומס „בריוועלעך" דערגרייכן דאָס. אויף וויפיל מיר איז באַקאַנט, קומט פעטער נחום צו צום סאַמע האַרץ פון קינד. און מיט גאַנץ פּשוטע מיטלען, וואָס ניט יעדער איינער באַזיצט זיי: מיט נאַטירלעכקייט, איינפאַכקייט, מיט איינגעהאַלטענעם סענטימענטאַליזם. סענטימענטאַליזם איז גאָרנישט קיין מעלה פאַר אַ שרייבער. אָבער איינגעהאַלטענע סענטימענטאַלקייט, און דערצו נאָך ווען דאָס קומט צוזאַמען מיט זאַכלעכקייט — דאָס איז שוין אַ מעלה, באַזונדערס ווען מען שרייבט פאַר קינדער. קינדער דערפילן גלייך וואָס איז געקינצלט, איבערטריבן און וואָס איז נאַטירלעך און אמת־דיק.

און עס מאַכט ניט אויס צי דער פעטער נחום שרייבט מיט בענק־שאַפט וועגן דוד עדעלשטאַטן, מיט פאַרערונג וועגן י. ל. פּרצן, צי ער שרייבט וועגן פּרעזידענט רוזוועלטס ווידערדערוויילונג, וועגן 25 יאָר אַרבעטער־רינג־שולן, צי וועגן טויט פון פרי־צייטיק געשטאָרבענעם י. י. זינגערן, אָדער וועגן זיינע באַגעגענישן מיט יידישע קינדער, על־פּי־נס געראַטעוועטע פון היטלער־גיהנום, אָדער וועגן ב. וולאַדעקן, וועגן מאַני לייבן — אין יעדן „בריוועלע" קומען צום אויסדרוק די דערמאָנטע מעלות זיינע. זיין יעדע שורה איז דורכגענומען מיט זיי, אַפילו ווען ער שרייבט וועגן אַזעלכע טרוקענע זאַכן פאַר קינדער, ווי זייער לערנען זיך אין דער יידישער שול, וועגן די לימודים אין דער שול, וועגן אַ געלט־זאַמלונג פאַר די אומגליקלעכע יידישע קינדער פון אייראָפּע, וואָס די קינדער פון די אַרבעטער־רינג־שולן האָבן אָנגע־הויבן ביי אַ קאָנפערענץ אין זאַל פון וואַשינגטאָן אירווינג היי־סקול —

אַפילו אַזעלכע „בריוועלעך" לייענען די קינדער מיט גרויס אינטערעס.

נאָך אַ זאַך, כדי זײַן זאַכלעכקייט זאָל זײַן מער קאָנקרעט, וועבט ער שטענדיק אַרײַן אין זײַנע בריוו אַ מעשׂה, אַ פֿאַקטישע געשעעניש, אַ שטיק כראָניק — מערסטנס היים־כראָניק אָדער פֿון טאָג־טעגלעכן לעבן — וואָס די קינדער דערקענען. און ווען ער קומט צו צום קינדס הארץ, איז דער וועג אָפֿן פֿאַר די טראָפּנס סאָציאַליזם — פֿאַר זײַן סאָציאַליסטישער באַלייכטונג — וועגן אַ בעסערער, שענערער און יושרדיקער וועלט — און דאָס קינד פֿילט ניט אין דעם קיין שום אַגיטאַציע.

מיט אָט־די מעלות צייכנט זיך אויס כאַנינס „בערעלע". פֿאַראַן אָבער אין „בערעלען" נאָך זאַכן, וואָס מאַכן דאָס בוך אַזוי אָנציִענדיק פֿאַרן ייִנגן לייענער. ערשטנס, איז דער סיפּור־המעשׂה גופֿא זייער אַן אינטערעסאַנטער. „בערעלע" איז אַ רעאַליסטישע אויטאָביאָגראַפֿישע נאָוועלע וועגן אַן אָרעמען ייִנגל אין אַ קליין שטעטל, וואָס האָדעוועט זיך אין טיפֿער אָרעמקייט, וועגן זײַן וועג אין דער גרויסער וועלט, אין דער אַרבעטער־פּאַרטיי „בונד", אין דעם פֿאַנאַנדערוויקלענדיקן רע־וואָלוציאָנערן אויפֿשטײַג אין יאָר 1905, טורמעס, קאַטאָרגע, אַנטלויפֿן פֿון קאַטאָרגע קיין אַמעריקע. אויף אָט דער קאַנווע וועבט זיך אויס אַ ווירקלעך לעבן, אַן אינטערעסאַנט, פֿאַרכאַפּנדיק לעבן. אָבער וואָס נאַטירלעכער עס איז דער רעאַליזם פֿון דעם ווערק, אַלץ לעגענדאַ־רישער זעט עס אויס אין די אויגן פֿון די ייִנגע לייענערס. די אַלע באַשרײַבונגען און עפּיזאָדן זײַנען פֿאַר זיי אויסערגעוויינלעכע געשע־ענישן אין דעם לעבן פֿון אַן אויסערגעוויינלעכן ייִנגל.

אָבער וואָס „נעמט" דעם לייענער מער ווי אַלץ איז דער דראַ־מאַטיזם וואָס מיט אים איז דורכגעוועבט די גאַנצע נאָוועלע. און די דאָזיקע דראַמאַטישע געשעענישן גיט כאַנין איבער פּשוט און רויִק. דאָס מאַכט די געשעענישן נאָך מער שפּאַנענדיק. און דראַמאַטישע עפּיזאָדן פֿעלן ניט אין בוך. זייערס אַ גלײַכן איז אין סאַמע מיטן סכּנות, און ער אַליין געפֿינט דעם וועג אַהין, מיט זײַן אַנטשלאָסנקייט און געוואַגטקייט, — און אַלץ פֿאַר אַ יושרדיקער זאַך: ברענגען פֿרײַהייט, אמת און ערלעכקייט פֿאַר דער וועלט און פֿאַר זײַן פֿאָלק. אָט ווערט דאָס אָרעמע ייִנגל געפֿירט פֿון לעבן ביז לײַבל דער שלאָסער באַקענט

אים מיט דינעזאָנס „יאָסעלע“, מיטן „בונד“; און אָט זעען מיר בע־רעלען אויף געהיימע פאַרזאַמלונגען, טיילן פּראָקלאַמאַציעס צווישן סאָלדאַטן; און אָט איז ער אין טורמע, שפּעטער אויף דער פריי, און נאָכדעם — די ערשטע דעמאָנסטראַציע, וואָס ער פירט דורך, דער בלוטיקער צוזאַמענשטויס מיט די קאָזאַקן, דער אומקום פון זיין נאָענטן חבר דוד דעם קאַמאַשן־שטעפּער, בונדיסטישע וואַנדערונגען אין פאַרשידענע שטעט, וואו ער רעדט אויף גרויסע פאַרזאַמלונגען און פירט אַרבעטער צום קאַמף. אָט באַפאַלט ער, מיט זיינע מוטיקע חברים, אַ יידישע דרוקעריי און דרוקט דאָרטן אין געהיים, דורך דער נאַכט, אויפרופן פאַרן ערשטן מאַי, און אָט — די טראַגעדיע מיט רייזעלען בעת מען לערנט זיך וואַרפן אַ באָמבע; און ווידער תפיסה, קריגס־געריכט, דער טויט פאַר די אויגן, קאַטאָרגע, געשמידט אין קייטן, דאָס ביטערע איינזאַמע לעבן פון דעם אַרעסטאַנט, דאָס אַנטלויפן פון קאַטאָרגע און אַלע סכנות, וואָס זיינען פאַרבונדן דערמיט, און נאָכדעם זיין קומען קיין אַמעריקע.

דאָס איז אויסערגעוויינלעכער שטאָף, ווען מען דערציילט עס פּשוט און עכט. אָבער, ווי דערמאָנט פריער, געשפּאַנט ווערט עס מחמת דעם רואיקן טאָן, אין וועלכן בערעלע האַלט זיין דראַמאַטישע דערציילונג.

און אין „בערעלע“ דינט פּעטער נחומען זיין איינגעהאַלטענע עכטע סענטימענטאַלקייט נאָך מער ווי אין די „בריוועלעך“. דאָ ווערט אַ זייער דראַמאַטישער עפּיזאָד אויפגעלייזט ווי אַ סענטימענטאַלע דער־מאָנונג, ווי אַ באַמערקונג.

דאָס רופט אַרויס טרערן — באַזונדערס ביים ייִנגן לייענער. אָט באַשרייבט ער ווי דער רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט מוז שיקן אַ דעלעגאַציע בעת די אייזנבאַן־אַרבעטער סטרייקן:

„עס וועט אַרויסגערופן אַ סטרייק פון אַלע אייזנבאַן־אַרבעטער. די אייזנבאַנען גייען ניט. דאָס לעבן אין לאַנד ווערט אָפּגעשטעלט. שטעט ווערן אָפּגעריסן איינע פון דער צווייטער. ניטאָ קיין פאַרבינ־דונגען. אַלץ ווערט פּאַראַליזירט.

„דער רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט מוז שיקן אַ דעלעגאַציע אין דער שטאָט באָברויסק. די באַנען גייען ניט. וואָס טוט מען?

„מען שיקט פאָרשטייערס צו די אייזנבאַן־סטרייקערס זיי בעטן, זיי זאָלן געבן אַ ספּעציעלן צוג צו פאָרן קיין באָברויסק. זיי באַוויליקן.

„און אָט איז דער קאָמיטעט שוין אויף דער סטאַציע. דער צוג שטייט גרייט. אויפן לאָקאָמאָטיוו פלאַטערן רויטע פאָנען מיט אויפ־שריפטן: „זאָל לעבן די רעוואָלוציע!" מיר פאָרלאַנגען אַ פריי רוסלאַנד!" אין דעם צוג פאָרן וויכטיקע פאָרטרעטערס פון דער רעוואָלוציע. און אין דעם בונדישן קאָמיטעט אויף יענעם ספּעציעלן צוג האָט זיך אויך געפונען אונזער בערעלע".

אָט די באַשרייבונג, וואָס האַלט אין איין שטייגן אין דראַמאַטיש־קייט — נאָך מיט זייטן פריער — ענדיקט זיך מיט איין טרוקענעם זאַץ, אַז בערעלע געפינט זיך אין אָט דעם וויכטיקן רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט. און דאָ קומט, אַ דערמאָנונג, וואָס רירט:

„פאָרנדיק האָט ער זיך דערמאָנט אָן זיינע אָרעמע קינדער־יאָרן, אָן עסן „טעג" און שלאָפן אין שול אויף דער האַרטער באַנק. ער האָט זיך דערמאָנט אָן חיים דעם שניידער און אָן דער בייזער זלאַטען, וואָס האָט אים גערופן „אומזיסטער פרעסער"... (ז. 73).

ווען בערעלע און זיינע חברים פאַרכאַפּן די יידישע דרוקעריי, וואו זיי דרוקן דורך דער נאַכט, אין געהיים, אויפרופן צום ערשטן מאַי, איז עס געשען פרייטאָג צו נאַכט. די סכנה איז גרויס: מורא פאַר דער פּאָליציי, אַ הויזגעזינט יידן האַלט מען אַרעסטירט, מיט רעוואָלווערן אין די הענט, קיינער זאָל ניט פאַרלאָזן דאָס הויז, און אונטן דרוקט מען פּראָקלאַמאַציעס.

די גאַנצע לופט איז אָנגעשטרענגט, געהיימפול, און דאָ קומט אַראָפּ אין דער דרוקעריי די פרומע פרוי, וואָס האָט אונטער צוואַנג מחלל שבת געווען און געעפנט די דרוקעריי פאַר די רעוואָלוציאָנערן, — זי קומט אַראָפּ מיט אַ גרויסן טאָפּ צימעס און חלה. „נאָך אַלעמען — זאָגט זי — זענט איר דאָך יידישע קינדער. איר זענט דאָך ניט קיין רויבערס. איר טוט דאָך דאָס ניט צוליב זיך, איר ווילט דאָך גוטס פאַר אַלעמען. איר שטעלט דאָך אייער לעבן אין סכנה. איר האָט דאָך אויך מאַמעס..."

די פאַרהאַרטעוועטע רעוואָלוציאָנערן האָבן דערזען פאַר זיך די אייביק־האַרציקע יידישע מאַמע, און „בערעלע האָט זיך גענומען אַנט־

שולדיקן, וואָס זיי האָבן געדאַרפט צעשטערן דעם שבת, וואָס זיי האָבן דעם אַלטן יידן (איר פאָטער, דעם דרוקער) געדאַרפט אָנטאָן אַזוי פיל עגמת־נפש" (ז. 57).

און אָט ווערט אויפגעלייזט אין אַ סענטימענטאַלער נאָטע אַזאַ האַרטע ווירקלעכקייט ווי אַזוי מען שיקט בערעלען, צוזאַמען מיט אַנ־דערע קאַטאָרזשניקעס, געשמידט אין קייטן, צו בויען די סיבירער אייזנבאַן. אויפן גאַס שטעלט זיך אָפּ אַ מענטש, באַטראַכט די גייענדיקע געשמידטע אַרעסטאַנטן „און שפּייט אויס מיט פאַראַכטונג". און דער באַליידיקטער בערעלע טראַכט: „אָט פאַר די מענטשן האָב איך דאָך געקעמפט און געליטן!" און פינצטער ווערט בערעלען — נאָך מער ווי זיין גאַנצער איצטיקער גורל. דאָך, פּלוצים, לייזט זיך אויף די פינצ־טערניש אין אַ רירנדיקער נאָטע. אַן אַלטיטשקע אָרעמע גויע שטעלט זיך אָפּ, גיט איינעם פון די קאָנוואָי סאָלדאַטן צען קאָפּיקעס, אפשר די לעצטע צען קאָפּיקעס, „ער זאָל פאַר די אַרעסטאַנטן עפּעס קויפן", און מיט אַ טרויעריק קול זאָגט זי: „קינדערלעך מיינע, מאַרטירער טייערע, זאָל אייך גאָט שטאַרקן, געבן כוח דאָס אַלץ אַריבערטראָגן" (ז. 91).

אָט די דערמאָנונגען, אָט די זייטיקע באַמערקונגען, זיינען גראָד די רירנדיקסטע מאָמענטן אין בוך. און דאָס בוך איז פול מיט זיי. אָבער מחמת זיי זיינען געשריבן קורץ, שאַרף, אָן פּירושים, און ווייל זיי קומען אין סאַמע מיט פון דראַמאַטישע עפּיזאָדן, — דערפאַר ווירקן זיי.

כאַנינס עכטקייט, רואיקייט, דינע סענטימענטאַלקייט זיינען אַזעל־כע אייגנשאַפטן, וואָס זיינען אַ ברכה פאַר אַ קינדער־שרייבער. און ווייל ער באַציט זיך מיט אַזוי פיל ערנסט צו זיינע יינגע לייענערס, ענטפערן די יינגע לייענערס זיינע מיט דער זעלבער מטבע — דער פעטער נחום און בערעלע זיינען ביי זיי זייער אָנגעלייגטע געסט.

דוד איינהאָרן

# אַ פּערזענלעכע אָפּשאַצונג

עס זיינען דאָ זאַכן, וואָס מען קאָן ניט פאַרגעסן:

עס איז געווען אין אַ הייסן יולי־טאָג 1940, אין דער שטאָט טולוז אין דרום־פראַנקרייך. איך בין דאַן געווען איינער פון די טויזנטער אַנטלאָפענע יידן, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון די דייטשן.

דער געפיל אין דער דאָזיקער שטאָט איז געווען ווי אין אַ טויט־פאַסטקע. די דייטשן זיינען געשטאַנען אַרום 50 מייל פון דער שטאָט; אַלע גרענעצן זיינען געווען פאַרמאַכט פאַר אונז; קיין שום האָפע־נונג צו ראַטעווען זיך איז ניט געווען; די פּאָסט און דער טעלעגראַף זיינען געווען כמעט ווי איבערגעריסן מיט אַמעריקע. אין שטאָט זיינען די דערשראָקענע און פאַרהעצטע מענטשן געקראָכן איינער איבערן צווייטן ווי אין אַ פאַרמאַכטן מיטינג־זאַל בשעת אַ שרפה. איינער איז געווען איבעריק דעם צווייטן, יעדער האָט געמיינט, אַז דער צווייטער שטערט אים צו ראַטעווען זיך. אויסער דעם איז געווען אַ געפיל, אַז אַלע פריינד און קרובים אין אַמעריקע האָבן אונז פאַרגעסן און אויפגעגעבן.

פּלוצלונג, אין איינעם אַזאַ שוואַרצן טאָג האָט מען מיר דערלאַנגט אַ טעלעגראַמע פון אַמעריקע:

— וואו איז איינהאָרן?

און אונטער דער טעלעגראַמע איז געווען אונטערגעשריבן — כאַנין.

פון דעם מאָמענט אָן האָב איך אָנגעהויבן האָפן, אַז אפשר וועל איך מיט מיין פאַמיליע בלייבן לעבן.

עס זיינען דאָ זאַכן, וואָס מען קאָן ניט פאַרגעסן.

און איך וויל דאָ אָפן זאָגן: קומענדיק אין אַמעריקע אַ געראַ־טעוועטער, האָב איך געקאָנט פעסטשטעלן, אַז זייער אַ קליינער קרייז

מענטשן האָבן געדענקט, פאַרשטאַנען און אַלץ געטאָן צו ראַטעווען זייערע פריינד, און כּאַנין איז געווען איינער פון די טעטיקסטע, וואָס האָט ניט פאַרגעסן זיינע פריינד.

און זאָל מיר דערלויבט זיין דאָ צו מאַכן פאָלגנדע באַמערקונג: לויט מיין אַלטער דערפאַרונג, איז פריינדשאַפט און פּערזענלעכער אינטערעס ניט אַלע מאָל די באַגלייטער ביי קאַמפּס־חברים. מען קאָן צוזאַמען שטיין אַ לאַנגע צייט אין איין פראָנט, קעמפן פאַר דער זעלבער אידייע און זיין פּערזענלעך קאַלט און גלייכגילטיק איינער צום צווייטן.

כּאַנין צייכנט זיך אויס אין דעם, וואָס אידייען־פאַרבינדונג נעמט אָן ביי אים אַ פאָרם פון פּערזענלעכער פריינדשאַפט, מעגלעך, דאָס איז די סיבה וואָס ער מאַכט זיך אַזוי פיל פריינד.

און די דערפאַרונג האָב איך געהאַט אין יאָר 1924 — 1925, ווען מיר איז אויסגעקומען דעם ערשטן מאָל זיך צוזאַמענצוטרעפן מיט כּאַנינען.

אַלס סעקרעטאַר פון יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד, האָט כּאַנין מיך אַרויסגערופן אין אַמעריקע אָנטיילצונעמען אין דעם ביטערן קאַמף קעגן די קאָמוניסטן. דעם אמת זאָגנדיק, בין איך, אינערלעך, געווען פּאַסיוו צו דעם. מיינע דערפאַרונגען אין דייטשלאַנד האָבן מיך מאָראַליש אָפּגעשטויסן פון דער פּאָליטיק און איך האָב דאַן באַשלאָסן אין אַלגעמיין אַוועקצוגיין אָן אַ זייט. דער איינציקער באַוועג־גרונט אָנצונעמען כּאַנינס פאָרשלאַג איז געווען דער האַס קעגן קאָמוניזם, וועלכן איך האָב געהאַלטן פאַר דעם הויפּט־שולדיקן אין דער גאַנצער פּאָליטישער דעמאָראַליזאַציע אין אייראָפּע. און איך האָב כּאַנינס פאָרשלאַג אָנגענומען צוליב פליכט, אָבער מיט אַ געוויסער פּאַסיוויטעט.

מיין ערשטע באַגעגעניש מיט כּאַנינען האָט מיר גלייך אַרויס־גענומען פון דער פּאַסיוויטעט. כּאַנין, אַז ער וויל, קאָן אַרומנעמען אַ מענטש מיט אַזוי פיל וואַרעמקייט און פריינדשאַפט, אַז ניט ווילנ־דיק ווערסטו מיטגעריסן.

איך האָב שטענדיק זיך געפרעגט: וואו ליגט דאָס ביי כּאַנינען? און איך האָב נאָכדעם פעסטגעשטעלט, אַז כּאַנין איז פון די איינציקע

טוער אין אַמעריקע, וואָס האָבן איינגעהיט אין זיך יענע פאָלקסטימ־לעכקייט, יענע חברשע וואַרעמקייט, וואָס האָט געהערשט אַמאָל אין די רייען פון די רעוואָלוציאָנערן אין יאָר 1903 — 1905, אין דער צייט פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע. ניט קיין סך מענטשן דאָ אין אַמעריקע האָבן באַוויזן איינצוהיטן יענעם פאָלקסטימלעכן גייסט, וואָס איז נאָך דער ערשטער מלחמה פאַרשוואונדן איבעראַל, אַפילו אין דער אַלטער היים.

די דאָזיקע פאָלקסטימלעכקייט האָט איינגעהיט ביי כאַנינען יענע ספּאָנטאַניטעט, וואָס איך האָב ליב. איך וועל ניט זאָגן, אַז זי ברענגט אַלעמאָל כאַנינען נוצן, אָפטער ברענגט זי אים שאָדן. ספּאָנטאַניטעט איז יענער אוממיטלבאַרער אויפריכטיקער געפיל, וואָס רייסט דיך מיט און דו קאָנסט דאַן ניט באַהאַלטן ניט דיין האַס און ניט דיין ליבע. איך בין זיכער, אַז כאַנינען אַליין פאַרדריסט אָפט, וואָס עס קומט אַזוי אַרויס. אָבער אין אונזער צייט איז דאָס אַ גרויסע מעלה. מיר אַרט זייער ווייניק צי דאָס שאַדט כאַנינען. איך שעץ דאָס, ווייל דאָס איז אַ שטיק איינגעבאָרענע אויפריכטיקייט. און ווען ניט די איינגע־באָרענע חכמה, וואָס כאַנין באַזיצט, וואָלט דאָס אים זיכער געשאַדט. איך מוז צוגעבן, אַז די חכמה העלפט אים אין דעם כסדר אַרויס. כאַנין איז אַ קלוגער ייד און ווי זאָגט דאָס פאָלק: עס איז בעסער מיט אַ קלוגן צו פאַרלירן, ווי מיט אַ נאַר צו געווינען. און אויך דאָס האָט מיר אַ לאַנגע צייט געמאַכט מעגלעך צו אַרבעטן מיט כאַנינען. ער האָט דאָס איינמאָל קלוג אויסגעדריקט, זאָגנדיק, אַז איך האָב ליב דעם „בונד" און האָב ניט ליב אַ צענטראַל־קאָמיטעט. און יעדעס מאָל, ווען כאַנין האָט געדאַרפט מיך האָבן, איז ער געווען אַזוי קלוג צו באַהאַלטן דעם צ.ק. און דאָס האָט מיך צוגעבונדן צו אים. איך בין אים דאַנקבאַר דערפאַר, וואָס ווען ער דאַרף יאָ וויזן דעם צ. ק., דאַן באַדערט ער מיך ניט און מיר בלייבן שטילע פריינד.

איך וויל דאָ ניט אָפּשאַצן כאַנינס ברייטע געזעלשאַפטלעכע פאַרדינסטן פאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג און פאַר דער סאָציאַליס־טישער באַוועגונג. דאָס וועלן אַנדערע טאָן. עס איז אַ ריין פערזענ־לעכע אָפּשאַצונג פון מענטש צו מענטש.

איך וויל דאָ בלויז נאָך זאָגן:

אויב די קאָמוניסטן האָבן ניט באַוויזן דאָ צו פאַרכאַפּן די יידישע גאַס, אויב אַ גרויסער טייל יוניאָנס זיינען פריי געוואָרן פון זיי, אויב זיי איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ גרענעץ אין זייער דראַנג אַלץ צו פאַרכאַפּן, — האָט כּאַנין אין דעם די גרעסטע פאַרדינסטן. און ניט אומזיסט האַסן זיי אים אַזוי ביטער. זייער האַס צו אַ מענטשן איז דער גרעסטער קאָמפּלימענט פאַר אים.

כּאַנין איז איצט אַלט געוואָרן זעכציק יאָר. עס איז אַ לאַנגער וועג אין לעבן. און כּאַנינס וועג איז ניט געווען אויסגעבעט מיט בלומען. כּאַנין אָבער איז נאָך איצט געגנוי אַזוי יונג, ווי ער איז געווען אַמאָל. און איך ווינטש אים, ער זאָל דערלעבן דערזען די ווידעראויפלעבונג פון דעם „אַמאָל", פון יענער שיינער אידעאַליסטישער צייט, וואָס האָט באַשטימט כּאַנינס וועג אין זיין ווייטערדיקן לעבן און פאַרמירט זיין פּערזענלעכקייט.

און איך האַלט די ברכה פאַר די בעסטע.

ב. שעפּנער

# כאַנין — דער האַרטער

ווען איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אָנשרייבן דעם אַרטיקל וועגן כאַנינען, האָב איך געהאַט באַשלאָסן זיך צו היטן ווי ווייט מעגלעך פון באַנוצן צוויי ווערטער. דאָס זיינען — „האַרץ" און „מענטשלעכקייט".

דעם דאָזיקן באַשלוס האָב איך אָנגענומען צוליב אַ גאָר פּשוטער, מען קען זאָגן עגאָאיסטישער סיבה: איך האָב ניט געוואָלט זאָגן דאָס וואָס אַלע זאָגן...

ווייל מען פאַרשפּאַרט דאָך צו זיין ספּעציעל וויטזיכטיק, כדי זיך אָנצושטויסן, אַז די מערסטע קאָלעגן, וואָס וועלן שרייבן וועגן אונזער יובילאַר, וועלן זיך קודם־כל אָ וואַרף טאָן אויף אָט די צוויי ווערטער, וועלכע זיינען געווינלעך די זיכערסטע שליסלען צו כאַנינס האַנדלונגען און אויך צו כאַנינס דערפאָלג.

איז עס דאָך אָן אָפענער סוד, אַז די הויפּט־אורזאַך פון דעם גרויסן צוטרוי און ליבשאַפט, מיט וועלכע כאַנין איז אַרומגערינגלט אין אונ־זער סביבה, ליגט אין זיין וואונדערבאַרער אייגנשאַפט צוצוגיין צו מענטשן און אויך צו פּראָבלעמען — 1) מענטשן און 2) פּראָבלעמען איז כאַנינס סדר און ניט פאַרקערט: 1)פּראָבלעמען און 2) מענטשן — פריער פאַר אַלץ מיטן האַרץ. ווען כאַנין לייגט אַרויף די האַנט אויף דער פּלייצע פון אַ נאָענטן, אָדער אַפילו פון אַ וויטן מענטשן און פרעגט אים: „וואָס מאַכט איר?", ווייסט דער אייגנטימער פון דער פּלייצע אויף גאַנצע הונדערט פּראָצענט, אַז ניט די פראַגע איז דאָ דער עיקר ביי כאַנינען, נאָר דער עיקר איז ביי אים דער ענטפער; אַז ער, כאַנין, וויל (הערט, ווי מאָדנע!) טאַקע אויף אָן אמת וויסן, ווי דעם מענטשן לעבט זיך.

און אַזוי ווי אַלע, אָדער כמעט אַלע, וואָס באַטייליקן זיך איצט אין כאַנינס יום־טוב, האָבן שוין געפילט אַמאָל אויף זיך די וואָ־

רעמקייט פון אַט אַזאַ כאַנינישע פראַגע, איז דאָך קלאָר, אַז די ווער־טער „הארץ" און „מענטשלעכקייט" וועלן דאָ שטאַרק אויסגענוצט ווערן. טאָ צו וואָס זאָל איך נאָך זיי ברענגען אויפן יאַריד ?

האָב איך דעריבער באַשלאָסן:
איך ניט.

***

און נאָך וועגן איין אייגנשאַפט כאַנינס האָב איך באַשלאָסן ניט צו שרייבן. דאָס איז וועגן זיין „פּראָלעטאַרישקייט".

„נחום קירזשנער" איז, מוז מען מודה זיין, אַ גאַנץ דאַנקבאַרע טעמע און עס איז ניט קיין וואונדער וואָס אַ סך באַנוצן זי אַזוי גערן.

איז עס דאָך אַ גאַנץ היפּשער שפּאַן אַט יענער וועג פון דעם יידישן אַרבעטער־ייגנל נחומקע ביז דעם אָנערקענטן און איינפלוס־רייכן פירער פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע, דעם שרייבער, רעדנער און קולטור־טוער נחום כאַנין. און אַפילו אין אַן אַנדער לאַנד, ניט בלויז אין אַמעריקע מיט איר ספּעציעלער שוואַכקייט צו „סעלף"מעיד מען", איז אַזאַ דערשיינונג דער אָביעקט פון אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט און לויב.

איך, אָבער, האַלט ניט, אַז אַן אַרבעטער־פירער פאַרדינט ספּעציעלן לויב און באַזונדערן צוטרוי דערפאַר, וואָס ער קומט אַליין פון שאַפּ, אָדער וואָס ער שטאַמט פון אַרבעטער. עס וועט מיר דעריבער קיינמאָל ניט איינפאַלן צו זוכן די אורזאַך פון כאַנינס טיפע דעמאָקראַטישקייט און פון זיין אוממיטלבאַרן צוגאַנג צו מענטשן אין זיין פּראָלעטאַ־רישער אָפּשטאַמונג. איינס מיטן אַנדערן האָט גאָרניט צו טאָן. פון דערפאַרונג ווייסן מיר, ווי טיף דעמאָקראַטיש עס האָבן געקענט זיין און וויפיל אינטימע חברישקייט עס האָבן געקענט אַרויסווייזן פאַר פּשוטע אַרבעטס־מענטשן דווקא אַזעלכע פירער אונזערע, וואָס זיינען געקומען פון ניט־פּראָלעטאַרישע היימען און וואָס זיינען קיין מאָל אין קיין שאַפּ ניט געזעסן און פאַרקערט — ווי שטייף־אָנגעבלאָזן און „פון אויבן־אַראָפּיק" עס האָבן געקענט זיין (און זיינען) מאַנכע אַרבעטער־פירער, וואָס שטאַמען גראָד פון קעלערס און בוידעם־

שטיבלעך און וואָס האָבן אַליין אַמאָל געהאַט אין זייער אייגנטום די אַזוי אָפּט־באַזונגענע „העגט מיט מאַזאָלעס"...

אויב כאַנין קען ווערן אַזוי אינטים־נאָענט מיט פּשוטע מענטשן, אויב ער קען שאַפן אין דער געזעלשאַפט פון „עמך" אַזאַ נאַטירלעכע אַטמאָספערע פון פאַמיליאַרקייט, פון גלייכע מיט גלייכע, איז עס ניט דערפאַר, וואָס ער איז אַמאָל געווען נחומקע דער קירזשנער, גיכער איז עס ניט געקוקט דערויף, וואָס ער איז געווען נחומקע דער קירזשנער.

אָבער דאָ וואָלט איך געדאַרפט מאַכן אַ קאָמפּלימענט כאַנינען, וואָס ער איז אַזוי דעמאָקראַטיש, הגם ער קומט פון אַ דעמאָקראַטישער סביבה... אַזאַ קאָמפּלימענט, אָבער, פּאַסט מיר אים ניט צו מאַכן, דאָס וואָלט געהייסן אַריינפאַלן אין אַ צווייטן עקסטרעם — זאָגן, ווי דאָס האָט געטאָן דער אַלטער מייסטער פון פּאַראַדאָקסן בערנאַרד שאָו, אַז פּראָלעטאַרישע אָפּשטאַמונג איז אַ שטערונג צו דעמאָקראַטישע און סאָציאַליסטישע איבערצייגונגען...

וועל איך דעריבער אינגאַנצן אויסמיידן צו ריידן וועגן כאַנינס „פּראָלעטאַרישקייט". איך וועל דאָס איבערלאָזן פאַר אַנדערע.

***

איך וויל דווקא ריידן ניט וועגן כאַנינס ווייכקייט נאָר וועגן כאַנינס האַרטקייט.

עס איז מיר אייניקע מאָל אויסגעקומען צו הערן אין די לעצטע מאָנאַטן, בעת די יובילײ־פייערונגען, ווי מאַנכע פריינד האָבן גע־לויבט כאַנינען פאַר זיין גרייטקייט מקריב צו זיין פּרינציפּן, צוליב מענטשלעכקייט; צו פאַרקנייטשן פּאַרטיי־פּסוקים, צוליב לעבעדיקע מענטשן. עס איז אָן שום ספק פאַראַן אַ היפּש ביסל אמת אין די דאָ־זיקע לויב־רייד. כאַנין האַלט שטאַרק פון בעל־שמס פּרינציפּ, אַז „אַ מענטש איז טיפער פון אַ בלאַט גמרא". עס איז אָבער אין די דאָזיקע קאָמפּלימענטן (ווי בכלל אין קאָמפּלימענטן) פאַראַן אַ היפּשע פּאָרציע איבערטרייבונגען. און דווקא צום לויב פון כאַנינען דאַרף מען אויף דער דאָזיקער איבערטרייבונג אָנווייזן.

נייך, כאַנין איז שוין גאָרניט אַזאַ פאַרקנייטשער און פאַר־בויגער פון פּרינציפּן. אויב אין צווייט־ראַנגיקע, דערהויפּט טאַקטישע

פראַגן וועט כאַנין זיך אַמאָל דערלויבן צו זיין עלאַסטיש און צו גיין אויף פשרות, וועט ער אָבער קיינמאָל ניט פאַרבויגן קיין איינעם פון די גרונט־פּרינציפּן פון אונזער סאָציאַליסטישער וועלט־אָנשויאונג.

איך קען זיך ניט דערמאָנען נאָך איינעם, וואָס האָט אין די ביי־טערסטע און געפערלעכסטע צייטן פון אונזער באַוועגונג אַרויסגעוויזן מער אומדערשראָקנקייט, עקשנות און גלויבן ביים פאַרטיידיקן די פּרינציפּן פון דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם — דעם איינציק עכטן סאָ־ציאַליזם, וואָס זיין ענדציל איז די מענטשלעכע באַפרייאונג פון עקאָ־נאָמישער, פּאָליטישער און גייסטיקער קנעכטשאַפט — קעגן זיינע שונאים און פאַגראַמירער פון רעכטס און לינקס, ווי כאַנין.

און פונקט אַזוי קען איך זיך ניט דערמאָנען עמיצן, וואָס זאָל איבערשטייגן כאַנינען אין זיין פיבערדיקער, ליידנשאַפטלעכער שנאה צו דעספּאָטיזם, טיראַניי און מענטשלעכער פאַרשקלאַפונג און פאַר־שעמונג.

כאַנין שטורעמט ניט און בליצט ניט — ניט מיט זיין צונג און ניט מיט זיין פעדער. און אויב די ווירקונג פון זיינער אַ רעדע, אָדער פון זיינעם אַן אַרטיקל, אָדער „בריוועלע" איז פונדעסטוועגן אַזוי שטאַרק, איז עס דערפאַר, ווייל פון יעדן וואָרט שלאָגט מיט טיפער אויפריכטיקייט און אינערלעכער איבערצייגונג. זיין אינטימער טאָן פאַנגט אייך, מאַכט אייך פאַר אַ שותף צו כאַנינס גלויבן. איר פילט, אַז דאָ איז סאָציאַליזם ניט קיין געבלימלטער קראַוואַט, וואָס מען קען אים אויסטאָן, אָדער אויסבייטן, לויט ווי עס פאָדערט דאָס וועטער אָדער די מאָדע, נאָר אַז דאָ איז סאָציאַליזם אַ שטיק וואַרעם לעבן, וואָס געזעגענען זיך דערמיט הייסט — גלייכצייטיק אויפהערן צו אָטעמען.

און גראָד כאַנין איז אין דעם פּרינציפּיעלן קאַמף דער היציק־סטער, דער אָן־פשרהדיקסטער.

איז טאַקע ניט קיין וואונדער, וואָס די שאַרפסטע און גיפטיקסטע פיילן האָבן די קאָמוניסטן רעזערווירט פאַר כאַנינען.

דער „צעשיסער" רופן זיי אים. יעדעס מאָל, ווען איך באַגעגן אין אַ קאָמוניסטישער שריפט כאַנינען מיט זיין „טיטל", קען איך זיך ניט איינהאַלטן ניט צו שמייכלען.

בכלל האַלט איך, אַז די וועלט האָט נאָך ניט אָפּגעשאַצט די עלעמענטן פון גראָטעסק און קאָמיזם, וואָס ליגן אין דער קאָמוניסטי־שער פּאָליטיק. דאָס דערקלערט זיך, לויט מיין מיינונג, בלויז דערמיט, וואָס די קאָמוניסטישע וויצן זיינען געוויינלעך איינגעטונקען אין בלוט און דאָס שטערט צו זען זייער קאָמיזם. וויפיל גראָטעסק איז, למשל, פאַראַן אין דער בלוטיקער סצענע „ערליך־אַלטער״? אָט שטייען פון איין זייט די העלדן פון „סטאַלין־היטלער־פּאַקט״ און די פּריי־דיקער פון דער נייער „אידייע״, אַז נאַציזם איז אַ געשמאַק־זאַך און זיי באַשולדיקן די צוויי שטאָלצע פירער פון די יידישע אַרבעטער אין פּוילן, די פאַרשטייער פון די גרעסטע היטלער־קרבנות, אַז זיי האָבן אַגיטירט סאָוועטישע זעלנער פאַר אַ שלום מיט היטלערן... מען וואָלט זיך געדאַרפט קאַטשען פון געלעכטער ביי אַזאַ סצענע. אָבער מען האָט ניט געלאַכט. די קוילן, וואָס האָבן באַגלייט דעם דאָזיקן „וויץ״, האָבן דערשטיקט דאָס געלעכטער.

און ניט ווייניקער גראָטעסק איז דאָ אין דער סצענע, וואו די „מילכיקע״ געפּעאוניקעס שרייען אויפן „בלוטיקן״ כאַנין — צע־שיסער... צום גליק, קענען די מאָסקווער קוילן דעם דאָזיקן וויץ ניט פאַרטרינקען אין בלוט און דערפאַר האָט ער כוח אַרויסצורופן ביי מיר אַ שמייכל יעדעס מאָל, ווען איך באַגעגן אים.

אָבער יאָ „צעשיסער״, ניט „צעשיסער״ — איין זאַך מוז מען די קאָמוניסטן מודה זיין — זיי שרייען ניט אומזיסט. ער האָט פאַר־דינט ביי זיי די אַלע אויסצייכענונגען: דאָס איז דאָך ער, כאַנין, אין יענער היסטערישער עפּאָכע פון „יידישער אייניקייט״ געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער קליינער מוטיקער גרופּע, וואָס האָט געשיצט ממש מיט דעם אייגענעם קערפּער (קיין געווער האָט ער ניט, דער „צעשיסער״) די לעצטע פּאָזיציעס פון דער יידישער גאַס פאַר דער קאָמוניסטישער פאַרפּלייצונג. וויפיל אידעאַליסטישע אַנטשלאָסנקייט און פּרינציפּן־טריישאַפט האָט זיך דעמאָלט געפּאָדערט אויף זיך אַנט־קעגנצושטעלן דעם דאָזיקן מעכטיקן שטראָם, אויף וועלכן די קאָמו־ניסטן זיינען געשוואומען אַזוי שטאָלץ און זיכער, אין דער באַגלייטונג פון די אָנגעזויענסטע ציוניסטישע ראַבאָיס...

און פאַר דער דאָזיקער האַרטקייט איז מיר דער ווייכער כאַנין אַממערסטן טייער...

פ. שראַגער

# כאַנין אַלס דער „משולח"

(צו זיין באַזוך אין מערב־אייראָפּע אין 1945)

געווען איז עס אין מאָנאַט מאַי 1945. ערשט מיט עטלעכע מאָ־נאַטן פריער האָבן מיר זיך באַפרייט פון בלוטיקן קאָשמאַר פון דער היטלער־אָקופּאַציע. די יידן האָבן אָנגעהויבן אַרויסצוקריכן פון זייע־רע לעכער און שטעלן די ערשטע טריט אין נייעם, באַפרייטן פראַנק־רייך. די ערשטע טריט... און זיי זיינען גאָר ניט אַזוי לייכט געווען. אין די אויערן האָבן נאָך אָפּגעקלונגען די געשרייען און די געוויינען פון די פאַרפייניקטע און פאַרשלעפּטע, און פון די אויגן זיינען נאָך ניט פאַרשוואונדן די וויזיעס פון גרויל, וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט. אַלץ האָט דערמאָנט אָן די, וואָס האָבן ניט דערלעבט די ליכטיקע שעה פון באַפרייאונג. עס איז זייער שווער געווען אין אַזעלכע באַדינגונגען צו טראַכטן וועגן אָנהויבן בויען אַלץ פון דאָס ניי.

אָבער ניט בלויז די זכרונות פון די ליידן און דער שאָטן פון די פאַרשוואונדענע האָט שווער געמאַכט דאָס שטעלן די ערשטע טריט, אַלערליי אַנדערע שוועריקייטן זיינען צוגעקומען דערצו: די וואַר־שטאַטן זיינען געווען געשלאָסן, די וואוינונגען — באַזעצט, די געשעפטן — פאַרקויפט. עס האָבן זיך געפאָדערט דעקרעטן, פאַראָרדענונגען, אַדמיניסטראַטיווע פאַרשריפטן, כדי געזעצלעך ליקווידירן די ירושה, וואָס עס האָבן איבערגעלאָזן די היטלעריסטישע מושלים. כדי צוריק־צובאַקומען די וואוינונגען, צום ביישפּיל, האָט מען געדאַרפט זיך פאַרפלאָנטערן מיט געריכטלעכע פּראָצעדורן, וואַרטן וואָכן־לאַנג אויפן אורטייל און שפּעטער... אויף זיין דורכפירונג.

פאַרן גרעסטן טייל יידן איז עס געווען באַזונדערס פּיינלעך. זיי האָבן אין זייער „באַיוויטעט" געגלויבט, אַז ווי נאָר זיי וועלן אַרויס אויף דער ליכטיקער שיין, וועלן זיי מיט איין מאָל צוריקגעשטעלט

ווערן רעכטלעך און פּאַקטיש אין זעלבן צושטאַנד, אין וועלכן זיי האָבן זיך געפונען פאַר דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע. און דאָ מיט אַמאָל — וואַרטן אויף דעקרעטן און פּאַראָרדענונגען... דאָס איז געווען צופיל און צו שווער פאַר די מיט טרויער און פאַרביטערונג אָנגעפילטע יידישע הערצער.

עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס די ערשטע צייטן האָבן זיך געלאָזט הערן שטימען פון אומצוטרוי און פאַרצווייפלונג. עס האָט זיך געפאָדערט הילף און טרייסט, געטראָגן דורך מענטשן, דורך יידן, וועלכע האָבן אַליין די פינצטערע גרויליקע נאַכט ניט דורכגעמאַכט און וועלכע האָבן געקענט באַנוצן אַ שפּראַך, וואָס איז נאָך ניט געווען באַפלעקט מיט אומצוטרוי און ספק, און דער עיקר מענטשן, וועלכע האָבן הינטער זיך געהאַט די אויטאָריטעט פון אַ גרויסן באַדייטנדיקן יידישן ישוב.

איז דאַן חבר כאַנין, דער „משולח" פון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט, צו אונז געקומען. ווייניק פון אונז האָבן אים געקענט פּערזענלעך. זיכער האָבן מיר יאָרן־לאַנג פאַרפאָלגט מיט שפּאַנענדיקן אינטערעס דאָס אַלץ, וואָס ער האָט געטאָן מעבר־לים. זיין קומען האָט אונז געפרייט, אָבער גלייכצייטיק געשראָקן... ווער וויים צי ער, דער „אַמעריקאַנער", וועט אונז פאַרשטיין? צי וועט זיך ניט אויסבילדן אַ תהום צווישן דעם פאָרשטייער פון רואיקן, זאַטן און גליקלעכן אַרבעטער־קיבוץ פון דאָרט, און אונז, וועלכע האָבן אין די פאַר שווערע יאָר זיך אויסגעלערנט אַנדערש צו קוקן אויף זאַכן, ווי נאָרמאַלע און רואיקע מענטשן. זיינען דאָך פאַר אונזערע אויגן צעשטערט געוואָרן ניט בלויז מענטשלעכע היימען און גאַנצע ישובים, נאָר עס איז אַנטפלעקט געוואָרן אין איר גאַנצער חיהשקייט די מענטשלעכע אכזריות. ווילנדיק צי ניט ווילנדיק האָט זיך ביי אונז אויסגעאַרבעט אַן אַנדער צוגאַנג צו זאַכן און צו מענטשן, דערצו דאַרף מען צוגעבן, אַז דער באַגריף „אַמעריקאַנער" איז אַ צייט־לאַנג אין איראָפּע געווען אַ סינאָנים פון טרוקענער זאַכלעכקייט און מיר האָבן זיך אַ ביסל געשראָקן פאַר דעם...

גלייך האָבן מיר געקענט פעסטשטעלן, אַז אונזער שרעק איז געווען אַן אומזיסטע. ניט נאָר האָט כאַנין, דער פאָרשטייער פון יידישן

אַרבעטער־קאָמיטעט, זיך גלייך אָריענטירט אין אונזערע פאַרלאַנגען און נויטן, נאָר ער האָט דעם ערשטן אָוונט פון זיין קומען, ווען ער איז אַרויסגעטרעטן אויף דער פייערלעכער טרויער־אַקאַדעמיע צום אָנדענק פון אומפאַרגעסלעכן שמואל זיגעלבוים, געפונען די געהעריקע ווערטער פון טרייסט און האָפענונג. די הונדערטער פאַרזאַמלטע איז דעם האַלב־טונקעלן זאַל פון דער „מיטיאַליטע"־געביידע האָבן דער־פילט, אַז זיי זיינען ניט אַליין און פאַרלאָזן, אַז אַ גרויסער כוח, וועמעס חשובער פאָרשטייער שטייט דאָ איצט פאַר זיי אויף דער טריבונע, געפינט זיך הינטער זיי.

און אַזוי האָט כאַנין אין פאַרלויף פון פינף מאָנאַטן, אַרבעטנ־דיק אין אַ קליינעם צימערל אין לאָקאַל פון פראַנצויזישן אַרבעטער־רינג, דערפילט די שווערע מיסיע פון העלפן אונז בייקומען די ערשטע שוועריקייטן און דער עיקר — טרייסטן און נאָך אַמאָל טרייסטן. מיר איז דאַן אויסגעקומען אַרבעטן ביי זיין זייט גאַנצע צען שעה אַ טאָג און אָפטמאָל נאָך מער. איך האָב געהאַט די געלעגנהייט קענען צו לערנען זיינע גרויסע מעלות, וואָס מאַכן אים אַזוי ליב און סימפּאַטיש פאַר צענטליקער טויזנטער יידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן אין אַמעריקע.

דאָס וואָס מיך האָט באַזונדערס אימפּאָנירט איז געווען די וואַ־רעמע און האַרציקע באַציאונג צום יחיד. אין קנויל פון די קאָמפּלי־צירטע געזעלשאַפטלעכע פראַגן, וואָס האָבן זיך פאַר אונז געשטעלט, האָט כאַנין אויף קיין איין מינוט ניט פאַרגעסן דעם יחיד און אָפּגע־היט ווי אַן אויג אין קאָפּ, אַז צוליב כלומרשטע אָרגאַניזאַציע־אינטע־רעסן זאָל ניט צעריבן ווערן דער פּשוטער מענטש. אין דער אייגנשאַפט דאַרף מען אפשר זוכן דעם גרויסן סוד פון זיין דערפאָלג. די צענטליקער באַזוכער, וואָס ער פלעגט אויפנעמען דורכן טאָג, האָבן זיך טאַקע ניט טועה געווען אין אים, ווען זיי האָבן אים פאַרטרויט אַ ריי קליינע טאָג־טעגלעכע זאָרגן.

איך וועל קיין מאָל ניט פאַרגעסן דעם איינדרוק, וואָס עס האָבן אויף אונז געמאַכט די זעלטענע לעבנגעבליבענע דעפּאָרטירטע יידן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען אין פראַנקרייך. ערשט אין יאָרן אַרום וועט זיין מעגלעך איבערצוגעבן, ווי עס באַדאַרף צו זיין, וואָס

עס האָבן פאַרגעשטעלט מיט זיך די דאָזיקע מענטשן אין די ערשטע וואָכן פון זייער צוריקקער צום לעבן. מיר אַלע זיינען געווען ממש צעשמעטערט פון דעם, וואָס זיי האָבן דערציילט, און נאָך מער פון זייער אויסזען, פון אויסדרוק פון זייערע אויגן. אין יענע טעג האָט כאַנין זיך אין גאַנצן אָפּגעגעבן די צוריקגעקומענע, די געראַטעוועטע. ער האָט כסדר געאָטעמט מיט זייער לופט. ער איז ניט מיד געוואָרן פון טרייסטן און שטאַרקן אין אַ מאָמענט, ווען דאָס איז אפשר געווען דאָס וויכטיקסטע פאַר זיי און דאָס שווערסטע פאַר אונז, וועלכע האָבן אַליין דורכגעמאַכט שווערע יאָרן פון פיין און ליידן.

ווען די פראַנצויזישע מאַכט האָט באַוויליקט אַריינצולאָזן אַ טייל פון די געראַטעוועטע קינדער פון בוכענוואַלדער לאַגער, איז כאַנין געווען בראש פון די, וועלכע האָבן די קינדער אויפגענומען. האַלטן פאַר זיי אַ רעדע איז אָבער געווען איבער זיינע כוחות. און ווען זיין ריי איז געקומען, האָט ער זיך צעוויינט. צוזאַמען מיט אים האָבן געוויינט די אויפזעער און לערער, די זשורנאַליסטן און געזעלשאַפטלעכע טוער און טאַקע אויך זיי, די קינדער. ווי זיי האָבן שפּעטער איבערגעגעבן, האָבן זיי שוין לאַנג ניט געוויינט. וויפיל מאָל האָבן זיי געוואַרט אויף די טרערן, וואָס זאָלן לייכטער מאַכן זייער געמיט, אַראָפּשווענקען די אָנגעזאַמלטע פאַרביטערונג. זיי האָבן אָבער ניט געקענט וויינען, ביז וואַנען כאַנין האָט זיך צעוויינט, ער האָט מיטגעריסן מיט זיך אין זיין וויינען אַלע אָפיציעלע פּערזאָנען און האָט דערמעגלעכט די קינדער ענדלעך אויך אַ ביסעלע צו וויינען.

שפּעטער זיינען די דאָזיקע קינדער, אָדער ווי מיר האָבן זיי גע־רופן, די „בוכענוואַלדער", געוואָרן אָפטע איינגייער אין זיין קליינינקן ביוראָ־צימער. ער האָט זיי געגעבן אויסגעפרעגט וועגן זייערע פאַמי־ליעס, זייערע בייגונגען, פעאיקייטן אד"גל. ער האָט זיך באמת באַמיט מיט אַלע כוחות צו פאַרלייכטערן דעם גורל פון די דאָזיקע אַזוי שווער געטראָפענע קינדער, און ניט אומזיסט דערמאָנען די „בוכענוואַלדער" קינדער מיט אַזוי פיל ליבע און צערטלעכקייט דעם דאָזיקן „אַמערי־קאַנער", וועלכער איז עפּעס געווען אַנדערש פון די אַלע אַנדערע און האָט געפונען אין זיך אַזוי פיל צערטלעכקייט און ליבע פאַר זיי.

די זעלבע פילבאַרע באַציאונג האָט ער אויך אַרויסגעוויזן צו אַלע

אַנדערע, וועלכע האָבן זיך צו אים געווענדט און מיט וועלכער ער האָט זיך געדאַרפט פאַרנעמען. די יידישע מאָלער און קינסטלער, וועלכע זיינען באַזונדערס שווער געטראָפן געוואָרן דורך דער מלחמה; די יידישע האַנטווערקער, וועלכע האָבן אומזיסט, לאַנגע וואָכן, גע־קלאַפּט אָן אַלע טירן, בעטנדיק מען זאָל זיי געבן די מעגלעכקייט פון שטעלן זיך אויף די פיס און צוריק אָנהויבן אַרבעטן; די יידישע אַרטיסטן, וועלכע האָבן זיך באַמיט פון דאָס ניי צו שפּילן יידיש טעאַטער; די יידישע סטודענטן פון גרענאָבל, וועלכע האָבן אונטער דער היטלער־אָקופּאַציע גענומען אַזאַ אַקטיוון אָנטייל אין דער ווידער־שטאַנד־באַוועגונג; די פעדעראַציע פון אויסלענדישע סאָציאַליסטן, וואָס גרופּירט סאָציאַליסטישע עמיגראַנטן פון פאַרשידענע נאַציאָנאַ־ליטעטן און איז אַ קליינער סאָציאַליסטישער „אינטערנאַציאָנאַל" אין רוישיקן פּאַריז; די טוער פון דער „ליגע צום קאַמף מיטן ראַסיזם", — מערסטנטיילס קריסטן, וועלכע האָבן מיט אַזוי פיל מי אויסבאַהאַלטן יידישע קינדער אין די שווערע אָקופּאַציע־יאָרן, — זיי אַלע האָבן שטענדיק געפונען ביים פאַרשטייער פון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט אַ וואַכזאַם אויער פאַר זייערע פאַרלאַנגען און אַ וואַרעמע גרייטקייט זיי צו העלפן מיט וואָס ער קען נאָר. כאַנין האָט אויסגעצייכנט גע־וואוסט, אַז אַ טייל פון די, וועלכע ווענדן זיך נאָך הילף זיינען פּאָ־ליטישע קעגנער. ער האָט אָבער ביי זיי דעם פּאָליטישן פּאַספּאָרט ניט געפרעגט. אינטערעסירט האָט אים צו וויסן צי דאָס וואָס זיי טוען איז נוצלעך. און אויב יאָ, האָט ער געהאַלטן פאַר נויטיק זיי צו העלפן אין די ראָמען פון זיינע מעגלעכקייטן. פאַר ווייטע מענטשן, וועלכע קענען דעם חבר כאַנין בלויז פון פאַרביטערטע פּאָליטישע קאַמפן, בלויז כאַנין דעם „קעגנער", וועט דער דאָזיקער אופן פון האַנדלען זיכער זיין אַן אַנטפּלעקונג, וואָס גיט צו אַ נייע פאַרב דער דאָזיקער קאָלירפולער געשטאַלט.

ווען כאַנין האָט אין מאָנאַט סעפּטעמבער באַדאַרפט פאַרלאָזן פראַנקרייך און זיך צוריקקערן אין זיין לאַנד, צו זיין אַרבעט, צו זיין פאַמיליע, האָבן מיר מיט אַמאָל דערזען וואָס פאַר אַ גרויסן אָרט ער, דער „פרעמדער", האָט אָנגעהויבן צו פאַרנעמען ביי אונז. ער איז

אַזוי שנעל געוואָרן אַן אַרטיקער טוער, זיך אַריענטירט אין אונזערע ספּעציפישע אייגנאַרטיקע און קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען.

זיין באַזוך ביי אונז אין פראַנקרייך, אין בעלגיע, אין דער שווייץ, איז דעמאָלט געווען פון אומגעהויער וויכטיקער באַדייטונג. דער אַמ־באַסאַדאָר פון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט האָט אונז פאַרבונדן מיט אונזערע ברידער, יידישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן, פון אַמע־ריקע. אָבער עס איז ניט געווען קיין טרוקענע מעכאַנישע פאַרבינדונג. עס איז געווען פאַרבינדונג פון האַרץ צו האַרץ — די איינציקע וואָס איז דעמאָלט געווען מעגלעך און ווינטשנסווערט. מיט זיין וואַרעמער אייגנאַרטיקער שפּראַך האָט ער גערעדט צו די קינדערלעך פון דעם „הויז פאַר קינדער פון דערשאָסענע און דעפּאָרטירטע" אין לע־מאַן, צו די קאָנוואַלעסצענטן פון דעם „אָפּרו־הויז פאַר דעפּאָרטירטע" אין בוקעראָן, ביי גרענאָבל, אויף צענטליקער פאַרזאַמלונגען פון „בונד", לינקע פּועלי־ציון, אַרבעטער־רינג, אַרבעטער־היים, האַנטווערקער און ד"גל. ס'איז ניט קיין וואונדער וואָס נאָכדעם האָט צווישן אַמעריקע און אונז זיך איינגעשטעלט אַ בונד און דער צווייפל האָט אָנגעהויבן צו פאַרשווינדן. מיט מער עקשנות און גלויבן זיינען מיר צוגעטרעטן אויפ־צושטעלן אונזער חרוב־געוואָרענעם לעבן.

אמת, קורץ איז געווען די צייט וואָס כאַנין האָט פאַרבראַכט אין מערב־אייראָפּע, אָבער מאָנאַטן האָבן זיך דעמאָלט געקענט רעכענען פאַר יאָרן. די אויפטוען זיינע זיינען געווען צאָלרייכע. די סימבאָלישע באַ־דייטונג פון דאָזיקן באַזוך איז געווען אַזאַ גרויסע און האָט איבערגע־לאָזט אין יידישן ישוב פון פראַנקרייך און בעלגיע אַזעלכע טיפע שפּורן, אַז דאָס בילד פון כאַנינס טעטיקייט וואָלט ניט געווען קיין פולקאָמער, אויב עס זאָל ניט ווערן פאַרצייכנט אָט דער פּעריאָד פון זיין לעבן און טעטיקייט.

שרה שוועבער

# אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט און אין טורמע

איבער פערציק יאָר זיינען שוין פאַריבער, ווען כ'האָב זיך צום ערשטן מאָל באַגעגנט מיטן ח' כאַנין. אין געוויינלעכע, נאָרמאַלע צייטן זיינען 40 יאָר אַ סך, בפרט אין אַזעלכע שווערע יאָרן, וואָס זיינען געווען פול מיט רעוואָלוציעס, קאָנטער־רעוואָלוציעס און וועלט־מלחמות.

באַקענט האָב איך זיך מיטן ח' כאַנין אין די שטורעמדיקע טעג פון דער ערשטער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. ווי אויפגעברויזט־טיף האָבן מיר אַלע דעמאָלט געפילט און באַנומען די זיך אַנטפלעקנדיקע כוחות פון די אויפוואַכנדיקע פאָלקס־מאַסן. ברענענדיק־הייס איז געווען דער אָטעם, שטאַרק האָט פולסירט דאָס בלוט, רייך און פילפאַרביק האָט געשטראָמט דאָס לעבן. יינג און האָפנונגספול זיינען געווען די רעוואָלוציאָנערע גרופּעס, וועלכע האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אומעטום, וואו ס'האָט זיך נאָר באַוויזן די מינדסטע מעגלעכקייט אַרויסצוכישופן די נאָך שלומערנדיקע פאָלקס־כוחות און אויסצופאָרמירן נייע קאַמף־מחנות.

באַזונדערס אינטענסיוו און שפרודלדיק האָבן זיך אַנטוויקלט די געשעענישן אין יידישן תחום. דאָ האָט זיך געפונען אַ פּאָטענציעלער רעוואָלוציאָנערער ברענשטאָף, וואָס האָט שטענדיק געטליעט אין די טיפענישן פון די פּוילישע פאָלקס־מאַסן קעגן צאַרישן אָקופּאַנט. אין לויף פון דורות האָט זיך דאָ אָנגעזאַמלט פאַרביטערונג און האַס אין די הערצער פון די יידישע מאַסן, וועלכע האָבן געליטן פון די רדיפות, הפקרות און אונטערדריקונג. אין די ערשטע יאָרן פון זיין טעטיקייט האָט דער „בונד" שוין באַוויזן אַריינצודרינגען אין די סאַמע טיפע־נישן פון יידישן לעבן. מיט זיין רירעוודיקייט און ברען האָט זיך אים איינגעגעבן גוט צו צעאַקערן דעם באָדן. מיט די ערשטע רעוואָלוציאָ־

נערע ווינטן, וואָס האָבן אָנגעהויבן בלאָזן איבער דער צאַרישער אימ־פעריע, האָט גלייך אויפגעשפּראָצט און זיך צעוואַקסן די רעוואָלו־ציאָנערע באַוועגונג פון די יידישע מאַסן.

סוף אָקטאָבער 1905 האָב איך באַקומען דעם באַפעל פון דער בונדישער אָנפירונג צו פאָרן אין לובלין. מ׳האָט מיר געזאָגט: איר פאָרט אין אַ שטאָט מיט אַ גערדיכטער יידישער באַפעלקערונג. אמת, ניטאָ דאָרט קיין יידישע טעקסטיל־פאַבריקן, ווי אין לאָדזש און ביאַ־ליסטאָק, אָבער ניעקשה, אַ וואוילע יידישע פאָלקס־מאַסע. מ׳נויטיקט זיך דאָרט אין אונזערע טוערס.

אַ וואוילע יידישע פאָלקס־מאַסע, און אַ טייערע גרופּע יינגע בונדיסטן האָב איך געטראָפן אין לובלין. זיי האָבן מיך אַריינגענומען אין שפּאַן פון דער ערשטער מינוט אָן. מ׳האָט מיך געצוואונגען אַרומ־צולויפן פון איין בית־המדרש אין צווייטן, פון איין שול אין אַ צווייטע. (פאַרזאַמלונגען פלעגט מען מערסטנטייל אָרגאַניזירן דאָרט פאַר און נאָך דעם דאַוונען). איך האָב געדאַרפט שפּאַנען אויף פאַרשידענע גאַסן, כדי אַרויסצוטרעטן אויף די אומצאָליקע הויף־פאַרזאַמלונגען, וועלכע די רירעוודיקע בונדישע יאַטן האָבן באַוויזן צוצוגרייטן. אַ פאַרצווייפלטע פלעג איך זיך אַרומטראָגן, ניט זייענדיק אימשטאַנד געהעריק אויסצופילן אַפילו אַ טייל פון דער מאַסן־אַרבעט. איז געוואָרן אַרויסגעשיקט אַן אַלאַרם־רוף צום צענטער. גלייך איז דערויף אָנגעקו־מען אַ קורצער ענטפער: — הילף אין וועג.

אין אַ פּאָר טעג אַרום טרעף איך אַ יינגנמאַן מיט טיף דורכ־דרינגענדיקע, לאַכנדיקע אויגן. „איך בין נחום דער קירזשנער״ — זאָגט ער מיר און לאַכט. פון קורצן געשפּרעך, וואָס מיר האָבן דע־מאָלט געהאַט, געדענק איך שוין קיין וואָרט ניט. אין זכרון איז מיר אָבער פאַרבליבן זיין פול און האַרציק געלעכטער. דעם אמת געזאָגט בין איך אַ ביסל געוואָרן איבערגעשראָקן. צו יענער צייט בין איך, נאַטירלעך, ניט געווען נאָך פון די גאָר אַלטע, אָבער מיר איז אויס־געקומען, אַז צופיל צייט אויף לאַכן קאָנען מיר זיך ניט פאַרגינען. ס׳פאָדערט זיך אַזאַ אָנגעשטרענגטע, פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט, ווי קאָן מען זיך פאַרגינען אַזוי פיל צו לאַכן. גאָר גיך האָב איך געקאָנט

אויסגעפינען וואָס פאַר אַ לעבנס־ און אַרבעטס־קראַפט, וואָס פאַר אַ קוואַל פון ענערגיע ס׳ליגט פאַרבאָרגן אונטער כאַנינס שמייכל.

ווען כ׳בין אָנגעקומען אין לובלין, האָב איך געדונגען אַ צימערל אויף אַ בוידעם פון אַ צוויי שטאָקיק געמויערט הויז. אין צווייטן אַריינגאַנג פון זעלבן הויז האָט געוואוינט אַ זשאַנדאַרם. כ׳האָב גע־טראַכט, אַז פון קאָנספּיראַציע־שטאַנדפּונקט קאָן דאָס אַמאָל זיין ניט שלעכט. וועמען וועט איינפאַלן, אַז אונטער דער נאָז פון אַ זשאַנדאַרם זאָל וואוינען אַ רעוואָלוציאָנערע טוערין. ווען ח׳ כאַנין איז אַרויפגעקומען אין דעם צימערל, האָט ער דערקלערט, אַז אים פאַלט אַפילו ניט איין צו זוכן פאַר זיך אַ וואוינונג. סיי ווי וועט אויסקומען גאַנצע טעג אַרומ־צולויפן. אין די אָוונטן און נעכט טאָר מען זיך ניט ווייזן אין די גאַסן, ווייל אויפן שטח פון די פּוילישע געביטן האָט געהערשט קריגס־צושטאַנד. נו, מוז מען דאָך אויסנוצן די נעכט פאַר דער אַרבעט און במילא וועלן מוזן מער מענטשן זיך געפינען צוזאַמען. דערביי איז אים אויך דער שכן, דער זשאַנדאַרם, פאָרגעקומען ווי אַ גוטער בליץ־אָפּלייטער. הכלל, דאָס צימערל איז טאַקע גלייך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ רעדאַקציע (כמעט יעדע נאַכט פלעגט פאַרפאַסט ווערן אַן עקס־טרא אַרטיקע פּראָקלאַמאַציע). קיין דרוק־מאַשין האָבן מיר ניט גע־האַט, אויך פון שרייב־מאַשינען, שאַפּיראָגראַפן און אַנדערע מאָדערנע טעכנישע דרוק־מיטלען האָבן מיט ניט געוואוסט. אונזערע פּראָקלאַ־מאַציעס פלעגן מיר העקטאָגראַפירן אויף אַ פּרימיטיוו־געמאַכטן העק־טאָגראַף. דערביי פלעגן מוזן עטלעכע בונדיסטן איבערוואַרטן די גאַנצע נאַכט, כדי באַלד אינדערפרי, ווען ס׳איז שוין דערלויבט געווען צו גיין אין גאַס, פאַנאַנדערצוטראָגן די פאַרטיקע פּראָקלאַמאַציעס אויף די באַשטימטע פּונקטן.

די זיצונגען פון אָרטיקן קאָמיטעט, פון די פאַרשידענע קאָמי־סיעס פלעגן אויך אָפט פאָרקומען אין זעלבן אָרט. מ׳האָט פאַרטיילט די לויפנדיקע אַרבעט אויף דעם מאָרגנדיקן טאָג. מ׳פלעגט אויך דע־באַטירן און פעסטשטעלן די פאַרטיי־טאַקטיק, פּרואוון פאַרענטפערן די קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען, וואָס דאָס לעבן האָט אַרויסגערוקט. הגם די גאַנצע שאַרפקייט איז צוגעשפּיצט געווען צום פּאָליטישן רעזשים,

פלעגט מען אויך פיל אַכט לייגן אויף עקאָנאָמישע פראַגן. באַזונדערס איז מיר געבליבן אין זכרון איין פראַגע, מיט וועלכער מיר האָבן זיך אַ פּאָר נעכט פאַרנומען: צי דאַרף מען פאָדערן פון די אונטערנעמער און האַנטווערקער צו באַצאָלן פאַר דער צייט, ווען די אַרבעטער דאַרפן זיך באַטייליקן אין די פּאָליטישע פאַרזאַמלונגען און דעמאָנסטראַציעס. ח׳ נחום האָט הייס פאַרטיידיקט דעם שטאַנדפּונקט אַז יאָ, ווייל דער קאַמף גייט פאַר פּאָליטישע פרייהייטן פאַר אַלעמען. אַזוי האָבן מיר טאַקע דעמאָלט באַשלאָסן. האָט טאַקע אָפט געטראָפן, אַז אין דאָזיקן קליינעם צימערל, אין שכנות פון זשאַנדאַרם, נאָכן אָפּטאָן פאַרשידענע טריפע אַרבעט האָט זיך פאַנאַנדערגעלייגט שלאָפן אַ 10־קעפּיקע חברה.

גלייך אויף מאָרגן נאָך זיין אָנקומען האָט שוין נחום דער קירזשנער באַוויזן וואָס מ׳קאָן פון אים דערוואַרטן. פון איין פאַרזאַמלונג צו אַ צווייטער, פון איין אַרבעט צו אַן אַנדערער. ווי אַ פייל פון בויגן האָט ער זיך געטראָגן איבער די לובלינער גאַסן און גלייך זיך אַוועקגע־שטעלט אויף אַן אימפּראָוויזירטער טריבונע, אָדער אויפן באַלעמער אין אַ שול. מיט אַ געלאַסענער רואיקער שטימע האָט ער אָנגעהויבן ריידן. הגם אויסערלעך איז זיין ריידן געווען רואיק און געלאַסן, איז אָבער דער אינהאַלט געווען איין שטיק פייער. גיך פלעגן פאַרלוירן ווערן די באַזונדערע מענטשן אויף דער פאַרזאַמלונג. אַ צוזאַמענגעשמאָלצענע, צוזאַמענגעפּרעסטע מחנה איז געשטאַנען מיט אָנגעשפּיצטע אויערן און פאַרכאַפּטן אָטעם און געשלונגען די ווערטער, די געדאַנקען, וואָס דער רעדנער האָט אַרויסגעבראַכט.

עס זיינען קוים פאַרביי געציילטע טעג, און נחום קאָן שוין אַלע־מען ביי זייערע נעמען. ער קען די מאַסע און די מאַסע קען אים. און זי באַטראַכט אים באַלד ווי אירס אַן אייגענעם. מ׳ווענדט זיך צו אים מיט וויכטיקע קאָמפּליצירטע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פראַגן, מ׳באַ־ראַט זיך מיט אים וועגן אָנגעווייטיקטע ענינים פון פריוואַטן לעבן, וועגן פאַמיליע־אָנגעלעגנהייטן. ער הערט אַלעמען אויס געדולדיק מיט זיין געוויינלעכן שמייכל און ענטפערט זאַכלעך. מיט זיין געלעכטער פאַרטרייבט ער אָפטמאָל די זאָרג פון דעם אָדער אַנדערן האָרע־פּאַשניק.

די אַרבעט איז זיך ברייט פאַנאַנדערגעוואַקסן און געשטראָמט איבער די ברעגן. ס'איז געווען אַ גליקלעכע צונויפטרעפונג: דער ח' כאַנין און די פּרוכטבאַרע לובלינער ערד, די לופט מיט וועלכער די לובלינער מאַסע האָט געלעבט און געאָטעמט. לובלין איז שוין שפּעטער, בפרט אין אומאָפּהענגיקן פּוילן, פאַרבליבן איינע פון די בעסטע, שענסטע און שטאַרקסטע בונדישע פעסטונגען. אַ חלק אינם גלאַנץ־פּעריאָד פון בונדישן לובלין אין דער צייט צווישן ביידע וועלט־מלחמות האָט געוויס דער ח' כאַנין, כאָטש צו יענער צייט האָט ער זיך שוין געפונען אין דער ווייטער אַמעריקע. די סאָציאַליסטיש־בונדישע זאָמען, וועלכע ער האָט אַזוי רייך פאַרשפּרייט, זיינען אויפגעגאַנגען מיט גרויס שפע.

לאַנג האָבן מיר, כאַנין און איך, זיך ניט געקענט האַלטן אין לובלין. אמת, אונזער שכן, דער זשאַנדאַרם, האָט אונז טאַקע גוט באַשיצט. אונזער דירה איז ניט דורכגעפאַלן. ס'איז אָבער שווער געווען צו האַלטן לאַנג פאַרקאָנספּירירט אַ פאַנאַנדערגעוואַקסענע, לעבעדיקע באַוועגונג. דערצו האָט צו יענער צייט די רעאַקציע גענומען צוריק אַרויפכאַפּן זיך אויפן זאָטל. מען האָט אָנגעהויבן שטאַרקער נאָכצוזוכן און פאַרפאָלגן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג. סוף דעצעמבער 1905 האָבן מיר געמוזט פאַרלאָזן לובלין. ח' כאַנין איז גלייך אָפּגעפאָרן. איך בין געפאָרן קיין וואַרשע זיך פאַרשטענדיקן וועגן דער ווייטערדיקער אַרבעט אין לובלין און בין אַהין צוריקגעפאָרן, כדי איבערצוגעבן אַנדערע די אַרבעט און איינאָרדענען, אַז די באַוועגונג זאָל קאָנען אומגעשטערט פאָרטגעזעצט ווערן.

דער פאָרשטייער פון „בונד“, וועמען כ'האָב געזאָלט איבערגעבן די אַרבעט, איז געווען דער גוט־באַקאַנטער אין אַמעריקע ח' י. ב. סאַלוצקי־האַרדמאַן. דאָס מאָל האָב איך אָבער מיין שליחות נישט געקאָנט דערפילן. ביי גאַנץ דראַמאַטישע אומשטענדן האָב איך געמוזט גלייך פאַרלאָזן לובלין.

די צאַרישע אָכראַנע האָט ניט גערוט. מען האָט נאָכגעזוכט און נאָכגעפאָרשט. די צאַרישע סאַטראַפּן איז געלונגען צו כאַפּן נחום דעם קירזשנער אין וואַרשע און פון אַ וואַרשעווער טורמע אים אי־

בערפירן אין אַ לובלינער. מיט אַ 2 חדשים שפּעטער האָבן זיי אויך מיך געפּאַקט אין אַ לאָדזשער טורמע, וואוהין מען האָט מיך געברענגט פון אַ פאַרזאַמלונג, (אַגב, איך בין דעמאָלט אַרעסטירט געוואָרן צוזאַ־מען מיטן באַרימטן בונדישן טוער ח׳ ב. וולאַדעק). אויך מיך האָט מען איבערגעפירט קיין לובלין. דער ערשטער, וועמען איך האָב באַגעגנט אין לובלינער טורמע־הויף, איז געווען דער ח׳ נחום כאַנין. ער האָט מיך באַגריסט מיט זיין געוויינלעכן שמייכל, און לאַכנדיק באַמערקט: ווידער צוזאַמען...

היימיש און חבריש איז געווען דער ח׳ כאַנין צווישן די לובלינער פאָלקס־מאַסן — אַזוי איז ער אויך געווען צווישן דער מחנה פּאָליטישע אַרעסטירטע אין לובלינער טורמע. און גאָר גרינג איז ניט געווען אַזוי זיך איינצולעבן צווישן די פּאָליטישע אַרעסטירטע פון פאַרשידנאַרטיקן כאַראַקטער. געווען זיינען דאָרט: אַ קלענערע גרופּע שטאַרק צוגע־לאָזענע אינם פּריוואַטן לעבן ס.ר.־אָוצעס; שטאָלצע, פאַרריסענע ס. ד. ק. פּ. ל.־אָוצעס; ערנסטע און פאַרטראַכטע פּ. פּ. ס.־אָוצעס (אַ גרויסער טייל פון זיי „באַיאָוצעס"—דאָס גרינגסטע, וואָס זיי האָט דער־וואַרט, איז געווען לאַנגע יאָרן קאַטאָרגע); רירעוודיקע, פול מיט גלויבן און מוט, בונדיסטן. עס זיינען אויך געווען סתם מענטשן, וועלכע האָבן קיין שום שייכות ניט געהאַט צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, אָבער האָבן פאַר די זשאַנדאַרמען אויסגעקוקט פאַרדעכטיק. כאַנין האָט מיט אַלעמען זיך געקאָנט איינלעבן. כמעט מיט אַלעמען איז ער געווען אינטים, האַרציק און חבריש.

## דניאל טשאַרני

# נחום דער קירזשנער

עס זיינען פאַראַן פאַרשידענע מינים כאַנינס:
כאַנין דער כלל־טוער.
כאַנין דער קולטור־טרעגער.
כאַנין דער שרייבער.
כאַנין דער רעדנער.
כאַנין דער רייזנדער.

ווענן יעדן איינעם פון אָט־די כאַנינס וואָלט מען געקאָנט אָנ־שרייבן אַ גאַנץ פיינעם יובליי־אַרטיקל.

די אַלע פאַרשידענע מינים כאַנינס זעען מיר גאַנץ אָפט אויף די שפּאַלטן פון „פאָרווערטס", „וועקער", „קולטור און דערציאונג", „קינדער צייטונג" און אַנדערע צייט־שריפטן.

איינער פון אָט די כאַנינס קאָן אַמאָל זיין שאַרף און שניידיק, ווען ער פּאָלעמיזירט מיט זיינע פּאָליטישע קעגנער, אָבער אַ צווייטער כאַנין קאָן אויך זיין מילד און ליריש, ווי אַ זיידע, ווען ער שפּילט זיך מיט זיינע אייניקלעך.

מיט אָט די אַלע פאַרשידענע מינים כאַנינס דיריגירט נאָך ביז היינט נחום דער קירזשנער.

פאַר אַ קירזשנער האָב איך שטענדיק דעם גרעסטן דרך־ארץ. אַ קירזשנער מוז זיין אַ גוטער מענטשן־קענער און אַ גרויסער בר־דעת.

אַ קירזשנער ווייס, אַז אַ הוט מאַכט דעם מענטשן!

מען קאָן איין און דעם זעלבן הוט טראָגן, ווי אַ לאָבוס, ווי אַ פאַרשייטער יינג און אויך פאַרקערט — ווי אַ תלמיד־חכם און ווי אַ צדיק.

ווען אַ געניטער קירזשנער גיט אַ קוק אויף אַ מענטשן מיט אַ נאַ־

קעטן קאָפּ — ווייס ער שוין אין פאָראויס, וואָס פאַר אַ הוט ער דאַרף אים מאַכן און ווי אַזוי מען דאַרף דעם הוט טראָגן.

אויך נחום דער קירזשנער געהערט צו יענער קאַטעגאָריע מענטשן־קענער, וואָס ווי נאָר ער גיט אַ קוק אויף איינעם — ווייס ער שוין גלייך, צי ער האָט פאַר זיך אַן אָדם, אָדער אַ פּרא־אָדם.

פון נחומס קלוגע און דורכדרינגענדיקע אויגן איז שווער זיך אויסצובאַהאַלטן.

ווי אָפט הער איך צו, ווי נחום דער קירזשנער (אָדער כאַנין אין אַלע זיינע גלגולים) שוויגט איבער די נאַקעטע קעפּ פון זיינע מיטשמועסער. אַלע אַרום איםריידן, קאָכן זיך, אָבער נחום שוויגט — ס׳איז אַזאַ מין אַקטיווער שוויגן, צו וועלכן ס׳איז בפירוש כדאי זיך צוצוהערן.

פון צייט צו צייט וואַרפט אַריין נחום אַ וואָרט, צי אַ ווערטל אין „דיעלאָ וו׳שליאָפּע״ — דער קאַפּעלוש איז פאַרטיק!

ער איז בטבע אַ וואָרט־שטעלער און ניט קיין שריפט־שטעלער. דערפאַר איז ער אויך אין זיין שרייבן שטענדיק זאַכלעך און דערציי־לעריש. זיינע ביכער וועגן סאָוועט־רוסלאַנד און וועגן די לענדער פון דרום־ און צענטראַל־אַמעריקע זיינען פול מיט פאַקטן און דערפאַ־רונגען. ער דערזעט גלייך אויף זיינע רייזעס די נאַקעטע קעפּ פון פעלקער און לענדער און ער באַדעקט זיי מיט זיינע אייגענע קאַפּע־לושן.

אַזוי אַרום זיינען פון נחום דעם קירזשנער אַרויסגעוואַקסן די פאַרשידענע מינים כאַנינס, וואָס יעדער איינער פון זיי איז אַ גאַנץ גוטע טעמע פאַר אַ יובליי־אַרטיקל, אָבער אַלע אין איינעם זיינען זיי אַ דירעקטער המשך פון דעם סענטימענטאַלן און שווער־גע־פרואווטן „בערעלען״.

ביי „בערעלען״ געפינען מיר שוין אַלע שליסלען צו די שפּעטער־געוואָרענע כאַנינס, וואָס יעדער איינער פון זיי איז שוין אַלט געוואָרן, הער איך, זעכציק יאָר.

ס׳איז מאָדנע צו זען „בערעלען״ אין אַ קאַפּעלוש פון אַ זעכציק־יאָריקן יידן. ניט אַנדערש, ווי נחום דער קירזשנער האָט מעשה חכם

פּאַרטיילט זיינע זעכציק יאָר צו די עטלעכע כּאַנינס: צוואַנציק יאָר צו כּאַנינען דעם כּלל־טוער און פּאָליטיקער, צוואַנציק יאָר צו כּאַנינען דעם קולטור־טרעגער און וואָרטשטעלער — צוואַנציק יאָר צו כּאַנינען דעם שטילן פריינד און חבר, וואָס האָט ליב צו טאָן שטילערהייט טובות.

אַזוי אַרום פייערן מיר איצטער דעם דריי מאָל צוואַנציק־יאָריקן געבורטסטאָג פון די דריי פאַרשידענע מינים כּאַנינס, וואָס אַלע צו־זאַמען טראָגן זיי דעם קאָלעקטיוון נאָמען פון „נחום דער קירזשנער".

# אברהם רייזען

## לידער

(געווידמעט מיין קאָלעגע און פריינד — נחום כאַני, דעם **אויטאָר** פון דער שיינער אויטאָביאָגראַפישער נאָוועלע „בערעלע״ און **אַנדערע** ווערק, — דעם חשובן קולטור־טוער און דירעקטאָר פון די **יידישע** אַרבעטער־רינג־שולן — צו זיין זעכציקסטן געבורטסטאָג).

מאָטאָ:

דאָס זיינען זיי, די שטילע לידער
פון יענער שיינער, ליבער צייט;
און הערסטו איצטער זיי ווידער —
מיט יוגנט ווערסטו באַלד באַנייט.

### א.

### וואונדער...

(פון דער אָרעמער היים)

אָוונט, ווינטער, אין דעם שטיבל
יעדער זיצט, ווי אין פאַריבל...
ווער ביים טיש און ווער אין ווינקל,
און דאָס לעמפּל קוים עס פינקלט...

דאָך אָן האָפענונג — ניט ריכטיק...
ס׳מוז דאָך ווערן גוט און ליכטיק...
גלויבן עלטערע אין וואונדער
און די קינדער — גאָר באַזונדער!

גלויבערייען גאָר פאַרשידן
פאַר דעם אָרעמען און מידן;
ווען מען קען די נויט ניט רירן
גלויבט מען: ס׳וועט אַ נס פאַסירן.

רופט אַ קינד, ווי זיך צו רימען:
„מאַמע, ס׳שמאַרצט אין האַנט״ — „אַ סימן
גאָר אַ גוטער — קוועלט די מאַמע —
דו וועסט ציילן געלט, מסתמא...״

שטריקט די טאָכטער, שטיל, אָן זינגען,
פּלוצים טוט אין אויער קלינגען:
„מאַמע, זאָג, וואָס זאָל ס׳באַשערן?״
וועסט אינגיכן קלעזמער הערן.

און אַ ייִנגל — בלייך דאָס פּנים,
ער האָט אויך פּאָר גליק סימנים;
זוכט ער שוין די צאָל פון אותיות
ס׳זאָל באַטייטן שיינס און גרויסעס!...

ב.

## די יוגנט

ווער קען צוריק דען ווערן ייִנג, —
די יוגנט אומצוקערן?
דו קענסט בלויז מיט דערינערונג
איר ליבע שטים דערהערן;

דו קענסט אויף פליגלען פון געדאַנק
צו איר אין שנעל זיך טראָגן;
צי אויף די שיפן פון פאַרלאַנג —
אויף ימים זי דעריאָגן...

צי אויף אַ גרינעם שטעג, ביים וואַלד,
צי אויף אַ באַרג געשטיגן,
פאַרבענקט נאָך היים — דערזעט זי באַלד,
און הערט יוגנטס ניגון...

ג.

## אַ מענטש

אַ מענטש קען ניט שטענדיק פאַרלירן,
אַ מענטש קען אויך שטענדיק ניט שטייגן . . .
עס איז בלויז דער צייטס אַ פאַרפירן —
שטאָלציר ניט און בלייב ניט אָפּהענדיק...

אַמאָל קען אויך טרעפן ביים שטייגן
פאַרלירט מען דעם טיפסטן פאַרמעגן,
און דו האָסט געפונען אין שווייגן
דיין גליק אויף די אָפענע וועגן . . .

ד.

## יעדן...

יעדן מענטשן קומט אַמאָל אַ פרייד,
יעדער מענטש פאַרדינט זיין שטאָלצן נחת . . .
וואָס־זשע קומסטו איצט, ווי אויף להכעיס
מיט די קלוגע פאַרשנדיקע רייד . . .

לאָז זיך פרייען — פאַר די צערן פיל
לאָז דער נחת ניט פאַרטונקלט ווערן . . .
זיי אַ פריינד, וועט דאַן די פרייד אויך דיר געהערן
און זי וועט דיר לויכטן, ווי אַ שטערן — שטיל . . .

ה.

## צו די ווייט־נאָנטע ברידער

איך קען אייער רופן
אין ווינטן דערהערן;
איך זע אייער עלנט
אין איינזאַמע שטערן . . .
(איך וואוין אין עק שטאָט,
דאָרט הער איך אויך גאָט!)

איך הער אייער בעטן,
איך הער אייער פרעגן,
אין קלאַפּן פון טראָפּן —
אין האַרבסטיקן רעגן.
און וואו נאָר און ווען —
איך הער איך און זע!

אין שעהן אין שפּעטע,
ווען כ׳בלייב דאַן אַליין נאָר,
ביים טיש, צי ביים בעטל —
אַן איינזאַמער, איינער —
וואו קיינער ניטאָ —
זייט איר אַלע דאָ . . .

ו.

## ס׳טרעפט...

ס׳טרעפט אַמאָל — דו שעמסט זיך ריידן
און נאָך מער — דאָס ליד צו זינגען;
שווער דעם וועלט־סוד צו באַשיידן,
שווער דאָס לעבן דורכצודרינגען.

ווי פיל ווערטער, רייד און לידער
אין די דורות וואָס פאַרגאַנגען,
און מיר אַלע בלייבן ווידער
ביי די זעלביקע פאַרלאַנגען.

ווער וועט פאָרט אונז לערנען ענדלעך —
ווי צו לעבן, גוט צו ווערן;
און פאַרגעבלעך, און פאַרשטענדלעך —
ווי די זון און ווי די שטערן . . .

ז. שניאור

# ביים טויער

נ. כאַנינען

דער רייט־פערד, מיד און שוימיק,
פאַרמינערט זיין גאַלאָפּ;
די עלטער לויפט אַקעגן,
אַ שניי פאַלט אויפן קאָפּ.

קומסט אָן... און דער געוויסן
ער וואַרט שוין ביי דיין טיר;
זיין לאַנגער פּנקס — אָפן,
וויל רעכענונג פון דיר.

דו שפּרינגסט אַראָפּ פון זאָטל
און ווינקסט אים צו: „האַללאָ!
האָסט מיך איין רוף געגעבן,
און זע! איך בין שוין דאָ...״

ווי דעם ווער ס׳איז געבליבן
ביים אָפּגעלעבטן גוף,
און ווייסט ניט פון אחריות,
און הערט ניט קיינעמס רוף.

אַזאַ פאַרלאָזט זיין יוגנט,
וו׳א שיכורער זיין שענק, —
און וואַקלט, אין דער פינצטער,
צו איינזאַמקייט און קרענק.

וואויל דעם, ווער ס׳האָט געשאַפן, —
און ניט פאַר זיך אַליין,
צום שופט פון דער עלטער
מאַרשירט ער שטאָלץ און ריין.

קוקט איבער אַלע חובות : —
„באַצאָלט, באַצאָלט, באַצאָלט !"
און ווען עס פעלט — פאַרפולט דאָס
אַ דור וואָס האָט אים האָלד.

ה. לייוויק

# כ׳ליג צוגעבונדן

כ׳ליג צוגעבונדן
צו דעם נאָפּל פון דער ערד,
און האַלט אין האַנט
אַ שטאָליק שאַרפע שווערד.

און איבער מיר אַ קול,
וואָס פילט מיך אָן מיט פיבער:
— הייב אויף די שווערד
און שנייד דעם נאָפּל איבער.

איך וואונדער זיך, איך פרעג:
צו וואָס אַזאַ נסיון?
צי איז דער קול פון גאָט,
צי גאָר פון נאַכט־שגעון?

דאָך פאָלג איך
דעם באַפעלנדיקן קול. —
און זע — דער נאָפּל
איז נאָך שטאָליקער פון שטאָל.

ווי נאָר איך לייג
צום נאָפּל צו די שווערד,
נעמט בליצן, דונערן —
אַ פייער־שטורעם ווערט.

דער שטורעם שלײדערט
מיטן פּנים מיך אַנידער,
און שמידט־צו צו דער ערד
נאָך שטאַרקער מײַנע גלידער.

איצט בין איך ניט נאָר צוגעבונדן
צום נאָפּל פון דער ערד,
נאָר אויבעט דורכגעשטאָכן,
צוגעשטאָכן מיט דער שווערד.

## א. לעיעלעס

# ביי די טייכן פון ניו־יאָרק

(פראַגמענט פון דער פּאָעמע „חלום אונטער וואָלקנקראַצערס״. —
פון דעם נייעם בוך לידער, וואָס וועט אַרויס אינגיכן).

ביי די טייכן פון ניו־יאָרק בין איך געזעסן
און דער נייער פרייהייטלעכער לופט מיין טרוים פאַרטרויט.
כ׳האָב אַ חלום רייך פאַרחלומט, כ׳האָב אַ טרוים געבויט
אונטער שווערע וואָלקנקראַצערס דורך מעת־לעתן,
אונטער שטיין — ניט פּאַלמעס, ליפּעס צי ציפּרעסן.
ניט צו וויסן אָפּט דעם חילוק צווישן מאָרגן־רויט
און דעם אָוונט־גאָלד, האָב איך געהיט די ליכטער
פון אַ ייד אַן עקשן, פון אַ יידיש־דיכטער.

ס׳האָט געלאָקט די פריי, עס האָט געקוואָלט אַריבער
די פאַרשייטע רחבות פון דעם בבל אָן שום זאָרג,
פון דעם גרויסן, ווילדן און דאָך טייערן ניו־יאָרק.
נאָר צעוויטיקט, און דעריבער טאָפּלט ליבער,
איז געווען די מאָנונג פון די יידיש־שטיבער,
פון דעם פּינטל אייגנס אויף צעפּראַלטן מאַרק און טאָרג.
אויב נישט בעסער — ערגער זיינען מיר פון קיינעם,
און די דורות־שטים, זי רופט מאַנק אַלע שכנים.

ס׳איז געווען די צייט פון אַ באַנייטן פרילינג,
ס׳איז געווען די צייט פון נייעם רוף און נייעם האָף.
די אידיליע פון אַ גאַנץ יאָרהונדערט האָט איר סוף
אימפּעטיק געזוכט אין אָרעמס פון אַ צווילינג:
קריג און אויפשטאַנד. — ס׳האָט געוויכערט מיט דערפּילונג,
מיט דערוואַכונג נאָך אַ נודנעם, ווינטערדיקן שלאָף.
קיינער האָט נאָך ניט געמערקט, ווי ס׳טראָגט דער שטורעם
אין די פּאָלעס נייע, גרויליקע יסורים.

נאָר דערוויל האָט מיט אַ האָפערדיקן אַנדערש
דרייסט זיך אָנגעטאָן אין יינגע פליגל יעדע גאַס.
אויך אין וואָרט און ליד האָט מוטיק זיך געהערט דער רעש
פון די טריט, וואָס רוקן גרענעצן פאַנאַנדער.
ריכטיקע נאַפּאָלעאָנען, אַלעקסאַנדערס
האָבן מיט אַ זיכערקייט און אָפּטמאָל מיט אַ כעס
איינגענומען נייע, גאַנצענע פּראָווינצן
אין דעם לאַנד פון וואָרט — זיי פון וואָרט די פּרינצן.

אויך אַמעריקע האָט פריילעך מיטגעאָטעמט
אין די נייע ווינטן — נייער גאַנג, דאָס נייע ליד!
ווידער האָבן אָפּגעהילכט די ברייטע, בראַווע טריט
פון וואָלט וויטמאַנען, און ווידער האָט זיין אָטעם
זיך געטראָגן איבער די פּאָעטן־שבטים
מיט אַ קריגעריש, אַ פריש, אַנטפלעקעריש געמיט.
אויס מיט פּאַסטוך־פייפלעך, דינע, צאַרטע, שטילע,
אויס מיט לידערישער, ריטמישער אידיליע.

און ביי אונז? עס האָט מיט נייעם שוואונג און זשאַנער
אויך אַ וויי געטאָן אויף אונזער גאַס, אויף אונזער וועג.
נישט אומזיסט געשוואומען צו דעם אַנדערשדיקן ברעג,
נישט אומזיסט געלייענט ס׳ליד אַמעריקאַנער,
און געזאַפּט אין זיך דעם נוסח דעם וויטמאַנער
דורך די אומרואיקע נעכט נאָך שווערע אַרבעטס־טעג.
ס׳לאַנד אַמעריקע איז היים געווען, נישט גאַסט־הויז,
ליב געווען דאָס לאַנד אָן יחוס און אָן קאַסטעס.

צווישן אַלע זעאונגען, וואָס אָפּט געצויבערט
האָבן זיי פאַרביי מיין דמיון — פלאַך אַריבער פלאַך —
האָב איך אונטער נייעם הימל, אויף דעם פרייען שליאַך,
אויך געזען דאָס יידיש־וואָרט, נאָך היפּש צעשויבערט,
דורכגעלויכטן און צערחבותט און געזויבערט.
פּאָוס דול ליד און שיר־השירים; וויטמאַן און תנ״ך.
אַלץ, וואָס ליגט און גליט און ברענט אונז אין די בלוטן,
זאָל באַהעפט ווערן מיט ד אָ — אין בונד, אין גוטן.

## ב. י. ביאַלאָסטאָצקי

# אונזער דור

נ. כאַנינען מיט פריינדשאַפט

זעכציק יאָר, אַ דור אַ גאַנצער!
ווילנע, ביאַליסטאָק, און מינסק — — —
אָפּגעשיידט זיך פון די טאַטעס,
און אַוועק צו לינקס, —

מיט אַ חלום, מיט אַ נייעם,
גאָר די מענטשהייט צו באַפרייען!

שווערע בויט און שווערע זאָרגן
אין די יידישע פיר ווענט.
זיך געריסן אַלץ צום מאָרגן —
גאַנג פאָראויס, מיט פרייע הענט —

אין דעם חלום אין דעם נייעם,
אויך דעם יידן צו באַפרייען!

זעכציק יאָר! די צייטן יאָגן,
שטורמס רייסן וועג און צוים;
שטורמס ביט געריכטע טראָגן,
און פאַרטראָגן אויף דעם טרוים —

טראָגן, ווי אונז, ביט צום נייעם,
ביט צום טרוים דעם הערלעך־פרייען!

אָט געקריגט, און וועלט גייט ווידער,
צו דער אימהדיקער שעה!...
ברידער, הייבט די פאָן פון נידער,
ס'איז קיין אַנדער וועג ניטאָ —

ווי צו רייסן זיך צום נייעם,
און דעם מענטש פון תהום באַפרייען!

אפשר פאַלשן טרוים געצונדן?
ניין און ניין, דער טרוים איז העל!
אין די טעג פון חורבן־וואונדן
דאַרף מען ריין־האַלטן די זעל!

מיט דעם טרוים — דעם אַלטן־נייעם
אַלע פעלקער צו באַפרייען!

אונזער פאָלק, אויף בייזע ימען,
האָט געערדט מיט פעסטער שטים:
— וועט דער גואל זיך פאַרזאַמען,
וועל איך גלויבן אַלץ אין אים —

ניט געשטרויכלט גיין צום נייעם
מענטש — צום אויסגעלייזטן־פרייען!

נחום יוד

# ערב שבת אין פעלד

מיין טייערן חבר נ. כאַנין אַ מתנה.

אַ וואונדערלעכע שטילקייט,
אַ זעליקייט,
הילט־איין די בערג און טאָלן
אין לויטערקייט פון בין־השמשות.

און רואיק פיטערן זיך רינדער לעבן וואַלד,
און שעפּסעלעך אין פעלד,
ווי הינדן צווישן בייטן בשמים.

און ערגעץ הויערן די ווילזלטירן,
און דער סמבטיון רוט . . .

עס רוט די ערד אין לויטערקייט פון הימל;
עס רוט די גאַנצע וועלט,
ווי אין אַן אויסטערלישן חלום!

און קראַנק איז מיין נשמה נאָך דיין ליבשאַפט, גאָט!

און ערגעץ ווייט,
אַהינטער אַלע בערג און וואַסערן —
דאָס סודותדיקע לאַנד . . .
אַן אומבאַקאַנטע און אַ נאָענטע:
דאָס לאַנד פון ליכטיקייט און רו און פרידן.

## מאַני לייב

# אַ ליד פון בער דעם שוסטער־יונג

דער שוסטער יונג בער
מיט אַ שטעקן אין האַנט
איז געקומען אין שטאָט
פון אַ ווייטן קאַנט.
זיין בערדל פּאַריסן,
אין אויג אַזאַ ברען,
וואָס קוקן אין דעם
איז אַ מורא געווען.
און ער איז פאַרבליבן
אין אַ שוסטעריי
מיט געזעלן מיט דריי, —
און געאַרבעט פאַר דריי.

נאָר איינמאָל האָט בער
אין אַ מיטוואָך אַ טאָג
און אינמיטן דערינען
געטאָן זיך אַ זאָג
צו די דריי געזעלן
ביים שוסטערשן טיש
נאָכן אָנבייסן עסן
ברויט אַ קריש מיט קוליש:
„ניין, ברידערלעך מיינע
אויף די שוסטערשע בענק, —
צו האָרעווען שווער
און צו עסן אַ קרענק;

טאָג און נאַכט צו זיצן
אין דער ביטערער מי,
די הענט אין סמאָלע,
די קאַפּיל אויף די קני, —
און פאַר וועמענס זינד,
און פאַר וועמענס שטראָף? —
און וואו איז דער תּכלית?
און וואו איז דער סוף?
ניין, ברידערלעך מיינע...
און ער טוט מיטאַמאָל
אַ שליידער דעם האַמער
און די שאַרפע אָל;
דעם פאַרטוך אין סמאָלע
פונם האַרצן — אַ ריס! —
און ער שטייט אין זיין גרויס
אויף דיביידע פיס.
און ס׳בערדל פאַריסן,
מיטן אויג אַזאַ וואונק,
אַז פון אויג האָט געשפּריצט
אַ ניט־גוטער פונק.
„מיין נאָמען איז בער
דער שוסטער יונג,
און וואָס אויף דער לונג,
איז דאָס אויף דער צונג;
און וואָס אויף דער צונג
דאָס זאָג איך אייך:
איך בין אַנדערש ווי איר,
און צו קיינעם ניט גלייך.
ניין, ברידער געזעלן,
איך בין אַנדערש ווי איר״...
און ער טוט הינטער זיך
הויך אַ קלאַפּ מיט דער טיר.

די געזעלן גאַפן,
צעעפנט דאָס מויל,
דורכן לייב לויפט דורך
אַ שטומער גרויל.
און זיי שמייכלען ביטער
אין גוטן מוט:
„מיט בערעלע, בערן,
איז עפּעס ניט גוט".

*
* *

די זון האָט געלויכטן
פון איר פּוטערפאַס.
שפּאַנט ברייטלעך בער
מיט דער פריילעכער גאַס.
דאָס בערדל פּאַריסן
צו דעם הימל אַרויף,
זיינע אויגן פון זון
זשמורעט צונויף.
שפּאַנט ער זיך ווייטער,
ביז ער קומט אין מאַרק.
דער האַנדל איז גרויס,
דער טומל איז שטאַרק.
קויפער־פאַרקויפער
און הענדלער־לייט,
און איטלעכער דינגט,
און איטלעכער שרייט.
שטעלט בער זיך אין מאַרק
סאַמע מיטן אַוועק
און באַטראַכט דעם מאַרק
פון עק ביזן עק.
דאָס בערדל פּאַריסן, —

ער שטייט אין זיין גרויס,
און אַזוי ווי ער שטייט
זאָגט ער הויך אַרויס:
„אָ, איר הענדלער־לייט,
דאָס אַלץ וואָס איר זייט, —
איר שמט פאַר דער וועלט
פאַר קלוגע לייט;
איר האַנדלט, וואַנדלט,
איר יאָגט, איר לויפט,
איר שמייעט, ברייעט,
איר קויפט, פאַרקויפט;
איר שווערט מיט גאָט,
מיט ווייב און קינד, —
פאַר ועמעס שטראָף,
און פאַר ועמעס זינד? —
אָי, איר הענדלער־לייט,
דאָס אַלץ וואָס איר זייט, —
איז דאָס אַ תכלית
פאַר קלוגע לייט?
און איך הייס בער
דער שוסטער־יונג,
און וואָס אויף דער לונג,
איז דאָס אויף דער צונג, —
און וואָס אויף דער צונג,
דאָס זאָג איך אייך, —
איך בין אַנדערש ווי איר,
און צו קיינעם ניט גלייך.“

דער גרויסער מאַרק
האָט געשמייכלט ברייט,
און האָט זיך צעלאַכט:
„דער יונג איז צודרייט“...

און דער מאַרק איז ווידער
פון עק ביזן עק
צו זיין האַנדל אַוועק,
ביז דער טאָג איז אַוועק.

***

ווען דער טאָג איז אַוועק, —
פון דער פריילעכער גאַס
איז פאַרגאַנגען די זון
אין איר פוטערפאַס.
איז די גאַס געלעגן
מיט שאָטנס פול.
האָט זיך בער געשפּאַנט
צו דער גרויסער שול.
אין דער גרויסער שול
האָט אַ ליכטל געברענט
איבער אַלטע ספרים,
איבער בערד און הענט.
יידן זיינען געזעסן
פאַרדאַרט, פאַרשמאַכט,
גאָטס תורה געלערנט
אין דער שטילער נאַכט.
שטייט בער ביי דער טיר
און האָרכט מיט שטאַט,
ווי דאָס לערנען קלינגט,
ווי עס שאָרכט דאָס בלאַט.
שטייט בער ביי דער טיר
אין זיין גאַנצער גרויס,
דאָס בערדל פאַריסן, —
און זאָגט הויך אַרויס:
„תלמידי־חכמים,

איר לערנט אַ סך
די חכמה פון גאָט
און פון יעדער זאַך;
איר לערנט דורך נאַכט,
דורך נאַכט און טאָג, —
איז זאָגט שוין אַליין:
אַז צו וועלכע קלאָג
טויג אייך דאָס לערנען,
מיטן גאַנצן קנאַק,
וואָס איז געגליכן
צו אַ לעכערדיקן זאַק;
וואָס וויפיל איר שטופט
דאָס לערנען אין קאָפּ, —
איז ליידיק די האַנט,
און ליידיק דער טאָפּ.
און גאָטס גאַנצע חכמה,
אויף וואָס איז געשטעלט? —
האָט זי קליגער געמאַכט
די נאַרישע וועלט?
צו פערד געגליכן
זייט איר מיט גאָטס וואָרט:
זיי דרייען די מילראָד
אויפן זעלביקן אָרט.
איז וואו איז דער תכלית,
און וואו איז דער סוף? —
און פאַר וועמעס זינד,
און פאַר וועמעס שטראָף?
און איך הייס בער
דער שוסטער־יונג,
און וואָס אויף דער לונג,
איז דאָס אויף דער צונג.
און וואָס אויף דער צונג, —

דאָס זאָג איך אייך, —
איך בין אַנדערש ווי איר,
און צו קיינעם ניט גלייך.

די יידן לערנער,
ווי ניט פון דער וועלט,
האָבן זיך די אויגן
מיט די הענט פאַרשטעלט;
געקנייטשט די שטערנס,
געקוקט צו דעם דיל,
געביסן די בערד
און געזיפצט אין דער שטיל:
„אַ גאָטס רחמנות
מיטן אָרעמען יונג,
דער רוח־שגעון
רעדט מיט זיין צונג“.
און זיי לערנען ווייטער
ביז דאָס ליכטל דערברענט
און די נאַכט מיט חושך
פילט אָן די ווענט.
און אַז ס׳ליכטל דערברענט
שלאָפן זיי איין
אויף די האַרטע בענק,
אין דער האַרטער פיין.

***

אין שלאָף איז געלעגן
די פריילעכע גאַס.
די לבנה האָט הויך
פון איר פולער פאַס
צעגאָסן אין שיין
אויף אַלץ וואָס ליגט

אין זיסן שלאָף
געוויגט, פאַרוויגט.
האָט ברייטלעך בער
אין זיין גאַנצער גרויס
פאַרביי שטיבער געשפּאַנט
גאַס־איין און גאַס־אויס.
דאָס בערדל פאַריסן,
מיט דער נאָז באַשמעקט,
און הויך אויף אַ קול
די מענטשן געוועקט:
— „אוי, מענטשן גוטע,
איר שלאָפט געשמאַק
מיט קינד און קייט,
מיט האַק און פּאַק;
אַ האַלבן לעבן
צעפּטרט אין שלאָף, —
פאַר וועמעס זינד,
און פאַר וועמעס שטראָף?
צי ווינציק שלאָף
שיקט גאָט אונז צו
אין דער קאַלטער גרוב
אין דער אייביקער רו? —
און איך הייס בער
דער שוסטער־יונג
און וואָס אויף דער לונג,
איז דאָס אויף דער צונג, —
און וואָס אויף דער צונג,
דאָס זאָג איך אייך, —
איך בין אַנדערש ווי איר,
און צו קיינעם ניט גלייך.“

מענטשן אין שטיבער
כאַפּן זיך אויף:
מ׳לויפט צו די שויבן,
מ׳לויפט אויפן הויף;
מ׳לויפט צו די טירן,
און מ׳לויפט צו די טרעפּ,
מ׳רייבט זיך די אויגן,
מ׳פּאַרייסט די קעפּ:
„אַז טפוי זאָל עס ווערן, —
ניט שטראָף אונז גאָט, —
אַ נייער משוגענער
איז געקומען אין שטאָט...

*
**

און פון יענעם מיטוואָך
ביז דער טהרה־ברעט
האָט דער שוסטער־יונג בער
זיינע רייד גערעדט.
און ווער אָן אַ האַרץ,
און ווער מיט אַ טרער
אים גערופן ביים נאָמען:
„משוגענער בער״.

און מיר, וואָס דער אַלטער
זכרון געדענקט,
וואָס גאָט האָט זיין ברכה
אונז שטענדיק געשענקט
צו זינגען זיין וועלט,
אַ פריינד, אַ ידיד,
דעם משוגענעם בער
אויך זינגען אַ ליד.

# י. י. טרונק

## די ווייבער פון סמאטשער קעלער*)

נ. כאַנינען געווידמעט

מיין חתונה איז געווען אין אַ וואַרשעווער סאַליע, ווי אַלע גבירישע חתונות. איך וויל פון איר דערציילן נאָר איין עפּיזאָד.

די באָבע בלימעלע, ר׳ יצחק וואורקערס טאָכטער, איז, פאַרשטייט זיך, געקומען צו פאָרן קיין וואַרשע אויף מיין חתונה. די באָבע בלימעלע האָט נישט געוואָלט וואוינען צוזאַמען מיט אַלע מחותנים אין „האָטעל פּאָזנאַנסקי״, נייערט — ווי עס איז געווען איר טבע — האָט זי געוואוינט ערגעץ אויף סמאָטשע אין אַ קעלער ביי אַלטע וואורקער חסידים. דער באָבע בלימעלעס באַלעבאָטים זיינען געווען גרויסע אָרעמעלייט, נאָר זייער שאַרפע און פאַרצייטישע חסידים. אויך די ווייבער אין דעם קעלער אויף סמאָטשע זיינען געווען פרומע חסידישע ווייבער, האָבן געלעבט אין וואַרשע אויף אַ גאָר חסידישן און פאַרצייטישן אופן און האָבן אַלע געטראָגן טיפע קופקעס, הגם די קופקעס זיינען געווען צעפליקטע און צעדריפּעטע. ס׳איז טאַקע געווען אַ גרויסע דחקות ביי די דאָזיקע וואורקער חסידים אין קעלער. פאָרט האָט אין אָט־אָ דעם קעלער כמעט תמיד געהערשט אַ חסידישע פריילעכע האָפערדיקייט. מע האָט געלעבט מיט גרויס בטחון און אמונה אין רבונו של עולם, אין זיינע צדיקים און אין זיינע יידן. אַ ייד ווערט נישט פאַרלאָזט. אויב מע הונגערט אַמאָל אונטער — דערפאַר זיינען מיר דאָך יידן אויף דער וועלט. אַבי אויף שבת וועט שוין דער רבונו של עולם זיינע יידן נישט פאַרלאָזן. מע איז טאַקע אָרעמעלייט — אָבער דאָך פריילעך וואָס מע איז יידן און וואורקער חסידים. ווען די באָבע בלימעלע פלעגט — בעת אירע שטענדיקע נסיעות — אַמאָל אַריינ־

*) אַ קאַפּיטל פון „פּוילן״, פערט בוך.

קומען, איז אין דעם קעלער גאָר געווען יום־טוב. אַ שטיק פּאַר־צייטיש וואורקע איז פונדאַסניי אַריינגעקומען צו דער אָרעמער חסידי־שער פאַמיליע. נייער בטחון און נייע ליבשאַפט צו יידן. צווישן די פינצטערע נאַסע קעלער־ווענט אויף סמאַטשע איז די באָבע בלימעלע געזעסן צוזאַמען מיט די פרומע ווייבער אין די צעריסענע קופּ־קעס, און זיי דערציילט מעשיות פון גוטע־יידן און פון משיחן, און אַז אַ ייד האָט באמת גאָר נישט וואָס צו זאָרגן: וואָרעם אַ ליאַדע מינוט קאָן משיח אָנקלאַפּן ביים פענצטער און אים אַוועקטראָגן קיין ארץ־ישראל.

ווען די באָבע בלימעלע איז אַהין געקומען און דערציילט, אַז זי איז געקומען קיין וואַרשע אויף דער חתונה פון דעם אור־אייניקל, האָבן אַלע איר אָפּגעגעבן דעם גרויסן מזל־טוב. ס'איז געוואָרן אַ געווינ־טשעריי צווישן די אָרעמע יידן און אָרעמע ווייבער. די אָרעמע חסידישע משפּחה האָט געוואוסט, אַז די מחותנים זיינען די פּריוועסעס, הגם די דאָזיקע יידן האָבן נאָך קיינמאָל נישט אָנגעקוקט אַ פּריוועס אויף די אויגן און קיינמאָל נישט געזען זייערע מאַיאָנטקעס אויפן גזשי־באָוו. אָבער אויך אין דעם דאָזיקן פינצטערן קעלער אויף סמאַטשע האָט דערגרייכט דער נאָמען פון די גרויסע חסידישע אַדירים און ס'האָט געשמעקט מיט מלכות און מיט פאַנטאַסטישע אוצרות.

שבת אין דער פרי צום „שול־פּירן" — איידער נאָך די מאַנסבילן זיינען אַוועק דאַוונען אין וואורקער שטיבל אַריין — האָט די באָבע בלימעלע געגעבן אַ זאָג צו די ווייבער אין קעלער, אַז זי פאַרבעט זיי אַלעמען למען השם מיט איר מיטצוגיין צום מחותן אויפן גזשיבאָוו.

דער באָבע בלימעלעס געבאָט איז פאַר די ווייבער געווען ווי אַ מצווה. אַ קלייניקייט אַ זאָג פון ר' יצחק וואורקערס טאָכטער. — אַ סך זיך מכין צו זיין האָבן זיי נישט געהאַט. אַלע האָבן זיי היינט געטראָגן די פאַרצייטישע אויסגעדריפּעטע שבתדיקע קליידלעך וואָס זיי האָבן נאָך געהאַט פון לאַנגע אַמאָליקע יאָרן. אויף די צעפליקטע קופּקעס אויף די קעפּ האָבן זיי געהאַט צוגעשטאָכן אַלטע שבתדיקע שלייפלעך, און אויף די פּלייצעס האָבן זיי געטראָגן אַלטע און צע־ריסענע טערקישע טיכער. אויך איבערבלייבענישן פון גאָר פאַרציי־טישע יאָרן. די באָבע בלימעלע האָט זיי געזאָגט, אַז זיי, די סמאַטשער

ווייבער, לייכטן אין שבת ווי אמתע יידישע טעכטער און קיין שע־
נערע מחותנתטעס זיינען גאָר נישט בנמצא. משיח קאָן זיך גאָר נישט
ווינטשן קיין שענערע ווייבער. נאָכן מאָגערן שבתדיקן עסן און די
שבתדיקע זמירות, ווען די מאַנסבילן האָבן זיך געלייגט שלאָפן, האָט
די באָבע בלימעלע מיט אירע ווייבער זיך גענומען אין וועג אַריין.

ווי עס קוקט אויס שבת אויף וואַרשעווער גאַסן ווייטער פון
דער סמאָטשע, האָבן די דאָזיקע ווייבער כמעט נאָך קיינמאָל נישט
געהאַט געזען. עס האָט זיי געשטערט דאָס געפּאָר פון דראָראָשקעס
שבת צווישן יידן. אָבער זיי האָבן ווייטער פעסט געשפּאַנט אַרום דער
באָבע בלימעלע אין זייערע אַלטע טערקישע טיכער און אין די קופּ־
קעס. פון דער סמאָטשע צו גזשיבאָוו האָט מען אויך געמוזט אַדורכ־
גיין אַ גויישע גאַס און דאָ האָבן די ווייבער אָנגעהויבן פעסטער צו
שפּאַנען, מחמת זיי האָבן זיך מיטאַמאָל געפילט פאַרלאָזן פון שבת
און פון יידן. ענדלעך זיינען זיי צוגעקומען צום גזשיבאָוו און צו די
הייזער פון די פּריוועסעס. דער גרויסער הויף ביי די פּריוועסעס האָט
געשוויגן פון זיין וואָכעדיקן געהאַמער, גלייך ווי דער סמבטיון, און
דערמיט אַליין האָט דער גזשיבאָוו אויסגעקוקט שבתדיק.

ווען די באָבע בלימעלע מיט אירע סמאָטשער ווייבער האָט
אָנגעקלאַפּט ביי משהל פּריוועסעס טיר, איז שוין דאָס גאַנצע ווייבע־
רישע הויז־געזינד פון די פּריוועסעס געווען פאַרזאַמלט אין דער
גרויסער סאַליע לכבוד דעם „שול־פּירן". די טישן זיינען געווען רייך
געדעקט מיט וואַרשעווער זיסוואַרגן און מיט פּרוכטן. איגאַלזאַנס קעל־
נער אין שוואַרצע פראַקן און אין זיידענע יאַרמלקעלעך אויף די קעפּ
זיינען מיט גרויס־שטאָטישער עלעגאַנץ אַרומגעגאַנגען און באַדינט
דעם ווייבערישן עולם. די ווייבער, אויסגעפּוצטע און דיסטינגירטע,
זיינען געזעסן ביי די טישן, שטיל צווישן זיך געשמועסט און קוים
אָנגערירט פון די כיבודים. אויבנאָן ביי די טישן זיינען געזעסן די
חשובע מומעס, די ווייבער פון ר' ישעיהו פּריוועסעס זין. שטילע און
דיסטינגירטע, זיינען זיי געזעסן אין זיידנס און אין צירונג. צווישן
זיי, גאָר אויבנאָן, איז געזעסן צירעלע פּריוועס אין איר גאַנצער שטאָל־
צער ווירדע, אין גראָען עלעגאַנט־פריזירטן שייטל. בריליאַנטן האָבן
געפינקלט אין אירע אויערן, אויף איר האַלז און אויף אירע פינגער.

זי איז געזעסן מיטן גאָלדענעם לאָרניאָן אין דער האַנט און אים אַלע־מאָל אויפגעהויבן צו די אויגן און דיסטאַנסירט געקוקט אויף די ווייבער פון מיין משפחה.

די באָבע בלימעלע מיט די סמאָטשער ווייבער זיינען אַריינגעקומען מיט אַ ברייטן גוט־שבת. די סמאָטשער ווייבער אין די אַלטע טערקישע טיכער האָבן געשאָקלט מיט די צעדריפּעטע קופּקעס, ווען זיי האָבן געזען אַזאַ עשירות אין אַ יידישער שטוב, און אַזוי פיל גבירישע ווייבער און אַזוי פיל טישן מיט כל־טוב. זיי האָבן אַלע אָנגעהויבן צו שפּייען אויפן דיל און אויף איין קול אויסגעשריען: „קיין עין־הרע״.

דאָס אָנקומען פון דער באָבע בלימעלע האָט צווישן משהל פּריוועסעס טעכטער געמאַכט אַ רושם. זיי האָבן געהערט פון זייער פאָטער, אַז די דאָזיקע אַלטע יידענע איז ר׳ יצחק וואורקערס טאָכטער און מען דאַרף איר אָפּגעבן כבוד פּונקט ווי אַ גוטן יידן. זיי זיינען אויפגעשטאַנען און אָקעגנגעגאַנגען דער באָבע בלימעלע און זי אַרויפגעבעטן צום אויבנאָן. די באָבע בלימעלע האָט מיט זיך מיטגערופן די סמאָטשער ווייבער, וועלכע האָבן נישט אויפגעהערט צו שאָקלען מיט די צעריסענע קופּקעס און אויסצודריקן זייער התפעלות. מע האָט אַרויסגערופן די כלה חנהלע. די סמאָטשער יידענעס צוזאַמען מיט דער באָבע בלימעלע האָבן פונדאָסניי אָנגעהויבן צו שפּייען אַרום זיך און צו שרייען: „קיין עין־הרע״.

צירעלע פּריוועס האָט גענומען דעם גאָלדענעם לאָרניאָן צו אירע אויגן. אַ לייכט איראָניש שמייכעלע האָט געשוועבט אויף אירע ליפּן. זי האָט זיך דערמאָנט אין אירע סאַליעס און אין אירע ווייכע שטילע טעפּיכער הינטער דער טיר פון דער קעגנאיבערדיקער דירה.

די באָבע בלימעלע האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש צוזאַמען מיט די סמאָטשער ווייבער. אַלע האָבן געקוקט אויף דער דאָזיקער אויסטערלישער קאַפּעליע, געקוקט און געשמייכלט. פון טיש אַראָפּ האָבן געשמעקט די פּירות און די זיסקייטן. די סמאָטשער ווייבער האָבן נישט אויפגעהערט צו שאָקלען מיט די קופּקעס, צו באַוואונדערן די שפע ביי יידן און צו שרייען: „קיין עין־הרע״.

— נו, נעמט ווייבערלעך שבת־אויבסט, האָט די באָבע בלימעלע געטאָן אַ קאָמאַנדעווע.

די אָרעמע אויסגעדאַרטע הענט פון די סמאָטשער ווייבער האָבן זיך האַסטיק אַלע מיט אַמאָל אויסגעשטרעקט צו די פּירות, וואָס זיינען אין זילבערנע קוישן געשטאַנען אויפן טיש.

די סמאָטשער ווייבער האָבן אַלע צוזאַמען פרום געמאַכט אַ ברכה „בורי פרי העץ". די באָבע בלימעלע האָט אויפן הויכן קול געענטפערט „אמן" און צוגעגעבן, אַז עס זאָלן זיין שמחות ביי יידן און אַז משיח זאָל שוין לאַנג מער נישט באַלאַמוטשען און ענדלעך אַ קום טאָן צו זיינע יידעלעך, מחמת זיי וואַרטן אויף אים בייטאָג און ביינאַכט.

עס האָט זיך געהערט אַ הויך געביסערייַ אין די עפּל און באַרן.

צירעלע פריוועס האָט אויפגעריסן די אויגן, זי האָט האַסטיק אַ נעם געגעבן דעם גאָלדענעם לאָרניאָן צו אירע בליקן און אַ שאַרפן קוק געטאָן אויף די הויך־עסנדיקע ווייבער פון סמאָטשער קעלער.

## א. לוצקי

# נ. כאַנין

(געשעצט און געשאַצט)

דאָס פּנים בלאַס.
די באַקנביינער שאַרף באַדראַט.
באַזאָרגפולער בליק.

אָפּגעסטעמפּט אויף אים „סיביר“.

וואָס ער זאָגט —
באַשלוס.
קלינגט געזעץ.
רואיקער באַפעל.

אַליין איבער זיך דער שטרענגער „וואָרדן“.

מראה — קאַלט.
געפיל איז הייס.
וועלט־פּאָליטיק —
„איך וויים, איך וויים“.

אַ לעבעדיקער מאָנומענט
פון צאַרן־צייט.
„צאַר“ צייט.

זיין זינד — בונד.
זיין שטראָף — סיביר.
וויסטן אין „אוראַל“.
נעכט געשפּענסטע.

זיבן יאָר — צערייצטע וועלף.
פון ניינצן זעקס — ביז ניינצן צוועלף.

שטורם טאַנצט אַ בעזים־טאַנץ.
כאַנין גייט אַ קייטן־גאַנג.

וואָסער כאַנין ?
וואָסער גאַנג ?
אַ קאַטערזשניק
אין רינג און ראַנג.

זאַווערוכעס, הושך, סטעפּעס,
גוף — אַ משא עפּעס, שלעפּ עס...

וויכער־שמיכער שמייס אַ פּנים !
ווער דיך ווערן ?
שמיץ נאַגאַיקעלע די פינגער !
ווער דיר שטערן ?

הענט און פיס געפּענט אין קייטן.
יעדער גליד — פאַרהאַלט דעם צווייטן...
— — — — — — — — — — —
איצטער פיל איך מיט — דעם אינדיוויד...
זאָגט כאַנין.

גלייך פון סיביר —
אַוועק אַהער.
און גלייך פון דער שיף —
אין מעדיסאָן־סקוועד.

צום אַרבעטער־קאַמף
מיט יודזשין דעבס.
אים פרעמד די שפּראַך
און שטויגט ווי אַ שעפּס.

פאַרכאַפּט און פאַרגאַפּט
מיט וועלטיקער פרייד.
די ווערטער פון דעבס —
נביאישע רייד.

כאַנין היינט.

ער אַרבעט אין אָפיס — פאַרקאַשערט די אַרבל —
אַזוי ווי אַמאָל ביי די היטלען.

ער נעמט אויף באַזוכער —
מיט וואָג פון אַ פאָטער.
באַזאָרגזאַם,
באַראַטזאַם,
טאַטזאַם.

ער לייגט אַרויף פריינדלעך
זיין אָרעם אויף יענעם,
און זאָגט: מירן טאָן וואָס מיר קענען.

זיין טואונג — בשלימות.
אַזוי זיין זאָגן,
אַזוי זיין שרייבן.

ער איז דאָ אויף דער וועלט
צו דערקלערן זיין אמת.

פ. קורסקי

# 60 יאָר

שוין מער ווי צוויי צענטליק יאָר, ווי פאַר אונז בונדיסטן אויף יענער זייט ים איז צו די געשטאַלטן, וואָס האָבן אין אונזער פאַר־שטעלונג פאַרקערפּערט דאָס יידישע אַרבעטער־אַמעריקע — צוגע־קומען אַ נייע געשטאַלט: כאַנין.

אַ גרויסע צאָל בונדיסטן, מיט וועלכע מיר האָבן געהאַט אין צאַרישן רוסלאַנד „אַ לעבן אָפּגעלעבט״ אין די שטורם־יאָרן פון אונזער באַרג־אַרויף, זיינען דעמאָלט אַקטיוו געווען אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע. אייניקע נאָך פון דער שוין לע־גענדאַרער פּיאָנערן־עפּאָכע, די אַנדערע פון דעם געוואַלטיקן עמי־גראַציע־שטראָם נאָך דער ערשטער רעוואָלוציע. ליב און טייער איז אונז אַלעמען געווען דער נאָמען ליעסין; כמעט ווי אַ לעגענדע האָט שוין געקלונגען פאַר אונז דער נאָמען פון „זיידן״ ווינטשעווסקי. זיי ביידע זיינען אין אונזער פאָרשטעלונג געווען שוין ענדגילטיק אַריינ־געוואַקסן אין אַמעריקאַנער לעבן. גאַנץ אַנדערש דער „דור״ פון 1905—1906. וועגן יעדן פון זיי האָט זיך אונז געדוכט, ווי מיר וואָלטן זיי בלויז אויסגעליען אַמעריקע אויף אַ פּאָר יאָר, און ווען עס וועט ווידער אַ קלונג טאָן דער גלאָק, וועלן זיי צוריקקומען. ווען עס האָבן זיך דערנעענטערט די וואַלן צו דער פערטער—לעצטער—דומע (1912), האָט דער צ. ק. באַשלאָסן אַרויסצורופן צו דער וואַל־קאַמפּאַניע וולאַ־דעקן — אָט אַזוי, למשל, ווי ער פלעגט אים אַמאָל אַרויסרופן פון ווילנע און אים שיקן אויף אַ רעפעראַטן־טור אין גראָדנע, ביאַליסטאָק, וואַרשע און לאָדזש. און גרויס איז געווען אונזער עגמת־נפש ווען ער האָט געענטפערט, אַז צוליב ערנסטע סיבות קאָן ער די איינלאַדונג ניט אָננעמען.

צו יענער צייט, אין 1912, איז ווידער לעבעדיק געוואָרן די באַ־וועגונג אין רוסלאַנד, הויפּטזעכלעך אין די גרויסע רוסישע פונקטן,

אָבער אויך, הגם אין אַ קלענערן טעמפּאָ, ביי די יידישע אַרבעטער. און דאַן איז אויפגעשוואומען דער געדאַנק וועגן אַ לעגאַלער טעגלעכער צייטונג. אויב דאָס וואָלט ביי די אומשטענדן פון יענער צייט איבער־הויפּט געקאָנט פאַרווירקלעכט ווערן, וואָלט עס געוועזן נאָר אין פּעטער־בורג, וואו עס האָבן אָנגעהויבן אַרויסצוגיין לעגאַלע רוסישע מענשעוויס־טישע און באָלשעוויסטישע וואָכנבלעטער, וואָס האָבן זיך שפּעטער פאַר־וואַנדלט אין טאָג־צייטונגען, און וואו עס איז אויך אַרויסגעגאַנגען אין יידיש אַ בונדישע וואָכנצייטונג — „די צייט". די שוועריקייטן אַרויס־צוגעבן אין פּעטערבורג אַ יידישע סאָציאַליסטישע טאָג־צייטונג וואָלטן געווען אומגעהויער גרויס, און דאָך האָט זיך געחלומט... און געחלומט האָט זיך, אַז אין אַ שיינעם טאָג וועט זיך אַ לאָז טאָן צוריק פון אַמע־ריקע דער שוואַרצער יונגערמאַנטשיק צביון און וועט פאַרקאַשערן די אַרבל און זיך אַ נעם טאָן צו זיין אַלטער מלאכה, וואָס האָט אים אַזוי באַרימט געמאַכט אין 7—1906 אין דער ווילנער „פאָלקס־צייטונג". און ס'וואָלט דאַן אויך געווען אַ גרויסער פאַרדרוס אויף ווייטער אויסצולייען דער זאַטער אַמעריקע סאַלוצקין. וועגן דעם האָט ליטוואַק ניט אויפגעהערט צו חלומען אויף זיין האַרטן געלעגער אין דער לאָ־זאַנער כירורגישער קליניק, וואו ער האָט דורכגעמאַכט אַ פּיינפולע אָפּעראַציע, כדי אויסצוגלייכן זיין לאַמע רעכטע פוס און ווערן אַ נייער מענטש. וואָס פינצטערער דאָס לעבן, אַלץ ליכטיקער די חלומות.

דער פאַרשאָלטענער 1טער אויגוסט 1914 האָט אַ סוף געמאַכט צו אַלע אונזערע אילוזיעס און חלומות. אַ סוף צו דעם איז אייגנטלעך געקומען שוין מיט אַ פּאָר חדשים פריער, ווען פּואַנקאַרע איז געקומען צוגאַסט אין צאַרסקאָיע סעלאָ און די גאַנצע לעגאַלע סאָציאַליסטישע פּרעסע איז פאַרבאָטן געוואָרן. און אָנשטאָט עס זאָלן זיך אומקערן צוריק אַהיים צו דער אַרבעט די, וואָס מיר האָבן געהאָט „אויסגעליען" דער ווייטער אַמעריקע, איז ליטוואַק אַליין אָנהויב 1915 אָפּגעשוואומען אַהין. עטוואָס פריער פאַר אים האָט זיך געלאָזן אין וועג אַהין אַלגין. זייער שטאַרק האָט זיך דעמאָלט געוואָלט אַריבערפּעקלען קיין אַמעריקע ראַפּעס, ער האָט אָבער דורכאויס געוואָלט, די פּאַרטיי זאָל אים דע־לעגירן אַהין, און דערצו האָט ער קיין צושטימונג ניט באַקומען.

מיטן פאַרשאָלטענעם אויגוסט 1914 האָט זיך פאַרענדיקט אונזער אילוזיע, אַז געוויסע וויכטיקע שרייבער און טוער אונזערע וועלן צו־ריקקומען אַהיים צו דער אַרבעט. אמת, נאָך דער מערץ־רעוואָלוציע 1917 איז ליטוואַק טאַקע צוריקגעקומען — און ער איז ניט געווען דער איינציקער — אָבער דאָס איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך.

נאָך דער וועלט־שחיטה פון 1914 — 1918 און נאָך די שטורמס און שפּאַלטונגען אין די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין די יאָרן 1921—1919, ווען דער „בונד" אין רוסלאַנד גייט אַראָפּ פון דער סצענע און עס צעוואַקסט זיך און פאַרשטאַרקט זיך, פול מיט לעבן, דער „בונד" אין פּוילן, באַקומט די הילף פון אַמעריקע פאַר דער באַוועגונג און פאַרן יידיש־וועלטלעכן שול־וועזן אַ גרויסע באַדייטונג — און אין יענער צייט באַווייזט זיך פאַר אונז, פון דער ווייטן, אָבער אינטים־נאָענט, די געשטאַלט כאַנין, און אויף אַ ריי יאָרן ווערן אונזערע אַדרעסאַטן אין אַמעריקע וולאַדעק און כאַנין.

וועגן דעם, ווי דער סיבירער קאַטאָרזשניק „נחום דער קירזש־נער" האָט זיך פאַרוואָרצלט אין דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג, אין אַרבעטער־רינג, אין אַרבעטער־קאָמיטעט, אין סאָציאַליס־טישן פאַרבאַנד אאַז"וו, זאָלן שרייבן אַנדערע. איך פּערזענלעך קוק נאָך אַלץ אויף כאַנינען מיט די אויגן פון איינעם, וואָס געפינט זיך אויף יענער זייט ים, און ווען איך שרייב די שורות איז מיין געדאַנק פאַרנומען מיט דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט. וויל איך איצט אין כאַנינס זכות דערמאָנען אייניקע נעמען פון אונזערע אַמאָליקע „כאַ־נינס" — פון די, וואָס זיינען געווען אונזערע אַדרעסאַטן אין אַמעריקע אין די אַלטע יאָרן, נעמען, וואָס זיינען ווערט דערמאָנט צו ווערן.

***

די ערשטע אַמעריקאַנער בונדיסטן זיינען געקומען אַהער נאָך אין דער פּיאָנערן־צייט פון דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, סוף 80ער יאָרן, ווען דער נאָמען „בונד" האָט נאָך נישט עקזיסטירט און די ווילנער „גרופּע יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן", פון וועלכע עס איז אין 1897 אַרויסגעוואַקסן דער „בונד", האָט נאָך געמאַכט אירע ערשטע

שריט. דאָס זיינען געווען, אויף וויפיל איך קאָן זיך פאַרלאָזן אויף מיין זכרון, ד״ר שמואל פעסקין, זיין פרוי ציליע קאַרטשמער, ד״ר לעווינסאָן, בערטאַ לעווינסאָן־סטאָון — אַלע פון ווילנע, פערזענלעך באַפריינדעט מיט די פּיאָנערן פון דער ווילנער גרופּע און אין אַ שטענ־דיקן קאָנטאַקט מיט איר. דערמאָנט מוז דערביי אויך ווערן אַ שוועס־טער פון אַרקאַדי קרעמער (רעזניק), מיט וועלכער אַרקאַדי און פּאַטי קרעמער זיינען געשטאַנען אין פאַרבינדונג. צו יענעם קרייז האָט אויך געהערט סטאָון, דער מאַן פון בערטאַ לעווינסאָן, אַ טאַלאַנט־פולער שרייבער, איינער פון די ערשטע איבערזעצער פון מאַרקסן אין ענגליש. איך גלויב, אַז ער האָט געשטאַמט פון אָדעס.

אָט צו די נאָנטע פריינד פון די ווילנער פּיאָנערן זיינען געשיקט געוואָרן פון צייט צו צייט פון ווילנע און מינסק ידיעות וועגן דעם גאַנג פון דער אַרבעט, די ערשטע העקטאָגראַפירטע ווילנער בראָשורן און בלעטלעך, און דאָס אַלץ איז אויסגענוצט געוואָרן אין דער דע־מאָלטיקער אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישער פּרעסע.

פון אַמעריקע קיין ווילנע און מינסק זיינען פון צייט צו צייט געשיקט געוואָרן אויסשניטן פון אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישע צייטונ־גען (פון יידישע און דייטשע) און פון די ערשטע נומערן „צוקונפט״, און די אויסשניטן זיינען דאָרט אויסגענוצט געוואָרן. די אַמעריקאַנער בונדיסטן פון יענער צייט — מיט מער ווי 50 יאָר צוריק — האָבן אָבער גענומען אויף זיך אויך אַן אַנדערע אויפגאַבע, זייער אַ וויכטיקע, און האָבן זי דערפילט מיט דער גרעסטער איבערגעגעבנקייט. דאָס איז געווען מאַטעריעלע הילף פאַר פאַרשיקטע און אין מאַנכע פאַלן אויך פאַר אַרעסטירטע אין די רוסישע טורמעס. איסיי אייזנ־שטאַט (יודין), ליובאַ לעווינסאָן־אייזנשטאַט, שמואל גאָזשאַנסקי קאָי־גען, ווינאָקור און אייניקע אַנדערע האָבן פון צייט צו צייט באַקומען אַ געוויסע מאַטעריעלע הילף אין זייערע פאַרשיקונגס־ערטער די־רעקט פון אַמעריקע. די זאָרג פאַר פאַרשיקטע האָט געפירט אין אַמע־ריקע צו דער גרינדונג פון „רעוואָלוציאָנערן רויטן קרייץ״, וואָס האָט, מיט פאַרשידענע צייטווייליקע איבעררייסן, עקזיסטירט יאָרן־לאַנג און געטאָן נוצלעכע אַרבעט. מיט אַ באַזונדערער וואַרעמקייט האָט זיך מיט

דער אַרבעט פאַרנומען ליעסין אין די ערשטע יאָרן פון זיין אַמעריקאַנער לעבן. הילף פאַר די פאַרשיקטע אין סיביר איז אין אַמעריקע געווען זייער פּאָפּולער אויך אין ניט־יידישע עמיגראַנטישע קרייזן אַדאַנק די בי־כער פון דזשאָרדזש קענאַן, וואו ער האָט באַשריבן זיינע באַגעגענישן מיט רוסישע רעוואָלוציאָנערן בשעת זיינע רייזעס אין סיביר.

***

פאַר אָרגאַניזאַציאָנעלע צוועקן האָט דער „בונד", ווי ווייט איך ווייס, ביז אַרום 1900 קיין הילף פון אַמעריקע ניט באַקומען. דאָס געלט, וואָס פלעגט דאָ סוף אַכציקער און אין די ניינציקער יאָרן געזאַמלט ווערן פאַר דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, באַזונדערס די פאַר יענער צייט גאַנץ באַדייטנדע הכנסה פון טראַדיציאָנעלן ניו־יאָרקער ניי־יאָר־באַל, פלעגט אָפּגעשיקט ווערן צו דער רוסישער גרופּע „באַפרייאונג פון דער אַרבעט" אין דער שווייץ (פלעכאַנאָוו, אַקסעלראָד, זאַסוליטש). יענע גרופּע האָט דאָ געהאַט זייער חשובע און איינפלוס־רייכע פאַרשטייער: ד"ר אינגערמאַן און זיין פרוי. אַ דאַנק דער הילף פון אַמעריקע האָט די גרופּע „באַפר. פ. ד. אַרב." געקאָנט אַרויסגעבן אָנהויב די ניינציקער יאָרן די זאַמלביכער „סאָציאַל־דעמאָקראַט" און אייניקע אַנדערע שריפטן, וואָס האָבן געהאַט פאַרן רוסישן מאַרקסיס־טישן געדאַנק די גרעסטע באַדייטונג. סוף ניינציקער יאָרן, ווען די באַוועגונג אין רוסלאַנד באַקומט אַלץ מער און מער אַ מאַסן־כאַראַקטער, נויטיקן זיך די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס הויפּטזעכלעך אין פּאָפּולערע, לייכט געשריבענע אַגיטאַציע־און פּראָפּאַגאַנדע־בראָשורן צו פאַר־שפּרייטן אין דער מאַסע; אין די ערנסטערע טעאָרעטישע שריפטן פון דער גרופּע פלעכאַנאָוו־אַקסעלראָד נויטיקן זיך נאָר יחידים פון דער אינטעליגענץ. אויף דעם באָדן אַנטשטייט אַ קאָנפליקט צווישן דער גרופּע פלעכאַנאָוו און דעם „פאַרבאַנד פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָ־קראַטן אין אויסלאַנד", וועלכער האָט זיך פאַרנומען צו יענער צייט אויסשליסלעך מיט אַרויסגעבן פּאָפּולערע בראָשורן פאַר דער מאַסע און האָט זיך צו דעם צוועק שטאַרק גענויטיקט אין געלט־מיטלען. דער קאַמף צווישן דער „גרופּע" און דעם „פאַרבאַנד" — אויפן פּאַרטיי־

לשון: צווישן די אַלטע און די ייִנגע — האָט זיך אָבער קודם־כל געפירט אַרום דער ריכטונג פון „פאַרבאַנד“, וועלכער האָט אין זיינע אויסגאַבן געזינדיקט קעגן דעם אָרטאָדאָקסאַלן מאַרקסיזם און האָט אָפטמאָל פאַרשפּרייט די אַפּיקורסישע אידייען פון בערנשטיינס „רע־וויזיאָניזם“. עס מוז דערביי באַמערקט ווערן, אַז בערנשטיינס „רעווי־זיאָניזם“ האָט מען בכלל שלעכט פאַרשטאַנען, באַזונדערס אין די רו־סישע קרייזן. איך ווייס ניט, צי ס׳איז אמת, אַז מאַרקס זאָל האָבן וועגן זיך געזאָגט, אַז ער איז ניט קיין מאַרקסיסט. איך ווייס אָבער פּאָזיטיוו, אַז בערנשטיין פלעגט אויסנוצן יעדע פּאַסנדע געלעגנהייט צו דער־קלערן, אַז ער איז ניט קיין בערנשטייאַנער און אַז ספּעציעל אין רוס־לאַנד האָט מען זיינע געדאַנקען אויסגעטייטשט גאַנץ פאַלש.

דער מיינונגס־קאַמף צווישן די „אַלטע“ און די „ייִנגע“ האָט זיך אַריבערגעטראָגן אָנהויב 1900 אויך אַהער. די היגע „ייִנגע“ האָבן געפאָדערט, אַז אַ טייל פון די געזאַמלטע אַמעריקאַנער דאָלאַרן זאָל געשיקט ווערן צום „פאַרבאַנד“. צי מען איז מסכים מיט אים, צי ניט — ס׳איז אַ פאַקט, אַז ער טוט אַ גרויסע אַרבעט און ווערט אָנערקענט פון אַלע גרויסע אָרגאַניזאַציעס אין רוסלאַנד (פּעטערבורג, קיעוו, יע־קאַטערינאָסלאַוו, אָדעס א״אַנד און אויך פון „בונד“).

דער ענערגישסטער פאַרטיידיקער פון די אינטערעסן פון „פאַר־באַנד“ איז געווען אברהם קיסין, אַ פּיאָנער פון „בונד“ אין מאָהילעוו און האָמעל, איינגעוואַנדערט אין אַמעריקע אין 1899. קיסין האָט אידעאיש דורכאויס ניט געהערט צו די חסידים פון פאַרבאַנד. בעסער ווי אַלע אַנדערע האָט ער אָבער געוואוסט, ווי די אָרגאַניזאַציעס אין רוסלאַנד נויטיקן זיך צו זייער אַרבעט אין די פּאָפּולערע בראָשורקעס, וואָס דער פאַרבאַנד גיט אַרויס — און בלויז דער פאַרבאַנד. — ער האָט אויך געוואוסט, אַז דער „בונד“ איז עס, וואָס פאַרנעמט זיך מיט אַריבערטראַנספּאָרטירן די שריפטן איבערן גרענעץ — אָפטמאָל 40 פּוד מיטאַמאָל, — ריזיקירנדיק דערביי מיט זיינע בעסטע מענטשן, און אַז בלויז דער „בונד“ איז אימשטאַנד דורכצופירן אַזאַ שווערע און ריזיקאַלישע אַרבעט, און אַז די אַרבעט איז פאַרבונדן מיט גאַנץ גרויסע הוצאות. דער מיינונגס־קאַמף האָט דערפירט צו אַ שפּאַלטונג אין

דער ניו־יאָרקער רוסישער סאָצ. דעמ. אָרגאַניזאַציע. קיסין האָט די שפּאַלטונג ניט געוואָלט און האָט זי שטאַרק באַדויערט.

דער אויסלענדישער קאָמיטעט פון „בונד" (צו יענער צייט: אַר־קאַדי קרעמער, קאָסאָווסקי, דזשאָן מילל און קאָפּעלזאָן) איז אָפּיציעל געווען אויף דער זייט פון „פאַרבאַנד". ער האָט זיך געמוזט רעכענען מיט דעם פאַקט, וואָס דער „פאַרבאַנד" איז אין אויסלאַנד דער איינ־ציקער לעגאַלער פאָרשטייער פון דער רוסלענדער סאָצ. דעמ. פּאַרטיי. פון אויסל. קאָמיטעט איז בלויז איינער, קאָפּעלזאָן, געווען אויך אידעאיש אויף דער זייט פון „פאַרבאַנד". פונקט ווי קיסין אין ניו־יאָרק, איז אויך דער אויסלענדישער קאָמיטעט פון „בונד" (צו יענער צייט אין דער שווייץ) אין דער שפּאַלטונג ניט שולדיק געווען.

דעם לעצטן שייטל האָלץ צום שייטער האָט צוגעוואָרפן פון דער וויטער שווייץ גראָד איינער פון די איידלסטע מענטשן אין דער רו־סישער סאָצ. באַוועגונג — פּאַוועל אַקסעלראָד. אין אַ בריוו צו די אָנהענגער פון די „אַלטע" האָט ער געמאַכט חוזק פון די „העלדן פון מינסק און באָברויסק" — פון די יינגע עמיגראַנטן פון תחום, וואָס אונטערשטיצן דעם „פאַרבאַנד". און אָט דער אומגליקלעכער בריוו איז דערגאַנגען צו מענטשן, וואָס זיינען אין דער אמתן געווען העלדן פון דער באַוועגונג אין אַזעלכע שטעט ווי מינסק און באָברויסק און אַפילו אין די ביידע שטעט גופא! די שפּאַלטונג איז אין יענער פאַר־ביטערונג געוואָרן אַ געשעענער פאַקט.

צו וועלכע אומגליקלעכע רעזולטאַטן יענע שפּאַלטונג האָט דער־פירט, איז קלאָר געוואָרן ערשט מיט יאָרן שפּעטער. ווען די היגע „יינגע" האָבן זיך עטאַבלירט ווי אַ באַזונדערע גרופּע, האָבן זיי זיך געגנויטיקט אין אַ לאָקאַל, אין אַ ספּעציעלן טרעף־פּונקט, וואו אָפּצו־האַלטן פון צייט צו צייט אַ באַראַטונג, פון וואַנען צו פאַרשפּרייטן די אויסגאַבן פון „פאַרבאַנד", זיך דערוויסן נייעס אאַז"וו. האָט זיך פּלוצ־לונג דערקלערט צו די „יינגע" אין ליבע דער שפּעטער טרויעריק באַרימט געוואָרענער עוואַלענקאָ. ער, הייסט עס, סימפּאַטיזירט מיט זיי און איז גרייט זיי צו דינען מיט זיין לאָקאַל, און אַ לאָקאַל האָט ער געהאַט אַן אויסגעצייכנטן — אַ ביכער־געשעפט און אַ פאַרלאַג. איז

זיין לאָקאַל געוואָרן דער טרעף־פּונקט פון די „יינגע״, זייער אַדרעס אויף בריוו — אויך פון רוסלאַנד — און קיין סודות האָבן זיי פאַר עוואלענקאַ ניט געהאַט. אין 1909 איז באַוואוסט געוואָרן, אַז עוואלענקאַ איז געווען אַ געהיימער אַגענט פון דער אָכראַנע. זיין פּראָוואָקאַטאָרישע אַרבעט האָט ער געפירט אין אַמעריקע יאָרן־לאַנג; די פאַרבינדונג מיט די יינגע האָט ער, פאַרשטייט זיך, אויסגענוצט פאַר דער אָכראַנע.

קיסין איז סוף 1900 אָפּגעפאָרן צוריק קיין רוסלאַנד. דאָס לעבן אין אַמעריקע האָט אים ניט באַפרידיקט. אויף מערערע מאָנאַטן האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אין בערלין, וואו ער האָט געהאַט צוויי אַלטע גוטע פריינד: גורעוויטשן און דעם שרייבער פון די שורות. אויסער אונזביידן האָט קיסין דעמאָלט געהאַט אין בערלין אַ ריי אַנדערע פריינד פון זיינע יינגערע יאָרן, און עס האָט זיך געהאַט באַשאַפן אַרום אונז אַ דאַנק זיין קומען אַ גאַנצע האַמעל־מאַהילעווער „לאַנדסמאַנ־שאַפט״. אייניקע פון זיי זיינען ווערט דערמאָנט צו ווערן: דער שפּע־טער באַרימטער ברוך סטאָלפּנער; קאַרפּאָוויטש, וואָס איז אין יענע טעג (פעבר. 1901) אומדערוואַרטעט אָפּגעפאָרן אין פּעטערבורג און דאָרטן דערשאָסן דעם בילדונגס־מיניסטער באָגאָלעפּאָוו; ד״ר הור־וויטש, שפּעטער, מיטאַרבעטער פון „פריינד״ א״ב „אַ סוחר״; נ. סיר־קין; ליסיאַנסקאַיאַ, אַ שוועסטער פון דעם געהאַנגענעם יינגן קיעווער נאַראָדאָוואָליעץ; מאַרוסיאַ פּיקער, אַ שוועסטער פון מאַרטינאָוון; כּאַנזשי, שפּעטער דער טעאָרעטיקער פון די רוסישע אַנאַרכיסטן; הלל קאַץ; אַדאָלף און יודע גראָסמאַן; עזא ליפּשיץ, זומער 1903 געשטאָרבן אין פּיעטרקאָווער טורמע; וואָלף שאַליט און ליובאַ יוזע־פאָוויטש — זיי ביידע זיינען פון גאַנצן עולם געווען די פריילעכסטע און די סימפּאַטישסטע. נאָך זיין אָנקומען אין רוסלאַנד האָט קיסין זיך באַזעצט אין ווילנע און איז געווען איינער פון די פאַרוואַלטערס פון סירקינס בוכהאַנדלונג. דעם 18טן אָקטאָבער 1905 איז ער דערשאָסן געוואָרן אין ווילנע בעת דער גרויסער דעמאָנסטראַציע צוליב דעם צאַרישן קאָנסטיטוציע־מאַניפעסט פון 17טן אָקטאָבער.

נאָך קיסינס אָפּפאָרן פון אַמעריקע קומט קיין ניו־יאָרק, אויך פון האָמעל, איסיי גאָלאָוטשינער, אַן אינזשינער מיט אַ גרויסער ביל־

דונג. די אַרבעט, וואָס גאַלאָוטשינער האָט דורכגעפירט אין אַמעריקע פאַרן „בונד", איז ניט צו באַשרייבן. ער האָט אַרויסגעוויזן אין זיין אַרבעט אַן איבערמענטשלעכן כוח. אַ דאַנק זיינע אָרגאַניזאַציאָנעלע פעאיקייטן און זיין זעלטענעם כאַראַקטער איז דער „בונד" דאָ געוואָרן אומגעהויער פאָפּולער. ער איז געווען דער גרינדער פון „צענטראַל־פאַרבאַנד פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע", דער איניציאַטאָר פון אַ גרויסער צאָל לאַנדסמאַנשאַפטן און ברענטשעס פון אַרבעטער־רינג, וואָס זיינען אין זייערע ערשטע יאָרן געווען ריין־בונדישע אָרגאַניזאַציעס. די גרויסע הילף, וואָס דער „בונד" האָט באַקומען פון אַמעריקע אין 1903 און באַזונדערס אין 1905, איז געווען אַ רעזולטאַט פון דער אומדערמידלעכער אַרבעט און דער זעלטענער זויבערקייט פון אונזער געטרייען חבר „אייבערעמס", ווי מען האָט דאָ גערופן גאַלאָוטשינערן.

נאָך דער אָקטאָבער־אַמנעסטיע פון 1905 האָט ער זיך שטאַרק פאַרבענקט אַהיים, קיין רוסלאַנד, און האָט געפאָדערט, אַז אויף זיין אָרט זאָל געשיקט ווערן אַהער אַ שטענדיקער דעלעגאַט פון „בונד". געשיקט איז געוואָרן אַהער גורעוויטש, וועלכער האָט שוין דאָ אָפּגעלעבט זיין גאַנץ לעבן (געשטאָרבן אין נאָוועמבער 1944). גאַלאוטשינער איז זומער 1906 צוריקגעפאָרן קיין רוסלאַנד; וועגן זיין ווייטערדיקן לעבן איז מיר ליידער גאָרניט באַקאַנט.

***

פון קיסינען און גאַלאָוטשינערן ציט זיך די גילדענע קייט ביז וולאַדעקן, און דאַן, אים צו לענגערע יאָר, ביז כאַנינען.

חבר כאַנין איז אַ יורש פון פּיאָנערן, מיט וועלכע ער מעג זיין שטאָלץ. די אַרבעט פאַר דער יידישער סאַצ. באַוועגונג אויף יענער זייט ים — פאַר דער ווילנער פּיאָנערן־גרופּע, וואָס האָט נאָך אין 1886 אָרגאַניזירט די ערשטע סטרייק־קאַסעס, פאַר די גרופּעס „יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן" אין ווילנע, מינסק, גראָדנע, קאָוונע א"אַנד, וואָס האָבן זיך אין 1897 פאַראייניקט און זיך אַ נאָמען געגעבן „בונד" — אַט די אַרבעט האָט זיך דאָ אָנגעהויבן מיט 60 יאָר צוריק, פּונקט דאַן,

ווען ח׳ כאַנין איז געבוירן געוואָרן. באַשיידן איז געווען די הילף אין ווייטן אָנהויב: אַן אויסשניט פון דער פּרעסע, שפּעטער הילף פאַר די פאַרשיקטע און אַרעסטירטע; אין די יאָרן פון שטורמדיקן באַרג־אַרויף — פאַרן זעלבסטשוץ קעגן פּאָגראָמען, אין 1905 — פאַרן רעוואָלוציאָנערן מאַסן־קאַמף קעגן צאַריזם. דער „בונד" האָט כפל כפלים צוריקגעצאָלט פאַר דער הילף: אויף וויפיל עס איז געווען און איז דאָ אַ יידישער סאָציאַליסטישער באַוואוסטזיין אין אַמעריקע, איז עס די אויסווירקונג פון „בונד".

60 יאָר — און קיינמאָל האָט זיך דער „בונד" ניט אַזוי גענויטיקט אין ברידערלעכער זאָרג און הילף ווי איצט. די גילדענע קייט טאָר ניט איבערגעריסן ווערן. דאָס לעצטע רינגעלע פון דער אַלטער גילדענער קייט איז פאַרבונדן אין דער ערשטער ריי מיטן נאָמען כאַנין. דער „בונד" אין פּוילן, וואָס זיין טאָג־טעגלעכע אַרבעט איז אַן אומאויפהערלעכער העראָאיזם; דער בונדישער „פאַרבאַנד" אין פראַנקרייך, די בונדישע אָרגאַניזאַציע אין בעלגיע — זייער אַמעריקאַנער אַדרעסאַט איז אין דער ערשטער ריי ח׳ כאַנין. ווינטשן מיר חבר כאַנינען, ער זאָל נאָך אַ סך אַ סך יאָרן פאַרמאָגן יענעם גייסטיקן כוח, מיט וועלכן עס האָבן זיך דאָ אויפן אַמעריקאַנער באָדן אַזוי וואונדערבאַר אויסגעצייכנט די קיסינס און גאַלאָוטשינערס פון אַלטן דור, וואָס האָבן פאַרשריבן זייערע הערלעכע נעמען אויף די שענסטע בלעטער פון דער כראָניק פון „בונד".

ה. פּופּקאָ

# אין דער אַרבעט פון „ציקאָ"

דאָס יידישע אַמעריקע, וואָס פאַרמאָגט אַזאַ גרויסע צאָל יידישע שרייבער, געזעלשאַפטלעכע טוער, אינטעלעקטואַלן, גרויסע יידישע צייטונגען און אַ היפּשע צאָל זשורנאַלן, האָט ניט אין זיך די דינאַמיק, מיט וועלכער עס האָט זיך אויסגעצייכנט אונזער געזעלשאַפטלעך לעבן אין דער אַלטער, איצט חרובער היים.

אַ סך פון דעם, וואָס מען האָט געשאַפן און דערגרייכט אויפן געביט פון דער יידישער קולטור דאָ אין לאַנד, איז אין אַ גרויסער מאָס סטימולירט געוואָרן דורך דער איניציאַטיוו און עקשנות פון יחידים און גרופּעס, וועלכע טראָגן אין זיך שטענדיק אַ יוגנטלעכן אידעאַליזם. דאָס זיינען די וועטעראַנען פון אַמאָליקן „שטורם און דראַנג"-פּעריאָד פון גרויסן שאַפנדיקן יידישן קיבוץ אין מזרח-אייראָפּע.

אַן אַנגעזעענעם אָרט צווישן די דאָזיקע עקשנים-אידעאַליסטן פאַרנעמט נ. כאַנין.

עס איז ניט קיין צופאַל וואָס נ. כאַנין, איינער פון די אַקטיווסטע טוער פון אַרבעטער-רינג, פון יידישן אַרבעטער-קאָמיטעט און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, האָט זיך געשטעלט בראש פון בילדונגס-דעפּאַרטמענט פון אַרבעטער-רינג און פון דער צענטראַלער יידישער קולטור-אָרגאַניזאַציע „ציקאָ" — צוויי צענטרען, וואָס דאַרפן באַפרידיקן די קולטור-נויטן פון די יידישע מאַסן אין אַמעריקע.

די יידישע קולטור קען נישט עקזיסטירן אָן אַ המשך. די יידישע שול דאַרף ממשיך זיין דאָס יידישע לעבן צווישן דער יוגנט און זי טוט עס וואו מיט מער און וואו מיט ווייניקער דערפאָלג. אָבער אויך די דערוואַקסענע בויטיקן זיך אין אַ המשך פון זייערע יידישע קולטור-געוואוינהייטן און גייסטיקער אַנטוויקלונג. זיי בויטיקן זיך אין אַ גוטן יידישן בוך, אין אַן ערנסטער יידישער קולטור-פאַרוויילונג אד"גל.

און דאָס זיינען הויפּטזעכלעך די אויפגאַבן און צילן פון דער

צענטראַלער יידישער קולטור־אָרגאַניזאַציע, „ציקאָ", וואָס נ. כאַנין צוזאַמען מיט אַ צאָל אַנדערע פריינד פון דער יידישער קולטור האָט מיט אַ יאָר 8 צוריק געהאָלפן גרינדן. ער שטייט בראש פון איר די גאַנצע צייט אַלס איר פאָרזיצער.

פאַר דער צייט האָט די „ציקאָ" אַנטוויקלט אַ באַדייטנדיקע אַקטיוויטעט אויף אַ ריי געביטן פון יידישער קולטור־אַרבעט. די פאַרגאַנגענע 8 יאָר זיינען ווייט ניט געווען קיין גינסטיקע צייט פאַרן אויפשוואונג פון יידישער קולטור־אַרבעט. אין אַנבליק פון דעם מורא־דיקן חורבן און פאַרוויסטונג, וואָס די גרויסע וועלט־קאַטאַסטראָפע האָט מיט זיך געבראַכט, באַזונדערס פאַר אונזער פאָלק, איז גאַנץ שווער געווען ניט באַהערשט צו ווערן פון אַפּאַטיע און יאוש. „צוליב וואָס ? פאַר וועמען ?", האָט ניט איינער פון די טוער גאַנץ אָפט אין פאַרצווייפלונג געטראַכט.

אַלס פאָרזיצער פון „ציקאָ" איז נ. כאַנין שטענדיק געווען צווישן די, וועלכע האָבן קיינמאָל ניט אַראָפּגעלאָזט די הענט. מיט זיין אָפּ־טימיזם און פּראַקטישן חוש האָט ער גאָר אַ סך צוגעהאָלפן צו דעם, וואָס די „ציקאָ" האָט אין די טראַגישע יאָרן פון אומקום ניט אויפ־געגעבן איר אַרבעט.

געגרינדעט לכתחילה אַלס קערפּערשאַפט, וועלכע דאַרף פּאַראיי־ניקן און קאָאָרדינירן די קולטור־טעטיקייטן פון אָרגאַניזאַציעס און יחידים, וואָס פאַרטרעטן פאַרשידענע ריכטונגען אין יידישן געזעל־שאַפטלעכן לעבן, האָט די „ציקאָ" אונטער דער אָנפירונג פון נ. כאַנין צוגעצויגן צו דער גרויסער קולטור־אַרבעט פּראָמינענטע פאַרשטייער פון דער יידישער ליטעראַטור, פּרעסע און געזעלשאַפטלעכקייט.

אַ דאַנק אָט די קרעפטן האָט זיך דער „ציקאָ" איינגעגעבן צו אַנטוויקלען אַ פאַרצווייגטע טעטיקייט אויף אַ ריי וויכטיקע קולטור־געביטן.

מיר וועלן דאָ דערמאָנען אייניקע פון זיי:

די טראַגישע געשעענישן אין אייראָפּע האָבן איבערגעריסן די אַרבעט פון אַ סך יידישע קולטור־אינסטיטוציעס, צווישן זיי אויך די אַרבעט פון דעם דובנאָוו־פאָנד, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אין פּאַריז די אַלגעמיינע ענציקלאָפּעדיע אין יידיש.

ווען די רעדאַקציע־מיטגלידער און אַ טייל מיטאַרבעטער פון דער ענציקלאָפּעדיע זיינען נאָך דער אָקופּאַציע פון פראַנקרייך גע־קומען קיין אַמעריקע, איז עס געווען אַ וויכטיקער אויפטו פון דער „ציקאָ״ און די געזעלשאַפטלעכע כוחות, וואָס גרופּירן זיך אַרום איר, איבערצונעמען די אַרבעט און פאָרטזעצן דאָס אַרויסגעבן די ווייטערדיקע בענד פון דער גרויסער פאָלקס־אויסגאַבע — די ערשטע ענציקלאָפּעדיע אין יידיש. שוין דאָ אין ניו־יאָרק זיינען איבערגעדרוקט געוואָרן אין אַ צווייטער אויפלאַגע די פריער־דערשינענע בענד: יידן א. און ב. עס איז אַרויס אַ נייער באַנד יידן ג. און אַ ווייטערדיקער באַנד פון דער אַלגעמיינער ענציקלאָפּעדיע. לעצטנס איז דערשינען דער ערשטער באַנד („יידן״) אין ענגליש.

דער חודש־זשורנאַל „צוקונפט״, איינע פון די עלטסטע און ערנ־סטע יידישע פּעריאָדישע צייטשריפטן, איז ביזן יאָר 1940 אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דער „פאָרווערטס״־אַסאָסיאיישאָן. צוליב פינאַנציעלע שוועריקייטן האָט דער „פאָרווערטס״ באַשלאָסן אויפצוגעבן דעם זשורנאַל „צוקונפט״. דאָס איז געווען אַ גרויסער קלאַפּ פאַר דער יידי־שער פאָלקס־אינטעליגענץ און פאַר אונזער קולטור־באַוועגונג, וואָס האָט זיך אין אַזאַ זשורנאַל גענויטיקט.

עס איז געווען נ. כאַנינס איניציאַטיוו, אַז די „ציקאָ״ זאָל דעם זשורנאַל איבערנעמען און ווייטער אַרויסגעבן.

נאָך אַן איבעררייס האָט אויפסניי אָנגעהויבן דערשיינען אין אָקטאָבער 1941 די „צוקונפט״, אַרויסגעגעבן דורך „ציקאָ״.

פון קנאַפּע 2 טויזנט פריערדיקע אַבאָנענטן איז איצט די צאָל אַבאָנענטן דערפירט געוואָרן ביז איבער 10.000 און די צאָל לייענער פון זשורנאַל דערגרייכט אין די צענטליקער טויזנטער.

די „צוקונפט״ ווערט געלייענט ניט בלויז אין אַמעריקע, נאָר אין די פאַרוואָרפנסטע ווינקעלעך איבער דער גאַנצער וועלט.

ביכער־פאַרלאַג. דאָס איז אַ נייער צווייג פון „ציקאָ״־אַרבעט. דאָס ערשטע בוך פון אונזער פאַרלאַג איז דערשינען אין מאַי 1943. ביז איצט זיינען שוין דערשינען קרוב צוויי צענטליק ביכער, וואָס האָבן צוזאַ־מען איבער 6.000 זייטן (200 דרוק־בויגן). איצט ווערט צוגעגרייט

און געפינט זיך שוין אין דרוק אַ פאָלקס־אויסגאַבע פון אַלע ווערק פון אונזער גרויסן קלאַסיקער י. ל. פּרץ.

דורכן ביכער־קלוב ביים פאַרלאַג, דורך דער ביכער־אַגענטור ביי דער „צוקונפט" האָט די „ציקאָ" געשאַפן אַ גרויסן אַפּאַראַט פון פאַר־שפּרייטן יידישע ביכער סיי אין ניו־יאָרק, סיי אין דער גרויסער אַמע־ריקאַנער פּראָווינץ און אויך אין אויסלאַנד.

אַ היפּשע צאָל לייען־קרייזן, באַזונדערס צווישן פרויען־אָרגאַניזאַ־ציעס, זיינען געשאַפן געוואָרן דורך דער „ציקאָ" פרויען־צענטראַלע אין ניו־יאָרק און אין דער פּראָווינץ. די פרויען־קרייזן לייענען יידישע ביכער, דיסקוטירן וועגן זייער אינהאַלט, באַהאַנדלען אויך יידישע קולטור־פּראָבלעמען און לאַדן איין יידישע שרייבער און קולטור־טוער אַלס לעקטאָרן.

עפנטלעכע גרעסערע קולטור־אונטערנעמונגען צו באַצייכענען וויכטיקע דאַטעס אָדער געשעענישן אין דער יידישער ליטעראַטור ווערן סיסטעמאַטיש דורכגעפירט פון „ציקאָ".

אַזוי, למשל, זיינען דורכגעפירט געוואָרן אָוונטן געווידמעט אונזערע קלאַסיקער: מענדעלע, שלום עליכם, י. ל. פּרץ; אַ יהואש־אָוונט (צו דער דערשיינונג פון דער תנ"ך־איבערזעצונג), א. רייזען־אָוונט אאַז"וו.

אַ ריי וויכטיקע אויפגאַבן שטייען פאַר דער יידישער קולטור־באַוועגונג, וואָס זיינען ווייט נאָך ניט פאַרענטפערט. ניט אַלץ, וואָס די „ציקאָ" האָט פאַר דער צייט פון איר עקזיסטענץ פאָרגענומען, איז איר געלונגען דורכצופירן, אָבער אַ סך איז דערגרייכט געוואָרן.

אונזער בעל־יובל מעג האָבן די באַפרידיקונג, וואָס אין די דאָזיקע דערגרייכונגען האָט ער צוגעטראָגן אין אַ היפּשער מאָס אויך זיין חלק.

אין די שווערסטע צייטן, ווען עס האָט זיך געדוכט, אַז מיט דעם גרויסן אומגליק פון אייראָפּעאישן יידנטום גייט אַלץ אונטער, האָט די „ציקאָ" שטענדיק געהאַט אַ דערמוטיקונג און אַן אָנשפּאַר אין דעם אָפּטימיסט נ. כאַנין. אַפילו אין די קאָשמאַר־יאָרן האָט ער ניט פאַרלוירן דעם גלויבן, אַז די פינצטערע כוחות וועלן באַזיגט ווערן, אַז עס וועט שלאָגן די צייט אויך פאַר דעם ווידעראויפבוי פון דער יידישער קולטור אומעטום, וואו ס'וועלן זיין יידישע פאָלקס־מענטשן.

# באַגריסונג פון אב. קאַהאַן

פון טיפסטן הארצן באַגריס איך גענאָסע כאַנינען און ווינטש אים צו לעבן נאָך א סך, א סך יאָרן, צו לעבן און צו זיין נוצלעך פאַר אונזער באַוועגונג און פאַר דעם „פאָרווערטס”, אזוי ווי ער איז שטענדיק געווען.

גענאָסע כאַנין רופט ארויס רעספעקט און ליבע ביי אַלעמען. דאָס האָט ער צו פאַרדאַנקען ערשטנס זיין טרייהייט צו דער באַוועגונג און אירע פאַרשידענע טעטיקייטן, און צווייטנס זיין פערזענלעכקייט, שכל, טאַקט און כאַראַקטער. א סאָציאַליסט איז ער נאָך געווען אין דער היים און ער האָט זיך „דערדינט”, אַז די רוסישע רעגירונג זאָל אים אַרעסטירן און פאַרשיקן אין סיביר אויף אייביק.

שפּעטער איז ער פון דאָרטן אַנטלאָפן און געקומען קיין אַמעריקע. דאָ האָט ער אין א קורצער צייט גענומען ציען די אויפמערקזאַמקייט אין אונזער באַוועגונג. אין די ערשטע צייטן זיינען געווען פּונקטן, אין וועלכע מיר זיינען ניט געווען איינפאַרשטאַנען מיט אים, אָבער זיין גרויסער ווערט פאַר אונזער באַוועגונג איז אונז טראָץ דעם געווען קלאָר.

עס זיינען פאָרגעקומען פאַרשידענע פּאַסירונגען און אונזער באַוועגונג האָט דורכגעמאַכט פאַרשידענע דערפאַרונגען. וואָס ווייטער איז כאַנין געוואָרן אונז אַלעמען אַלץ ליבער און טייערער. ער איז געוואַקסן אין זיין גייסטיקער אַנטוויקלונג. ער איז שוין לאַנג איינער פון די, וואָס שטייען אין שפּיץ פון אונזער פּאַרטיי און פון אַרבעטער־רינג.

איך באַגריס אים נאָך אַמאָל פון טיפסטן הארצן און איך ווינטש אים לאַנגע, לאַנגע יאָרן פון טעטיקייטן, מיט וועלכע ער האָט זיך באַליבט געמאַכט ביי יעדן פון אונז.

**אב. קאַהאַן.**

---

ליבער כאַנין:

אַלס א פּערזאָן און אַלס אַן „אינסטיטוציע” פאַרנעמט כאַנין איינעם פון די שענסטע, וויכטיקסטע און ליכטיקסטע פּלעצער אין דעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין אַמעריקע. איך ווינטש, אַז נאָך לאַנגע יאָר זאָל אָט דער דורך אייך פאַרנומענער אָרט זיין דער צוציאונגס־פּונקט פון אַלעמענס סימפּאַטיעס און פריינדשאַפט.

איך נעם אייך אַרום מיט גרויס וואַרימקייט און מיט מיין גאַנצן הארצן.

אייער
**דזשאָן מילל**

## באַגריסונג פון לעאָן בלום

חבר נ. כאַנין
ניו־יאָרק.
מיין טייערער פריינד:

פאַר מיר איז אַ מאַן פון 60 נאָך גאָר אַ יונגער מאַן — איך פיל זיך אַזוי פיל עלטער... איך ווינטש אייך, איך זאָלט זיין אימשטאַנד צו פאַרלענגערן אייער יונגטלעכקייט וואָס לענגער. נאָך אַ סך־סך יאָרן. איך האָב זיך מיט אייך באַגעגנט אין פּאַריז און אין ניו־יאָרק, און ביי ביידע געלעגנהייטן בין איך געווען ביזן טיפסטן גערירט פון דער וואַרעמקייט פון אייער פריינדשאַפט. איך בעט אייך מיר צו גלייבן, אַז די דאָזיקע פריינדשאַפט איז אַ קעגנזייטיקע.

איך נעם אייך אַרום

אייער

לעאָן בלום.

Je vous disais, si j'ai bonne mémoire, que pour moi les hommes de 60 ans sont encore de très jeunes gens tant je me sens leur aîné et que tout ce que je pouvais vous souhaiter, c'était de prolonger le plus longtemps possible cette jeunesse. J'ajoutais qu'à New York comme à Paris j'avais été touché jusqu'au fond de moi-même par la chaleur de votre amitié et que je vous demande de croire que cette amitié est réciproque.

Sur quoi, je vous embrasse tout bonnement.

Léon Blum

Léon Blum

דער אָריגינאַל פון לעאָן בלומס באַגריסונג

## אַ בריוו צו אַ פריינד

ליבער פריינד כאַנין:

פון דיין דרייסיק יאָר, וואָס איך קען דיך, שווימען אַדורך פאַר מיינע אויגן אַ ריי זאַכן, וואָס האָבן מיך די גאַנצע צייט שטאַרק געבונדן צו דיר, און איצט נאָך מער. איך געדענק די טעג אין 1920 —

1921 ווען אונזער באַוועגונג איז באַפאַלן געוואָרן פון אַלע זייטן; עס האָט אויסגעזען, אַז מיר ווערן דערשלאָגן פון די אַטאַקעס, וואָס זייבען אויף אונז געמאַכט געוואָרן. איך בין דעמאָלט געווען אין פוילן, אין וואַרשע, געאַרבעט פאַרן האַיאַס. מיט וויפיל פרייד איך האָב איבער־געלייענט ווי מוטיק דאָס הייפל „פאַרווערטסיסטן" האָט זיך געשטעלט אַנטקעגן דעם אָנגריף, און איך געדענק ווי שטאַרק דו האָסט זיך דע־מאָלט באַטייליקט אין דעם קאַמף. עס קומען מיר פאַר די אויגן די ווייטערדיקע יאָרן ווען קעגן אונז איז געפירט געוואָרן אָנגריף נאָך אָנגריף, ווען אונזערע שונאים האָבן פריער זיך גענומען צום אַרבע־טער־רינג, נאָכדעם צו די יוניאָנס און די גאַנצע צייט צום „פאָר־ווערטס". און דו כאַבין האָסט אין די אַלע קאַמפן אַרויסגעוויזן אַזוי פיל מוט, לאָיאַליטעט און איבערגעגעבנקייט צו אונזער זאַך.

אַמנאָנטסטן זייגען מיר באַקאַנט געוואָרן אין די לעצטע אַכט יאָר אין די רייען פון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט — דו אַלס דער פאָרזיצער פון אַדמיניסטראַטיוון קאָמיטעט, איך אַלס דער אַלגעמיינער פאָרזיצער. דאָ האָבן מיר אויך געהאַט אויסצושטיין אַ סך אַטאַקעס. איך וויל דאָ אָפּגעבן אַן עפנטלעכע אָנערקענונג פאַר דיין פירערשאַפט אין דער פאַרצווייגטער אַרבעט פון אונזער קאָמיטעט, אין די זייער דעליקאַטע פראַגן פון אונזער באַציאונג צו די פאַרשידענע גרופּן, וואָס שטעלן אים צוזאַמען.

דו האָסט באַוויזן, אַז דיין כוח באַשטייט אין טרייקייט צו דיין אידעאַל, אין ניט לאָזן זיך בינדן די הענט מיט דאָגמעס. דאָס גיט דיר אַ מעגלעכקייט צו האָבן אַ ריכטיקע באַציונג צו מענטשן און צו אונזער באַוועגונג. איך האָב אַלע מאָל געזוכט אַ געלעגנהייט דיר דאָס צו זאָגן און עס פרייט מיך דאָס צו טאָן אין דער צייט, ווען מען פייערט דיין זעכציק־יאָריקן געבורטסטאָג. אין נאָמען פון יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט און אין אייגענעם נאָמען וויל איך דיר ווינטשן נאָך אַ סך יאָרן פון פרוכטבאַרער טעטיקייט.

דיין פריינד

אַדאָלף העלד

די ברידערלעכסטע גרוסן

פאַר דעם טרייען, אומדערמידלעכן

אַרבעטער־קעמפער

נ. כאַנין

צו זיין 60־יאָריקן יובל

•

INTERNATIONAL LADIES GARMENT
WORKERS' UNION

D. DUBINSKY, *President*

אונזער וואַרעמסטע וואונטשן

צום יובילאַר

# נ. כאַנין

אַן אומדערשראָקענער קעמפער פאַר דער אַרבעטער-זאַך
און פאַר פרייהייט, האָט ער פיל בייגעשטייערט צו
דערהויבן דעם מצב פון יידישן אַרבעטס-מענטש.

זאָל ער נאָך לאַנגע יאָרן טאָן זיין נוצלעכע אַרבעט!

•

JOINT BOARD DRESS & WAISTMAKERS'
UNION
I. L. G. W. U., A. F. L.

JULIUS HOCHMAN, *General Manager*
BEN EVRY, *President*
NATHANIEL M. MINKOFF, *Secretary*

# די קלאָוקמאַכער באַגריסן האַרציק

## גענאָסע און פריינד נ. כאַנין

### צו זיין 60־יעריקן יובילעי

נ. כאַנין איז באַקאַנט צו די קלאָוקמאַכער ניט ווייניקער ווי צו די איבעריקע יידישע אַרבעטער. זיי ווייסן פון זיין ברייטער פאַרצווייגטער טעטיקייט אין די אינטערעסן פון די יידישע פאָלקס־מאַסן. נאָך אַלס יינגער מענטש אין צאַרישן רוסלאַנד, האָט פריינד כאַנין געקעמפט קעגן אונטערדריקונג און פאַרפאָלגונג, ניט טראַכטנדיק וועגן דער סכּנה וואָס לויערט אויף אים אין זיין קאַמף פאַר אַ פרייער, דעמאָ־קראַטישער רוסלאַנד.

ביי אונז, אין אַמעריקע, איז כאַנינס נאָמען פאַרבונדן מיט אַלע וויכטיקע געשעענישן אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. די ברייטע מאַסן געפינען אין זיין האַרציקייט צו זיך. ער האָט אַ גרויסן צוטרויען צו זיי, ער גלויבט אין זיי און דינט זיי.

די דזשאָינט באָאַרד פון די קלאָוקמאַכער לאָקאַלס באַגריסט דעם יובילאַר און ווינטשט אים אַ סך יאָרן פון פרוכטבאַרער טעטיקייט פאַר אַלצדינג וואָס איז שיין, אמתדיק און יושרדיק.

## דזשאָינט באָאַרד קלאָוק, סוט, סקוירט און ריפער מאַכערס יוניאָן

לאָקאַלס: 117, 9, 10, 23, 35, 48, 64, 82 און 102

א. ל. ג. וו. י.

ישראל פיינבערג, גענעראַל מענעדזשער
מאָו דיאַמאַנד, פרעזידענט
לואיס ע. לאַנגער, רעקאָרדינג־סעקרעטאַר
מאָריס י. אַשביז, סעקרעטאַר־טרעזשורער

---

איינער פון אונז און תמיד מיט אונז.

שטענדיק יונג און פול אימפעט.

דאָס האַרץ וואַרעם, דער קאָפּ — קלאָר.

זאָל נ. כאַנין אַזוי בלייבן נאָך לאַנגע־לאַנגע יאָרן.

## לאָקאַל 105, אי. ל. ג. וו. יו.

יעקב י. העלער, מענעדזשער

אין נאָמען פֿון אונזער אָרגאַניזאַציע
שיקן מיר איבער דעם יובילאַר
נ. כאַנין
וואַרעמע גרוסן און וואונטשן
פֿאַר ווייטערדיקער פֿרוכטבאַרער
טעטיקייט.

NEW YORK JOINT BOARD
A. C. W. of A.

LOUIS HOLLANDER ANTHONY FROISE
*Co-Managers*
ABRAHAM MILLER, *Secretary-Treasurer*

---

צו נ. כאַנינען
דעם קעמפֿער פֿאַר דער אַרבעטער-זאַך
אונזערע גרוסן

•

DRESSMAKERS' UNION,
LOCAL 22, I. L. G. W. U.
CHAS. S. ZIMMERMAN, *Sec'y-Mgr.*

נ. כאַנינס יובילײ איז אַ יום־טוב
פֿאַר דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג
און מיר באַטייליקן זיך אין אים מיטן
פֿולן האַרצן.

•

CLOAK & SUIT OPERATORS' UNION
Local No. 117, I. L. G. W. U.
R. ZUCKERMAN, *Chairman*
BENJAMIN KAPLAN, *Manager-Secretary*

---

מיטן פֿולן האַרץ באַטייליקן מיר זיך
אין יובילײ־יום־טוב
פֿון פֿאַרדינסטפֿולן אַרבעטער־טוער

נ. כאַנין

•

UNDERGARMENT & NEGLIGEE WORKERS' UNION
Local 62, I. L. G. W. U.
SAMUEL SHORE, *Mgr.*

די בעסטע ברכות צום יובילײ
פון פאַרדינסטפולן אַרבעטער־טוער
נחום כאַנין

CLOAK SKIRT & DRESS PRESSERS UNION
Local 35, I. L. G. W. U.
**J. BRESLAW,** *Manager-Secretary*

---

מיר באַטייליקן זיך אין די פייערונגען
פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג
לכבוד דעם יובילײ פון אַרבעטער־טוער
נ. כאַנין

BELT MAKERS' UNION
Local 40, I. L. G. W. U.
**HENRY SCHWARTZ,** *Mgr.-Sec'y*

---

נאָך לאַנגע יאָרן לעבן, געזונט
און פרוכטבאַרע טעטיקייט פאַר
נ. כאַנין

LOCAL 91, I. L. G. W. U.
**HARRY GREENBERG,** *Mgr.-Sec'y*

---

זאָל נ. כאַנין נאָך אַ סך קענען געבן צושטייער
אין קאַמף פאַר דער פולער באַפרייאונג
פון דער אַרבעטערשאַפט.

KNITGOODS WORKERS' UNION
Local 155, I. L. G. W. U.
**LOUIS NELSON,** *Mgr.-Sec'y*

*Greetings from the*

EASTERN OUT OF TOWN DEPT.
of the I. L. G. W. U.
HARRY WANDER, *General Manager*

*Greetings from*

# NORTHEAST DEPARTMENT
# ILGWU

DAVID GINGOLD, *Director*
Northeast Dept.
Vice-President, ILGWU

The Skirt Makers' Union, Local 23 of the International Ladies' Garment Workers' Union, considers it a privilege to greet N. Chanin on his Jubilee.

We join with you in honoring a man who has devoted the best years of his life to advancing the cause of the labor and socialist movement. We are singularly fortunate that the rare qualities of N. Chanin have been, and we hope for many years will be, at our disposal in the struggle for a workers' world.

N. Chanin was at our side during those trying days when trade unions were striving to establish a foothold in the industrial jungle, so that decent standards and conditions could be wrested from greedy employers. Today, when labor has gained a substantial measure of achievement and influence, we need him more than ever to reassert the ideals and goals upon which our movement was founded.

We have won a battle, but the war is still to be fought. In the years ahead, we must strengthen every arm of labor—political, economic, fraternal and cultural—to usher in the brotherhood of mankind. Champions must come to the fore who will raise high the banners of democracy, freedom, fraternity and justice. Fighters, men unafraid, must lead us against the false prophets of totalitarianism and slavery.

We are grateful for the years of service already rendered by N. Chanin. We are counting on him to help us complete the unfinished tasks still ahead.

LOUIS GORDON, *Chairman*
LOUIS REISS, *Manager*

